ב. גאָרין
(י. גוידא)

# פערגעסענע נגונים

צווייטער באנד.

## אמאָל איז געווען.

פערלאג ב. גאָרין, 77-79 בויערי, ניו יאָרק
1919.

# אינהאַלט:

## דער חדר



## דער בית המדרש

## ט ל ע ר ל י פ

# דער גבור.

## (עראינערונגען פון די חדר'שע יאהרען)

### 1.

גלייך מיט'ן יום טוב סכות איז פערשוואונדען דער שעהנער סוף זומער און די גליקליכע פרייהייט פון בין הזמנים. דער וועטער האט זיך האסטיג געביטען. ווען מיר זיינען מוצאי יום טוב ארויס פון בית המדרש נאכ'ן וואכעדיגען מעריב, האט זיך אין דרויסען געשפירט א פייכטע קעלט. די ערד איז שוין געוועזן נאס, און א קליינער רעגען האט געטריפט. אויפ'ן הארצען איז געוועזן נאך נאסער און קעלטער.

מארגען אין חדר!

אוי, האט זיך נאך דעם לאנגען גליקליכען בין הזמנים ניט געוואלט געהן צוריק אין חדר! די זעקס גליקליכסטע וואכען פון דעם איינגעלס לעבען זיינען ווי א שנירעל איבערגעהאקט געווארען מיט דעם וואכעדיגען מעריב. און דאס קומט עפעס אזוי אונגעריכט. ערשט היינט איז געוועזן דער גלענצענדסטער פינאל פון א גלענצענדען בין הזמנים, ערשט היינט איז געוועזן שמחת תורה. דער הימעל און די ערד האבען זיך שלום געגעבען; אין מארך בלאנקעט נאך ארום דער בעגייסטערדיגער „שישו ושמחו“, די פיס הויבען זיך נאך צום טאנץ, און דא איז שוין מארגען חדר!

דער נייער רבי איז מיר אין גאנצען א פרעמדער. אין דעם גליקליכען טומעל פון דעם גרויסען יום טוב סכות איז אפילו אין זינען ניט געלעגען נאכצופרעגען וועגען איהם ביי זיינע פריהערדיגע תלמידים.

אויף מארגען אין דערפריה האב איך זיך אויפגעהויבען מיט

א פערזונקענעם הארצען, און דער אומעט איז נאך גרעסער גע־ווארען, ווען איך האב א קוק געטאן אין פענסטער.

די שויבען זיינען געווען פערדעקט מיט קליינע דראבנע טראפענס און אין דרויסען האט זיך נאך געזעהן א וואכערינע סארקיים. דער ווינט האט פון צייט צו צייט געריסען די לאדענס און מיט רוגזה געקלאפט זיי אן דער וואנט, אריינגעכאפט זיך דורכ'ן קוימען אין געקרעכצט אזוי יאמערליך, א שמיץ געטאן דעם רעגען אין די פענסטער און די קליינע דראבנע טראפענס האבען זיך אויף א ווייל פערוואנדעלט אין לאנגע פערוויינטע פאסען.

די מאמע האט מיך דעם פריהמארגען צוגעזעהן בעסער, ווי אלע מאל, און ווען נאר מיינע אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט איהרע, האב איך אין זיי בעמערקט אן אויסדרוק פון רחמנות. זי האט אבגעזוכט א גרויסען פיינעם ווייניגען עפעל, וואס איז געבליבען פון יום טוב און צוגערוקט מיר נאכ'ן אנבייסען. זי האט מיר אויך אנגעגרייט מיין ווינטערדיגען מאנטעלע און אליין פערשפילעט די קנעפלאך.

— שטעל אויף דעם קאלנער, האט זי מיר אנגעזאגט, ווען איך האב געעפענט די טהיר צום ארויסגעהן. — פאלג דעם רבי'ן און הער זיך צו, וואס ער זאגט דיר.

איינגעקארטשעט אין דרייען און אויסדרעהענדיג זיך מיט'ן רוקען צום ווינט יעדעס מאל וואס ער האט א שטארקען בלאז געטאן, האב איך זיך געלאזט לויפען אין חדר. ווען דער רעגען האט א שמיץ געטאן אין פנים, האט מיר אויסגעוויזען, אז א הויפען נאסע נעדעלאך האבען זיך מיר טיעף אריינגעשטאכען מיט די שפיצען אין לייב אריין. און ווען די שארפע דראבנע טרא־פענס האבען זיך דורכגעריסען אונטער דעם אויפגעשטעלטען קאלנער, האבען זיי ארויסגערופען בלעזלאך איבער'ן גאנצען רוקען.

די הילצערנע איין־עטאזשיגע הייזער האבען אויסגעזעהן ווי פערוויינטע. זיי זיינען געווען נאס און חושך'דיג. דאס גאנצע לעבען איז פערשוואונדען פון מארק, זעלטען ווען אימיצער איז דורכגעלאפען. נאר געצעהלטע עטליכע סעמערניצעס זיינען גע־

זעסען איינגעוויקעלט מיט פאַטשיילעס און איבערגעדעקט מיט זייערע קאַפּ און פליטשעס פאַר זייערע טישלאַך, מעהר פון יוצא וועגען ווי צוליעב פּרנסה. די סעמערס זיינען געווען פערדעקט מיט אַלטע לייוועגטענע טיכער, נאָר אויף איין סעמער זיינען געלעגען אָפּען עטליכע בערנעס, „אנגעגאָסענע בעכערלאַך" וועמען דער רעגען האָט שוין ניט געקענט שאַדען.

פון מארק האָב איך זיך אַרונטערגענומען צו אַ הינטער געסעל, וואו דער חדר איז געווען. דאָ האָבען די ציגען געשלעפּט דעם סכך פון די סכות און דער ווינט האָט געהאַלטען אין איין רייסען די לייזע ווענטלאַך. עס האָט פון די סכות געבלאָזען מיט אַ וויסטקייט, פוסטקייט און מרה שחורה.

וואָס נעהענטער איך בין צוגעקומען צום חדר, אַלץ מעהר איז מיין הארץ געזונקען. איך האָב זיך געפּיהלט אין דער לאַנגע פון אַן אַרעסטאַנט, וואָס דאַרף אַליין געהן אַבזוכען זיין תּפיסה.

אין חדר האָב איך שוין אַ טהייל תּלמידים געטראָפען, נאָר דער רבי איז נאָך ניט געווען. דער חדר איז געווען אַ גרויסער צימער, מיט אַ לאַנגען טיש נעהענטער צו דער מזרח וואַנט, מיט צוויי לאַנגע ביינק, וואָס האָבען זיך געצויגען איינע פּאַזע מזרח וואַנט און די צווייטע אַנטקעגען איבער פּאַזע טיש. פון דער דריטער זייט טיש איז געשטאַנען אַ שלאָף באַנק און דאָס איז געווען דער אויבען אָן, וואו דער רבי וועט זיצען און פון דער פיערטער זייט איז געווען אַ קליינער בענקעל. ביי דער סאַמע טהיר איז פון איין זייט געווען אַ גרויסער באַק אויווען און עט־וואָס ווייטער אַ שוועדסקע אייוועלע, צווישען וועלכע עס איז געווען אַ טהיר צו אַ קאַמער און נאָך דעם שוועדסקען אייוועלע איז ווידער געווען אַ טהיר צו אַ קאַמער. פון דער צווייטער זייט ביים אַריינגאַנג איז האַרט ביי דער מערב וואַנט געשטאַנען אַ ביינקעל און אויף איהם אַן עמער מיט אַ קופּערנע קענדעל אַרי־בערגעהאַנגען איבער איין אויער און אונטערן ביינקעל איז גע־שטאַנען אַ צעבער. ווייטער איז דאָ געווען אַ פערמאַכטער אַלמער מיט אַביסעל קופּער אויסגעשטעלט פון אויבען און פון דער צוויי־

מער זייט אנטקעגענאיבער א קאמער. אויף דער מזרח וואנט איז געהאנגען א וואנט זייגער.

די תלמידים זיינען פון פערשידענע געסלאך פון שטאדט און אויב מיר האבען געוואוסט, ווער יעדער איז, זיינען מיר אבער געווען פרעמד איינער צום צווייטען. נאר עס האט לאנג ניט געדויערט און מיר זיינען אלע שוין געשטאנען אין א קופקע, און יעדער האט זיך געטטאדעט ארויסצואווייזען, וואס ער קען און מיט וואס ער צייכענט זיך אויס.

די טהיר האט זיך געעפענט און דריי איינגלאך, זיינען אריין מיט אמאל. זיי זיינען אלע געווען פון עק שטאדט, א מהלך פון איבער א ווערסט צום חדר. איינער פון זיי האט גלייך צונעצוינען אונזער אלעמענס אויפמערקזאמקייט. ער איז געווען העכער און ברייטער פון אלעמען אין חדר. ער האט געהאט שטייפע און גוט פערברייטע בעקלאך, געטראגען לאנגע האר ווי א שיגעץ און צווישען אלע אונזערע בלייכע און מאגערע קינדער איז ער געווען א שארפער קאנטראסט. ער האט אויסגעזעהן א גרויסער געזונטער בחור אנטקעגען אונז און אונז איז אויסגעקרכען קאמיש, אז ער זאל געהן אין חדר מיט קליינע איינגלאך. ער, ווי עס האט געשיינט, האט זיך אויך ניט געפיהלט געהויבען דערפון און גלייך ביים אריינקומען האט ער געזוכט צו בעהאלטען זיין בערלעגענהייט דערמיט, וואס ער האט מיט איבריגער ענערגיע גענומען מאכען מיט די הענט און פלייצעס און קאפ אום אבצורטרייסלען פון זיך דעם רעגען, הגם ווען ער איז אריינגעקומען איז זיין מאנטעלע אפילו ניט געווען פערשפילעט. וואס האט אפען געוויזען אז די שלעכטע פאגארע קימערט איהם ניט.

דאס איז געווען נאטקע גרונם דעם בעל העגלה'ס. ער האט זיך געהאלטען לעבען זיינע צוויי חברים און איז פון זיי ניט אפגעטראטען. צווישען זיך האבען זיי זיך איבערגעווארפען מיט ווערטער, נאר ווי עס איז געווען גרינג צו זעהן, האבען זיי זיך שארף צוגעהערט צו דעם, וואס איז פארגעקומען אין אונזער ווינקעל, און אזוי ניך ווי דער שמועס האט זיך ביי אונז בעניית, האט נאטקע א וואונק געטהאן צו זיין חבר ארטשיק, און יענער

איז צו אונז תיכף צוגעגאנגען און אהן שום הקדמות ארויסגעשא־
סען, ווייזענדיג מיט׳ן קאפ אויף נאטקען:

— ער האט אן אייזערנעם רייף.

מיר האבען אלע אנגעקוקט איהם פערוואונדערט און ניט
פערשטאנען וואס ער מיינט.

— א רייף האט ער אן אייזערנעם, האט ארטשיק ווידער־
האלט און געוויזען מיטביידע הענט אויפ׳ן מיטען קערפער ביי
זיך.

איצט האבען מיר זיך דערמאנט, אז ביי א גבור איז דער
סאמע לעצטער ריפ ניט פון ביין נאר פון אייזען און געהט ווי
א רייף איבערן קערפער. אונזער פערוואונדערונג האט זיך גלייך
פערוואנדעלט אין בעוואונדערונג און מיר האבען אלע ארומגע־
רינגעלט נאטקען און געקוקט אויף איהם, ווי ער וואלט צו אינז
ארונטערגעשיקט געווארען גאר פון אן אנדער וועלט.

ארטשיק האט דערזעהן דעם שטארקען רושם, וואס זיינע
ווערטער האבען אויף אונז געמאכט און ער האט מיט התפעלות
זיך אנגערופען:

— ווייז זיי דעם רייף!

נאטקע האט א הויב געטהאן די קאמעזעלקע, ארונטערגענומען
דעם רימען פון די מייטקעס און געלאזט אונז אלעמען טאפען דעם
אונטערסטען ריפ. און מיר האבען זיך אליין ניט געקענט אפגע־
בען א רעכענונג פאר וואס זיינען מיר גלייך איבערצייגט געווארען
אז ער איז פון אייזען און ניט פון ביין.

ביז איצט האט נאטקע געשוויגען, נור איצט האט ער דעם
דבור געפינען און זיך אפגערופען.

— ווער עפענט מיין קולאק?

ער האט געמאכט א געזונטען קולאק און איינער נאכ׳ן אנ־
דערען זיינען מיר געהאנגען איבער איהם, געריסען מיט אלע כחות
און בשום אופן ניט געקענט עפענען. עס האט אפילו ניט געהאלפען
דער טייטשער מיטעל צו רייבען שטארק מיט א זייט פון גראבען
פינגער צווישען צוויי ביינדלאך פון קולאק. זיינע צוויי אדיוטאנ־

טען וואס זיינען געקומען מיט איהם האבען געקוקט מיט שיינענ־דיגע אויגען, וועלכע האבען ווי צו אונז געזאגט:

„איהר זעהט, וועמען מיר האבען געבראכט צו אייך? ער איז אונזערער!"

די בעוואונדערונג, וואס ער האט ביי אונז ארויסגערופען איז איהם שטארק געפעלען געווארען, און ער האט זיך אנטשלאסען צו ווייזען אונז אלץ וואס ער קען. ער האט זיך אנידערגעזעצט אויף א ביינקעל, איינגעצוינגען מיט ביידע הענט די קאלאשע פון די מייטקעס איבער דער פאלקע פאר די קניע און געזאגט קורץ:

— פאטשט!

מיר האבען זיך צונעכאפט מיט חשק צו דער ארבייט און ער האט אלע ווײלע אויסגעשריען:

— טפררררו! בריה זיך ניט אפ!

ער האט אנגעקוואלען, ווען עמיצער פון די פאטשער האט א כאפ געטהאן די האנט צוריק.

— אהא, אפגעבריהט זיך! בלאז! בלאז!

איצט האבען מיר איהם אלע, א חוץ משה'לע הירשעל דעם שרייבערס, ענגער ארומגערינגעלט. איידער גאטקע איז אנגע־קומען איז משה'לע געווען דער גאנצער האהן ביי אונז, און איצט האט ער מיט קנאה צוגעקוקט, ווי גאטקעס פאפולאריטעט וואקסט ביי אונז און אין זיין פלינקען קעפעל האט ער שוין געזוכט פלענער, ווי אזוי ארונטערצואווארפען איהם פון זיין ביינקעל. מיר הא־בען איהם ענגער ארומגערינגעלט, אריינגעקוקט איהם טיעף אין די אויגען און עמיצער האט איהם געפרעגט:

— האסטו קיין מורא ניט פאר א פאסטוך?

א פאסטוך מיט זיין לאנגען בייטש און מיט זיין קודלאטען הונט איז געווען אונזער שרעק, ווען מיר פלעגען זומער אין די פרייע טעג אוועקלאזען זיך אונטערן שטאדט. ווען אפילו דער פאסטוך איז געווען ניט מעהר ווי א צעהן יאהריגער שייגעצעל.

— א פאסטוך! — האט גאטקע געזאגט מיט אזא פאראכ־טונג, אז מיר האבען אהן ווייטערע שאלות פערשטאנען, אז עס

איז פשוט א בעליידיגונג פאר א גבור מיט אן אייזערנעם רייף צו פרעגען איהם, אויב ער האט קיין מורא ניט פאר א פאסטוך.

משה׳לע האט ניט ארויסגעוויזען קיין שום אינטערעס אין דעם שמועס און ער איז צוגעגאנגען צום טיש, וואו עס איז געלע־גען דעם רבינ׳ס חומש, האט פון דארטען ארויסגעשלעפט א האר, וואס דער רבי האט געהאלטען פון זיין בארד און זיך אנגערופען:

— מען דארף זעהן צו דער רבי איז א כעסן.

אלע זיינען גלייך פעראינטערעסירט געווארען און א קעהר געטהאן זיך צו משה׳לען. צו דער רבי איז א כעסן צו ניט, איז געווען א פראגע, וואס האט טיעף נוגע געווען יעדען אינגעל.

— מיר וועלען באלד זעהן, האט משה׳לע געזאגט לאנגזאם, זוכענדיג וואס מעהר אנצוהאלטען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די נייע חברים.

משהלע האט אנגענומען דעם האר מיט צוויי פינגער און מיט צוויי נעגעל פון דער אנדער האנט האט ער איהם א ציה געטהאן. דער האר האט זיך צונויפגעקרייזעלט, ווי א פראפענציהער.

—אי, א כעסן! האבען אלע אויסגעשריען מיט איין קול.

— וועט ער בייסען די פערענע, האט זיך נאטקע אנגערופען.

איצט האט אפילו משה׳לע אויף איהם א קוק געטהאן מיט בעוואונדערונג. נאטקע האט ניט געזאגט, וואס פאר א מיטלען ער וועט ברויכען צו שטילען דעם רבי׳ס כעס. נאר מיר, די שוואכע, די הילפלאזע האבען דערפיהלט, אז מיט נאטקען צווישען אונז וועט דער רבי ניט קענען קיין סך כעסנ׳ען. מאלע וואס א גבור מיט אן אייזערנעם רייף קען טהאן!

און ליידער איז אונזער אמונה אין גבורה גיך פערשוואונ־דען געווארען. נאטקע איז געווען דער ערשטער וואס האט געכאפט א פאטש פון רבי׳ן. עס איז אמת, ער האט תיכף א ווארף געטהאן א בליק אין אונזער זייט, און א וואונק געטהאן מיט איין אויג ווי ער וואלט אונז וועלען זאגען, אז דאס ארט איהם ווי די וואנט. נאר ניט דאס האבען מיר ערווארט פון זיין גבורה.

און געפאלען איז אין אונזערע אויגען דער גבור מיט׳ן אייזערנעם רייף.

# משה׳לע.

מישה׳לע הירשעל רעם שרייבערס האט זיך מיט קיין גבורה ניט נעקענט בעריהמען, נאר רערפאר האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט א פלינקקייט און האט צווישען אונז בעקאנט געמאכט אזעלכע שפיעלס, פון וועלכע מיר האבען פריהער ניט געוואוסט.

פון רער ערשטער מינוט האט ער געזוכט צו זיין רער ראש צווישען אונז. ער איז געוועז רער איינציגער, וואס איז אין חדר געקומען מיט א פאר קאלאשען. ער איז אויך געוועזען ארומגעשארען אנדערס ווי מיר אלע. ער האט קיין פאות ניט געהאט, נאר אין רער זעלבינער צייט איז ער אויך ניט געוועזען ארומגעשארען ווי אן „אכי־וואטניס".

נאטקע רעם גבור׳ס פאפולאריטעט האט איהם ממש ניט גע־לאזט רוהען און אין רער צייט ווען מיר אלע האבען נאר געהאט איין געפיהל פון בעוואונדערונג, איז מישה׳לע געוועזען פערנומען מיט זור־כען שוואכע פונקטען אין זיין קאנקורענט און ווי אזוי איהם אונטער־צושטעלען א פיסעל. ער האט בשום אופן ניט געוואלט אפגעבען די אמביציע צו ווערען אונזער פיהרער.

און ער איז געוועזען רער ערשטער, וואס האט זיך פערטראכט, פאר וואס נאטקע ציהט איין די קאלאשע פוןביירע זייטען איבער רער פאלקע ווען ער באט אז די חברים זיי זאלען דארטען פאטשען און ער איז טאקע געוועזען רער ערשטער, וואס האט דערלאנגט א פאטש ניט דארטען וואו די קאלאשע איז געוועזען איינגעצוינגען, נאר העכער. און ראס האט ארויסגערופען א בייזער פון נאטקען מיט א בעמערקונג:

— פאטש, וואו מען הייסט!

— אז רו ביזט אזא גבור, וואס מאכט דיר אויס, וואו איך באטש?

משה'לע איז אבער ניט געווען דער אינגעל צו ווארטען ביז עד יועט אויסגעפינען דעם סוד, פאר וואָס דעם גבור הארט ניט, ווען מען פאטשט איהם אויף דעם איינגעצויגענעם פלאַץ און פאר וואָס ער ווערט בייז ווען דער פאטש פאלט העכער. ער האָט געדארפט שוין אויף דער הייסער מינוט מיט עפּעס אויסצייכענען זיך, און ער האָט זיך גלייך אנגערופען:

— נאַטקע, ווּעסטו קיין מורא ניט האָבען צו שפּיעלען מיט מיר אין לאַפּקעס?

— מורא? פאר דיר? האָט זיך נאַטקע אנגערופען כמעט מיט פערראכטונג.

— אדרבא, לאָמיר שפּיעלען אין לאַפּקעס.

— וואָס איז לאַפּקעס?

משה'לע האָט איהם געהייסען ארויפלעגען די דלאַניעס אויף זיינע און געזאָגט:

— איך דארף דיר א פּאטש טהאָן אין האנט און דו דארפסט די האנט צוכאַפּען. אזוי גיך, ווי דו פיהלסט אז איך נעהם אַפּ מיין דאליאָן פון דיינעם, כאַפּ אוועק דיין האנט. טרעף איך, דארפסטו ווידער ארויפלייגען. טרעף איך ניט, דארף איך ארויפלעגען מיין דאליאָן אויף דיינעם, און דו דארפסט פאטשען.

נאַטקע האָט א קראַץ געטהאָן דעם קאָפּ און געענטפערט:

— איך וויים ניט, וואָס דאָס איז פאר א שפּיעל.

— דו האָסט מורא! — האָט משה'לע איהם גערייצט.

— פאר וואָס זאָל איך מורא האָבען?

— אָה, איך וועל דיר מאכען א פּאָר בוריקעס.

— נו, נו, זיי זיכער, אז ווען איך וועל דיר א פאטש טהאָן, וועט שוין דאָרטען קיין גראז ניט וואקסען.

— פריהער דארף מען טרעפען. אט זעה, איך לעג ארויף מיי־נע דלאַניעס אויף דיינע און האָב פאר דיר קיין מורא ניט. פּאטש.

נאַטקע האָט א הויב געטהאָן די האנט פערמעסטענדיג זיך פאר א שטארקען פּאטש, נאָר דער פּאטש איז געפאלען אין דער לופט.

— זעהסטו, איך בין ניט ווי דו, — האָט משה'לע גערעדט מיט אזא ווייכקייט, וואָס האָט דערמאָנט די סאמעטענע לאַפּקעס פון

א סאָץ, ווען זי שפּיעלט זיך מיט א מויז. — איך האָב פיינט צו נעהן פון הינטען אַרום. איך וועל דיר זאָגען, וועלכע האַנט איך וועל א פּאַטש טהאָן. היט די לינקע האַנט.

נאָטקע האָט צוגעכאַפּט ביידע הענט.

— ניין, אַזוי שפּיעלט מען ניט. דו טאָרסט ניט צו כאַפּען די הענט. איידער מיין ראַליאָן גיט זיך א ריהר. איצט די רעכטע האַנט!

און גלייך האָט ער איהם א פּאַטש געגעבען אין דער רעכטער האַנט.

— איצט איז די לינקע!

א פּאַטש אין דער לינקער.

— איצט פינף מאָל כסדר די רעכטע.

נאָטקע איז געווען פערשעהמט, וואָס ער ווייזט זיך אַרויס אַזוי אומגעלומפּערט און משה׳לע האָט נאָך איהם געשאָטען זאַלץ אויף די וואונדען. ער האָט ניט אויפגעהערט צו רעדען מיט דער ווייכ־קייט, וואָס האָט געקלונגען ערגער ווי א בעליידיגונג.

— נישקשה, דו זעהסט, די הענטעלאַך ווערען רויט. באַלד, באַלד וועלען זיי שוין זיין ווי בוריקעס. כאַפּ ניט צו די האַנט. איך וועל דיר זאָגען ווען איך וועל דיר א פּאַטש טהאָן.

נאָטקע האָט די אויגען ניט אַרונטערגענומען פון די הענט. נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער געוואָרפען פער׳גנב׳עטע בליקען אויף אונז. און וואָס מעהר ער האָט געזעהן, ווי מיר זיינען אַמוזירט און זיינע צוויי קאַמעראַדען זיינען פערכמורעט, אַלץ מעהר האָט ער זיך פערלאָרען. אויף זיין פּנים האָט זיך געוויזען א נאַרישער שמייכעל און זיין פערברוינטע הויט האָט געקראָגען א נעדריכטערע פאַרב.

ווען ער איז געקומען אַביסעל צו זיך, האָט ער זיך אָנגערופען מיט א קול פון שפּאַס:

— אײ־אײ־אײ, די הענט טהוען מיר שוין וועה! האָב רחמנות און פּאַטש ניט אַזוי שטאַרק.

ווער ווייסט, פיעל דאָס וואָלט געדויערט, ווען אימיצער זאָל ניט אויסשרייען:

— דער רבי געהט!

ביידע, נאָטקע און משה׳לע, האָבען א קוק געטהאָן ניט צו דער

טהיר נאר אויף די חברים און משה'לע האט געזוכט אויסצוגעפינען, אויף פיעל ער איז געשטיגען אין די אויגען פון די חברים און נאטקע — פיעל ער האט פערלארען מיט זיין אונגעלומפערטקייט. דערנאך האט משה'לע א קוק געטהאן אויף נאטקען און יענער אויף איהם. משה'לעס אויגען האבען געהאט א שיין פון נצחון און האבען ווי געזאגט: „דו וועסט שוין ביי מיר אויפ'ן ביינקעל ניט זיצען". און נאטקע, וועלכער האט ערשט געהאט פערזוכט דעם טעם פון פאפולאריטעט, האט בשום אופן ניט געוואלט אפטרעטען דעם ערשטען פלאץ און זיין בליק איז געווען בייז.

נאטקע האט דעם ערשטען טאג ארויסגעוויזען אלץ וואס ער האט געקענט און קיין נייע פארמען פון זיין גבורה האט ער ניט געקענט ווייזען. און משה'לע האט יעדען טאג געהאט עפעס א נייעם אויפטהו. שוין די ערשטע טעג האט ער ביי אונז איינגעפיהרט א שפיעל אין פענעס. ער האט די דאזיגע פענעס געהאט מעהר ווי מיר אלע צוזאמענגענומען. ער האט געהאט „רייפלאך", „לאפאטקעס", „זעקס און אכציגער" און וועלכע פען מען האט נאר אמאל געזעהן ביי אונז אין שטעדטעל און אין דעם נייעם שפיעל האט ער ארויסגעוויזען ניט ווייניגער געניטקייט ווי אין לאפקעס פלינקקייט.

ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואס האט געבראכט אין חדר פאפיראסען אבער דאס איז געווען גארניט אין פערגלייך מיט די ערקלערונגען, וואס ער האט אונז דערביי געגעבען.

— קוקט זיך צו צו דער גילזע. איהר זעהט אותיות? דאס זיינען וואסער אותיות. דאס מאכט „אבאדיע" און קיין בעסערע גילזען פון די איז נאר אין דער וועלט ניטא. דער קיסר רויכערט ניט קיין בעסערע גילזען —

מיר האבען געקוקט אויף די געלע פאפיראסען, אויף די וואסערדיגע אותיות און מעהר פון אלץ בעוואונדערט משה'לען, וועלכער האט דאס אלץ אזוי גוט געוואוסט און גערעדט מיט אזא בקיאות. ביי אונז איז קיין צווייפעל ניט געווען, אז ער ווייסט וואס פאר פאפיראסען דער קיסר רויכערט, און מיר האבען זיך געפיהלט נעגען איהם אזוי קליין, אזוי אונבעדייטענד, אזוי אונוויסענד. געלע

נילזען מיט וואסערדיגע אותיות, וואס מאכען אויס „אבאריע" און וואס דער קיסר אליין רויכערט ניט קיין בעסערע!

און דער טאבאק, וואס נעהמט אריין אין די נילזען!

מיר זיינען קיין מבינים אויף טאבאק ניט געווען. נאר ווען משה'לע האט געבראכט אין חדר א שעהן העסטעלע מיט אן אויסגעהאקטע קיילעכדיגע פענסטערל אין דעקעל מיט עפעס א דורכזיכטיגען פאפיר אנשטאט א שויב און פון דעם דאזיגען דורכזיכטיגען פאפיער האבען מיר דערזעהן א טאבאק געל ווי זאפרען און געשניטען אין דינינקע לעקישעלאך, האבען מיר פערשטאנען, פון וואנען משה'לע ווייסט וואס דער קיסר רויכערט.

נאר דעם גרעסטען פוראר האט משה'לע געמאכט, ווען ער איז איין טאג אריין אין חדר מיט א פערדרויכערטען ציגאר. דאס איז געווען אידער דער רבי איז געקומען און משה'לע איז אריין מיט יענער גדלות, ווי קינדער שטעלען זיך עס פאר.

אן אמת'ער ציגאר וואלט אויף אונז קיין איבעריגען רושם ניט געמאכט. נאך נילזען מיט וואסערדיגע אותיות וואס מאכען אויס „אבאריע" און וואס דער קיסר אליין רויכערט נים קיין בעסערע און נאך א טאבאק ווי זאפרען און געשניטען ווי לאקישען אין א קעסטעלע מיט א קיילעכדיגען פענסטער און דורכזיכטיגען פאפיער, איז א ציגאר נאך נים געווען אזא גרויסער חדוש. אבער משה'לע האט געוואוסט, ווי איבערצוראשען אונז. און גלייך ביי זיין אריינקומען, דאס ער ארויסגענומען דעם ציגאר פון מויל און געזאגט:

— היינטיגען שבת וועט דער טאטע געהן מיט אזא ציגאר אין שוהל!

מיר זיינען אלע געבליבען אהן לשון און געקוקט אויף איהם מיט גרויסע אויגען.

— עס וועט זיין א געלאף, ניט אמת?

זיין טאטע איז געווען א גבאי אין שוהל, נאר ער איז געווען דער שרייבער פון קהל און ווער ווייסט וואס אזא מענש קען זיך פערגינען!

מיר האבען אלע קיין דבור ניט געפונען און דאן האט משה'לע

אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער און האָט צוגעלעגט דעם ברענגענ־דיגען שפּיץ צו זיין באַק.

— דאָס איז אַזאַ צוקערקע! — האָט ער אונז ענדליך ער־קלערט.

אונזער התפּעלות האָט גאָר קיין שיעור ניט געהאַט. יעדער האָט דעם ציגאַר אַ לעק געטהאָן און ניט געקענט זיך אָפּוואונדערען.

משה'לע האָט ווייט אַריבערגעוואָרפען גאַטקען איבער'ן בייג־קעל און די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געווען אין איין חדר, איז כמעט די וואָך ניט אַריבער, אַז ער זאָל ניט אויסגעפינען עפּעס מיט וואָס אונז צו איבערראַשען. און דעם אמת דאַרף מען זאָגען, אַז ער האָט פערשטאַנען, ווי אַזוי צו מאַכען פון די קלענסטע מיטלען דעם שטאַרקסטען עפעקט.

מעהר ווי איין זמן בין איך מיט איהם ניט געווען צוזאַמען און האָב איהם נאָכדעם פערלאָרען פון אויג. און ווען איך האָב זיך מיט איהם ווידער אַמאָל בעגעגענט נאָך פיעל יאָהרען, איז ער פון אַלע אַמאָליגע חברים געווען דער איינציגער וואָס איז געבליבען מעהר אָדער ווייניגער טריי זיין בערוף. ער האָט אויסגעקליבען אַ קאַריער וואו ער האָט פון די קלענסטע מיטלען געמאַכט די שטאַרקס־טע עפעקטען: ער איז געוואָרען אַ קאָמיוואָיאַזשאַר פון עפּעס אַ פירמע.

# דער רבי מיט דער רויטער באָרד.

משה'לע הירשעל דעם שרייבער'ס און נאטקע דער גבור האבען געהאלטען אין שפּיעלען לאפּקעס, און אלע חברים פון חדר זיינען געשטאנען ארום זיי און געכאפּט התפעלות פון משה'לעס פלינקייט, געשיקטקייט און זיכערקייט, ווען עמיצער האט אויס־געשריען:

— דער רבי געהט!

קיין מצות האט ניט פעררדיענט דער וואס האט די בשורה אנגעזאגט. מיר האבען זיך ווייט ניט דערפרעהט מיט'ן רבי'ס קומען. די גאנצע פרעהליכקייט איז מיט אמאל פערשוואונדען. יעדער אינטערעס אין וואס עס איז, איז פּלוצים פערשוואונדען. און ווי קליינע ארעסטאנטלאך האבען מיר געקוקט אויף דער טיהר, פון וואנען עס האט געדארפט אריינקומען דער משגיח פון דער תפיסה.

די טיהר האט זיך באלד געעפענט און דער רבי איז אריין. ער האט אויסגעטהאן זיין נאסען מאנטעל, אנידערגעלעגט איהם אויף'ן הענגעל פון עק שלאפבאנק, עטליכע מאל א ריב געטהאן די הענט, אנידערגעזעצט זיך אויבען אָן און אהן שום הכנות, אהן שום הקדמות געזאגט:

— נעהמט די חומשים און זעצט זיך.

בשעת מיר האבען זיך צוזעצט און צועפענט די חומשים, האט דער רבי ארויסגענומען א שווארצע פושקעלע, מיט אן אויס־געמאלטען מענשעלע אויף'ן דעקעל, א ביכעלע פאפּיראס פאפּיער, אויסגעריסען פון דארטען איין בלעטעל, צוזאמענגעלייגט עס אין צווייען אבער ניט אין דער ברייט ווי אלע טהוען, נאר אין דער לענג, געמאכט א קנייטש און צוריסען אויף העלפט. דאס איז גע־

ווען א נייער אופן ווי צו רייסן א בלעטעלע פאפיראס פאפיער. די האלבע בלעטעלע איז ארויסגעקומען אזוי שמאל, אז מיר האָ־בען זיך געחדוש'ט, ווי אזוי ער וועט קענען פערקלעפן. און ער האט ניט נאר דערוויזן צוזאמענצודרעהן א פאפיראס נאר אויך פערבוינגען פון אויבן א שטיקעל, כדי עס זאל אויסקומען ווי א מין קערטעל און אויך אפגעביסן פיצלאך פון ברעג, כדי עס זאל זיך בעסער פערקלעפן. און אין דער צייט וואס ער האט געביסן די פיצלאך פאפיער און פערקלעפט, האבן זיינע אויגען ארומגע־בלאנדזשעט איבער די תלמידים, און דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס ער האט געשענקט א בליק זיינע שעפעלאך.

פון קאמעזעלקע קעשענע האט ער בעקומען א שוועבעלע און אנגעריבען אן דעם לינקען זייט טיש. נאך'ן ערסטען ציה האט ער ארויסגעלאזט פון נאז און פון מויל א וואלקען רויך. מיט ביידע הענט אנגעשפארט אן טיש, מיט'ן קאפ עטוואס פעררייסן האט ער עטליכע סעקונדען פויל און פערטראכט נאכגעקוקט דעם רויך. האט ער געזעהן אין דעם רויך דאס סימבאל פון אלע ערדישע גליקען? האט ער געטראכט וועגען דעם גרויסען פרעהליכען יום טוב, וואס איז איצט פערשוואונדען ווי דער רויך?

מיר האבען פון איהם די אויגען ניט אראפגעלאזט. מיר האבען נאכגעקוקט דעם בלויען דינעם שנירעלע וואס האט זיך געהויבען פון דעם פאפיראס און דעם סאר־גרויען וואלקען וואס האט געזעצט פון זיין נאז און מויל. מיר האבען געקוקט אויף'ן רבין'ס פנים, וואס איז געווען א געמיש פון א צארטער ווייסקייט און געלע פלעקען, בעוואקסען מיט א רויטער בארד, אויף זיינע הענט וואס האבען אזיך געהאט די זעלבינע צארטע ווייסקייט מיט געלע פלעקען און וואס זיינען געווען פערוואקסען מיט היבשע געלע האר. און וואס לענגער מיר האבען זיך צוגעקוקט, אלץ מעהר האט זיך צוריקגעקעהרט צו אונז די מורא פאר דער תפיסה און דער אומעט פון נאך יום טוב. דער רעגען האט, דאכט זיך, איצט מיט מעהר בייזקייט גענומען שמייסען אין די שויבען. און דער ווינט האט מיט מעהר רוגזה געפייפט אין קוימען און געריסען די לאדענס. פון דער האלב איינגעפאלענער סכה האט ער א לאנגע

ברעט האלב אפגעריסען און געקלאפט מיט איהר איבער'ן ווענ־טעל און אנגעווארפען אן אימה.

— נו, קינדער! — האט זיך דער רבי אנגערופען און גענו־מען זיך שאקלען.

דאס איז געווען א סיגנאל, אז מיר דארפען אנהויבען צו לער־נען, וואס נעהט צוזאמען מיט'ן שאקלען זיך. דער חומש איז אונז שוין ניט געווען פרעמד. דאס איז שוין געווען מיין דריטער זמן אין חדר און אלע מיט'ן רבי'ן צוזאמען האבען גענומען זאגען מיט'ן בעקאנטען נגון די פרשה בראשית.

די צויבער־שעהנע מעשה'לאך פון דער וועלט־בעשאפונג האבען פעררוקט דעם חדר אן א זייט און אריבערגעפיהרט אונז אין א פאנטאסטישע וועלט. מיר האבען פערגעסען דעם אומעט, פערגעסען די מורא, פערגעסען דעם אייזערנעם רייף און פערגעסען די לאפקעס, און אונזער פאנטאזיע האט געשוועבט ארום די טייכען, וואס זייער וואסער איז ווי קריסטאל, ארום גן עדן וואו עס האבען געוואקסען דער עץ הדעת און דער עץ החיים. מיר האבען זיך ניט געקענט אפ'חדרש'ען פון דעם שלאנג, וואס איז געווען קליי־נער פון אלע חיות פון פעלד און האט געקענט רעדען מיט מענ־שען, מיר האבען זיך דורכגעדרייזנגען מיט א נערעכטען רוגז געגען דער מוטער חוה און מיט א טיעפער בייגקענים נאך יענער צייט, ווען דער קול פון גאט איז ארומגעגאנגען איבער דער ערד און אויס־געמישט זיך מיט'ן מענשען.

דער זעלטענער חן פון די דאזיגע וואונדער שעהנע מעשה'לאך האט אויך געווארפען א שטראהל אויפן רבי'ן. א ליעב־שאפט האט זיך ערוועקט ביי אונז אין הארצען צו איהם, וואס האט אונז אריינגעפיהרט אין דעם דאזיגען צויבער וועלטעל. נאר אזוי גיך ווי מיר האבען פערמאכט דעם חומש, האט זיך דער פארים, וואס האט אונז פערבונדען מיט איהם, איבערגעריסען. ער איז אונז געבליבען פונקט אזוי פרעמד, ווי פריהער. ער איז פאר אונז געווען א רבי, וואס זיצט און קנעלט מיט אונז און קריגט דערפאר שכר למוד, און מיר זיינען געווען תלמידים, וועלכע טראגען היינט

צופעליג די נעמען משה'לע, נאַטקע, אַרטשיק, בערעלע, און דעם צווייטען זמן וועלען זיי הייסען חיים, זרח, יאַנקעלע, חאַצקעלע.

פיעל מאָל דורך די קורצע ווינטער טעג און לאַנגע ווינטער אַבענדען האָט זיך דער פּאָדים צווישען אונז און דעם רבי'ן געהאַל־טען אין פערקניפּען, און קיין מאָל איז דער קניפּעל ניט געמאַכט געוואָרען. ער האָט ניט געהאַט ניט קיין „גוט מאָרגען" און ניט קיין „גוטען אַבענד" פאַר די תּלמידים, ער איז קיין מאָל ניט גע־גאַנגען אָפּגעבען א גוט שבת אדער גוט יום־טוב־ביטען די עלטערן. ווען ער איז געקומען אין דער פריה אין חדר און געזעצט זיך אויף זיין אָרט איז זיין בעגריסונג געווען: „נו, קינדער!" אזוי ווי פון נעכטען ביז היינט איז נאָר געווען א הפסקה. האָט א אינגעל ניט אזוי גיך תּופס געווען, איז געווען: „גוי, פּויער!" און סוף וואָך אז א אינגעל איז געשטרויכעלט געוואָרען, איז שוין געלאָפּען א פּאַטש.

נאָר ער איז דוקא ניט געווען קיין שלעכטער, און ער האָט זיך געפּאַטשט א סך ווייניגער ווי אַנדערע מלמדים. און ער האָט אויך זיין אַרבייט געטהאָן בשלמות. צעהן שטונדען נאַכאַנאַנד איז ער טאָג איין טאָג אויס, ווי א קרוק, אַבגעזעסען איבערן חומש און געשאָקעלט זיך צוזאַמען מיט די אינגלאַך, און פון אַריינטהאָן זיך אין למוד זיינען איהם ניט זעלטען די אויערען רויט געוואָרען, ווי צונטער, נאָר ער איז אונז געבליבען אין גאַנצען פרעמד. עס האָט פון איהם ניט אַרויסגעשטראַלט קיין וואַרעמער פונק, וואָס זאָל אַריינפאַלען צו אונז אין דער נשמה און אונזערע יונגע הערצלאַך זאָלען קלאַפּען צו איהם. אַלץ וואָס מיר האָבען פון איהם געזעהן, איז געווען זיין רויטע באָרד, מיט'ן פּנים וואָס איז געווען א געמיש פון א צאַרטער ווייסקייט און געלע פלעקען און די הענט וואָס זיינען געווען פערוואַקסען מיט געלע האָר. ער האָט אזוי גוט גע־קענט זיין א גולם, וואָס טהוט זיין אַרבייט בשלמות. און דער איינציגער חדוש וואָס ער האָט ביי אונז אַרויסגערופען, איז געווען דער אופן ווי ער האָט געשפּאַלטען די בלעטלאַך פּאַפּיראָס פּאַפּיר און געדרעהט זיינע פּאַפּיראָסען, און ווי ער האָט אויסגערויכערט דעם פּאַפּיראָס ביז'ן סאַמע סוף. מיר האָבען אָפּט פערגעסען

ארײַנצוזקיקען אין חומש און בעסער צונעקוקט זיך, ווי ער האָט נעצײַנען דאָס לעצטע פּיצעלע פּאַפּיראָס. ווען דאָס פֿײַער האָט שוין כמעט דערגרייכט צו די פינגער, און מיר האָבען זיך נעוואונדערט, ווי אַזוי ער פֿערברענט זיי ניט.

מיר האָבען צו איהם ניט געפֿיהלט ניט קיין ליעבע און ניט קיין האַס, ניט קיין צונעבונדענקייט און ניט קיין דערוויטערונג. און ער איז אַרויס פֿון אונזער לעבען אַזוי גיך, ווי מיר זײַנען אַריבער פֿון זיין חדר צו אַ צווייטען רבי'ן.

# דער בעל החלומות.

דער שטילסטער, שוויִיגעדיגסטער און דערשלאָגענסטער אין דעם גאַנצען חדר איז אפשר געווען מענדעל דעם סטראַזשניקס. ער האָט, דאַכט זיך, קיין מאָל קיין הויכע פאַרע ניט ארויסגעלאָזט פון מויל. ווען די חברים האָבען זיך צוזאַמענגענומען אין אַן ענג רעדעל אין אַ פייערדיגען וכוח וועגען גבורה אָדער האָבען דערצעהלט אַ שפּאַנענדע מעשה וועגען שדים, איז ער שטענדיג געווען פון דער אויסערער זייט פון דעם קרייז און זעלטען, זעלטען ווען ער האָט זיך ארויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט.

ער איז אבער ניט געווען קיין מרה שחורה'דיג אינגעל. זיינע בלויע אויגען האָבען געקוקט מיט בעוואונדערונג אויף אַלע קונדס'ע שטיק, וואָס מיר פלעגען אָפּטהאָן, און ווען קיינער האָט אויף איהם ניט געקוקט, האָט זיין פּנים אויסגעדריקט אַלערליי געפיהלען, וואָס מען האָט געקענט זעהן אויף אונזערע פּנים'ער. נאָר מען האָט געדאַרפט אויף איהם אַ בליק טהאָן און ער האָט זיך ווי איינגעקאָרטשעט.

מענדעל האָט געהאַט אַ שעהן קיילעכדיג פּנים'ל, אַ צאַרטע, בלייכע הויט און שיטערע בלאָנדע הערעלאך. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שוואַכען אינגעל, און אין יענער צייט האָבען מיר נאָך קיין גמרא ניט געלערנט און מיר האָבען ניט געוואוסט, אַז תורה מתשת כוחו של אדם, אַז די תורה שוואַכט אָפּ דעם מענשען, און אַז שוואַכקייט איז דער אידעאַל פון אונזערע מאַמעס און טאַטעס. אין יענער צייט זיינען מיר כורעים געפאַלען פאַר גבורה און אַ שטאַרקער האָט ביי אונז ארויסגערופען די גרעסטע בעגייסטערונג. און דאַריבער קען זיין, אַז מיר האָבען ארונטערגעקוקט

אויף מענדלען פון אויבן אראפ, און ער האט דאס געפיהלט און האט זיך געהאלטען פון דערווייטענס.

איינמאל, דאס איז געווען דאנערשטאג, נאך די וואך שיעורים, דער רבי איז אוועק דאווענען מנחה און איך האב געהאלטען דער לעצטער, ניט רעכענענדיג מענדלען. ביים ארויסגעהן פון חדר, איז ער צו מיר צוגעגאנגען, אנגעריהרט מיר ביים ארם און איינגע־רוימט מיר א סוד:

— כ'האב א הינטעל.

— א הינטעל? — האב איך איבערגעפרעגט.

— מוטשיק.

— וואס איז מוטשיק? — האב איך געפרעגט און אנגעקוקט איהם פערוואונדערט.

— אזוי הייסט דער הינטעל.

ער האט בעמערקט, אז די נייעס וועגען הינטעל האט אויף מיר ניט געמאכט קיין שטארקען איינדרוק, און ער האט דאריבער גע־איילט צוצוגעבען:

— ער סלוזשעט.

„סלוזשען" האב איך געוואוסט בעדייט, אז דער הינטעל קען שטעהן און געהן אויף צוויי פיס און דאס האט מיך גלייך א פאק געטהאן.

— ברענג איהם אין חדר.

— איך האב מורא פאר'ן רבי'ן.

— אז דו האסט מורא, דארף מען ניט, האב איך געזאגט מיט האלב פעראכטונג און איך בין ארוים פון חדר.

אבער דערמיט האט זיך דער שמועס וועגען מוטשיק'ן ניט געענדיגט. פון דעם טאג אז האט מענדעל ניט איבערגעלאזט קיין געלעגענהייט, אז ער זאל מיר ניט דערצעהלען וועגען די וואונ־דערבארע קונצען, וואס זיין מוטשיק קאן אפטהאן. ער האט וועגען זיין הינטעל גערעדט ווי א מאמע וועגען איהרען א געראטענעם קינד. ער האט אין אזעלכע מינוטען דעם דבור געפונען, זיינע בלויע אויגלאך האבען געגלאנצט, זיינע בלייכע בעקלאך האבען זיך מיט פארב בעדעקט און זיינע אויערען האבען ממש געפלאמט. ער האט

מיר אַזוי אַנגעצונדען מיין פאַנטאַזיע, אַז איך האָב מיט איהם אָפּ־געמאַכט איין פרייטאָג, אַז איך וועל קומען צו איהם זעהן דעם הינטעל.

דאָס איז געווען גלייך נאָכדעם ווי מיר זיינען פאַרטיג געוואָ־רען מיט'ן מעביר קריאה זיין די סדרה און אָפּגעזונגען די הפטרה. מיט פרעהליכע הערצלאַך האָבען זיך אַלע קינדער אַ לאָז געטהאָן צום טהיר, ניט קענענדיג בעהאַלטען די שמחה, וואָס מען ווערט פּטור פון חדר אויף צוויי האַלבע טעג. דער רבי האָט זיך אַ בייזער געטהאָן:

— לויפט ניט אַזוי!

נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפען. מיר האָבען אפילו קיין צייט ניט געהאַט רעכט אָנצוטהאָן די מאַנטעלאַך און פוטערלאַך און מיט איין האַנט אין ארבעל און מיט דער צווייטער זוכענדיג דעם צוויי־טען ארבעל האָבען זיך אַלע צוזאַמענגעשפּאַרט אין טהיר און גע־שטערט איינער דעם צווייטען ארויסצוגעהן. דער ווייסער פראָסט האָט זיך ווי אַ קאַלטער וואָלקען גענומען דרעהען אונטער די פיס. און דער רבי האָט ווידער אַ געשריי געטהאָן שוין מיט אַ טאָן הע־כער:

— שפּאַרט זיך ניט!

מיר זיינען געווען הונגעריג, ווען מיר האָבען זיך ענדליך ארויס־געריסען אין דרויסען, נאָר ביים אָנבליק פון דעם ווייסען פערפּראָ־רענעם שניי האָבען די חברים פערגעסען הונגער און קעלט און האָ־בען זיך גענומען וואַרפען מיט קולקעס. דער איינציגער וואָס האָט זיך צום שניי ניט צוגעריהרט איז געווען מענדעלע און ווען אַ קולקע האָט איהם געטראָפען, האָט ער נאָר אַ שמייכעל געטהאָן, ווי בעוואונדערענדיג די גלייכע האַנט פון דעם וואַרפער.

— קום, דו וועסט מיר ווייזען דיין מוטשיק! — האָב איך זיך אָנגערופען צו איהם.

מענדעלע האָט זיך ניט זעהר דערפרעהט מיט מיין פאַרשלאָג, הגם ווען ער פלעגט מיר דערצעהלען די גדולות פון זיין הינטעל האָט ער געברענט פון אונגעדולד צו ווייזען עס מיר און האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען ווען איך וועל שוין אמאָל אריבערגעהן צו

איהם. איצט אבער האט ער ניט ארויסגעוויזען קיין אבעריגע התפעלות פון מיין בעשלום.

אין שטוב ביי זיין מאמע־מאמע איז איצט געווען א טומעל, א געפּילדער. זיין מאמע איז געשטאנען פאר׳ן גרויסען באק־אויוועז און געקערט אינערוועניג מיט א פאמעלע. אויף דער פאדלאגע זיינען געווען אויסגעשטעלט טעפּלאך, גרייט צום ארייננרוקען אין אויווען. נאר עס איז נאך געווען ווייט צו זייער רייהע. אויפ׳ן טיש איז געווען א לאקשען־ברעט מיט אנגעבראקטע לאקשען און אלערליי סקארמוטשעס האבען פערנומען דעם איבעריגען שטח פון טיש. אויף א קישען אין בעט זיינען געווען אונטערגערעקט און איבערגערעקט אויסגעמאכטע חלות. אין שטוב איז די לופט געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן ריח פון געקאכטע פיש און צימעס.

—דרעהט זיך ניט אונטער די הענט.—איז געווען דער ערשטער ברוך הבא, וואס מיר האבען געקריגען ביים ארייננגעהן אין שטוב.

— לאמיר ארויף אויפ׳ן אויווען. — האט מיר מענדעלע שטיל געזאגט.

פון מהיר ביז׳ן אויווען האבען מיר זיך געדארפט היטען ניט אנצוטרעטען אויף עפּעס א טעפּעל. נאר אזוי גיך ווי מיר האבען זיך ארויפגעכאפּט אויפ׳ן אויווען, האבען מיר זיך געפונען אין א בעזונדער וועלטעל.

— נו, וואו איז מוטשיק?

מענדעלע האט ארונטערגעקוקט און דערנאך א קעהר געטהאן זיך צו מיר און געזאגט:

— ערב שבת. די מאמע האט איהם אוועקגעשיקט מיט א גאנג.

— מיט א גאנג?

— אה, ער איז א פקח. ער פערשטעהט אלצדינג ווי א מענש, דו רעדסט צו איהם און ער שאקעלט צו מיט׳ן קאפּ. דו שיקסט איהם מיט א גאנג, און ער געהט און ברענגט וואס מען הייסט איהם. און מען טאר צו איהם ניט רעדען אויף א היגטישען לשון. מען טאר איהם ניט זאגען, „נא, קוסי!“ אדער „פּאשאל וואן!“

מענדעלע האט לאנגזאם געגומען שאקלען מיט׳ן קאפּ. און דאס

האָט אזוי גוט ווי געהייסען, אז עס איז א גרויסע בעליידיגונג פאַר מוטשיק'ן צו רעדען צו איהם ווי צו א הינטעל.

— און ווי רעדסטו מיט איהם? — האָב איך געפרעגט אלץ מעהר נעשפאנט.

—אזוי ווי צו א מענשען. אָט אזוי ווי איך מיט דיר.

— און ווען וועט ער קומען?

— ערב שבת, ער האָט א סך גאנגען.

עס פערשטעהט זיך, אז איך האָב זיך אויף מוטשיק'ן ניט דער־ווארט, נאָר קיין בעסערען מזל האָב איך אויך ניט געהאט ווען איך האָב אויף מארגען נאָכ'ן קוגעל פערבויגען דעם גליטש און ארויינ־געכאפט זיך צו מענדרעלען. איך בין נאָכדעם נאָך פיעל מאָל ארויינ־געקומען זעהן מוטשיק'ן, נאָר עס איז שוין אנגע'חתמ'עט געוואָרען. אז ווען איך בין געקומען צו מענדרעלען, איז מוטשיק געווען אין עפעס א שליחות.

און וואָס האָט מוטשיק ניט געטהאָן! ערב שבת, אז מען האָט געדארפט פעררוקען דעם טשאָלענט האָט ער די טעפּלאָך דערלאַנגט.

— דעם שווערסטען טעפּעל הויבט ער אויף ווי א פעדערעל! — האָט מיר מענדעל דערצעהלט און ער געהט אויף די הינטערשטע צוויי פיסלאָך, ווי א מענש, להבדיל, און ער ווייסט וועלכען טעפּעל צו דערלאַנגען פריהער.

אפילו ביים איבערקלייבען ארבעס, האָט מען זיך אויף מוטשיק'ן געקענט מעהר פערלאָזען ווי אויף אלעמען אין שטוב.

— ער שטעהט אנגעשפּארט מיטביידע לאַפּקעס אַן טיש. מיר שארען די ארבעס און ער לאָזט ניט אראָפּ די אויגען פון זיי. און טאָמער פערשארען מיר א ווערעמדיגען צווישען די איבערגעקליבע־נע, לאָזט ער ארויס א ביל און מיר ווייסען, אז א ווערעמדיגער אר־בעס האָט זיך פער'גנב'עט. און ער הערט ניט אויף צו בילען, ביז מיר זוכען דעם ארבעס ניט אָפּ.

עס קען זיין, אז אפשר דערפאַר וואָס מיר איז קיינמאָל ניט געלונגען צו זעהן מוטשיק'ן, האָב איך ענדליך פערלאָרען דעם אינ־טערעס אין איהם. מענדעלע האָט באלד בעמערקט, אז איך קעהר זיך אָפּ פון איהם, ווען ער קלייבט זיך מיר איינרוימען א בייעם סוד

ווענען א נייעם אויסטהו פון זיין מוטשיק און איינמאל, ווען מיר זייי־
נען ארויס פון חדר צו ווארעמעס, איז ער מיר פערלאפען דעם וועג
און אהן הקדמות אויסגעשאסען:

— א דאקטאר איז געווען ביי אונז.

— א דאקטאר? — האב איך איבערגעפרעגט סתם אין דער
וועלט אריין, כדי עפעס צו זאגען און בין געגאנגען ווייטער.

ער איז געגאנגען ביי מיין זייט און האט ווידער אויסגעשאסען:

— א רויך געהט פון איהם.

— פון דאקטאר? — האב איך געפרעגט, שוין עטוואס פער־
אינטערעסירט.

— ניין פון ברודער.

— וואס הייסט א רויך?

— מיין עלטערער ברודער מאיר איז נעכטען געקומען פון דער
ארבייט און עס האט פליצים אנגעהויבען צו געהן א רויך פון זיין
מויל, און די גאנצע נאכט און היינט אין דער פריה איז אלץ פון
איהם געגאנגען א רויך.

— א רויך? — האב איך איבערגעפרעגט שוין פערוואונדערט.

— א רויך. ער רויכערט א סך פאפיראסען. האט זיך דער רויך
אנגעקליבען ביי איהם אין בויך. און איצט געהט דער רויך ארויס.
דער רויך געהט ארויס ווי פון א קוימען, אזא געדיכטער. אין שטוב
זעהט מען קיין זאך ניט, אומעדום איז רויך.

עטליכע מאל דורכ'ן ווינטער האב איך געכאפט א ציה פון א
פאפיראס, און א שרעק איז אויף מיר אנגעפאלען. טאמער וועט
פון מיר אויך אנהויבען זעצען א רויך.

די צייט פון ווארעמעס איז א קורצע, דאך איז מיין נייגיערדע
געווען אזוי אויפגעוועקט, אז איך האב זיך ארויסגערופען צו געהן
מיט איהם אהיים און זעהן דעם גרויסען וואונדער. נאר ער האט
מיר ערקלערט, אז מען לאזט ביי איהם אין שטוב קיינעם ניט
אריין און אפילו ער האט געמוזט נעכטינען ביי א שכן און וועט
איצט אויך ווארעמעס עסען ביי א שכן.

דער אונגליקליכער ברודער זיינער האט זיך געבאך געדווי־

כערט וואכען־לאנג און יעדעס מאָל וואָס מענדעלע איז געקומען אין חדר, האָט ער מיר בעגריסט:

— עס געהט נאָך פון איהם אַלץ אַ רויך.

דערווייל האָט זיך שוין געפיהלט פורים אין דער לופט. און ווער ווייסט ווי פיעל נאָך חדושים און וואונדער איך וואָלט זיך פון מענדעלען אָנגעהערט, נאָר ליידער האָב איך מיט איהם מעהר ווי איין זמן ניט געלערענט צוזאמען, און ער איז דאריבער באלד פער־שוואונדען פון מיין זכרון. מיט יאָהרען און יאָהרען שפּעטער האָב איך זיך מיט איהם ווידער געטראָפען. איך בין פון דער ווייטער וועלט געקומען אויף אַ בעזוך אין מיין שטעדטעל. דאָס איז געווען פאר יום טוב, און מען האָט ביי אונז אין שטוב געדראפט פאררריכטען דעם באק־אויוועז. מען האָט געשיקט נאָך אַ מולער, און אַ פערשמיר־טער אין ליים יונגער מאן מיט אַ מויער קעלנע אין האנט איז אריינ־געקומען. ער האָט מיך גלייך דערקענט און אויסגעשטרעקט אַ האנט פערדעקט מיט פערטריקענטען ליים און געזאָגט אויסשטעלענדיג ביידע רייהען ווייסע צייהנער:

— שלום עליכם! אַ גאַסט ביי אונז אין שטעדטעל.

איך האָב איהם אָנגעקוקט אַ ווייל, סטארענדיג זיך צו דער־מאָנען, ווער ער איז. נאָר ער האָט ניט געווארט און אליין אונטער־געזאָגט:

— מענדעלע, איהר געדענקט ניט מענדעלען? מיר האָבען געלערנט ביי... איהר געדענקט מוטשיק'ן... —

— אָה, מוטשיק! — האָב איך אויסגערופען, דערמאָנענדיג זיך וועגען אַן אַלטען בעקאַנטען.

אַ גליקליכער שמייכעל האָט זיך געוויזען אויף זיין פּנים, דער שמייכעל פון איינעם, וועלכער שטויסט זיך פּלוצים אָן אויף עפּעס זיינעם אַן אויפטהו, וואָס לעבט לענגער פון אַלע זיינע אנדערע מעשים.

— זאָגט, איז דאָס ניט געווען אַן איינפאַל פון אַ קליינעם איינגעל!

ער האט זיך בעקוקט פון קאפ ביז די פיס. זיין בליק איז לענ־גער געבליבען שטעהן אויף זיינע ווייסע קליינע הענט מיט די לאנגע דינע פינגער און ער האט געזאגט מיט א זיפץ:

— ווער ווייסט, ווען איך וואלט אפשר געלערנט ווי אנדערע— איך האב געהאט ניט קיין שלעכטען קאפ.

ער האט ניט געזאגט, וואס עס וואלט געווען, ווען ער וואלט געלערענט ווי אנדערע. אבער דאס איז געווען גרינג אנצושטויסען זיך.

# אברהם שלמה חקרן.

איך בין שוין געווען א גמרא איננגל ווען איך בין אנגעקומען צו אברהם שלמה דעם חקרן.

עס רעדט זיך א גמרא איננגל. מיין גאנצע בעקאנטשאפט מיט'ן תלמוד איז בעשטאנען פון „המניח את הכד" מיט'ן בעוואוס־טען גמרא נגון.

דער נייער חדר איז בעשטאנען פון א קליינעם צימער, וואס איז געווען אפגעטהיילט פון דער שטוב מיט א קליינעם דינעם וועג־טעל, וואס האט ניט דערגרייכט צו דער סטעליע. אין שטוב איז געווען א בעקעריי און דאס איז געווען א פערזיכערונג, אז פון קיין קעלט וועט מען דא ניט ליידען, בפרט אז איצט איז געווען דער זומערדיגער זמן.

איך בין שעמעוודיג אריין אין שטוב און בין געבליבען שטעהן אין א פערלעגענהייט ווען איך האב אנשטאט א רבי און תלמידים דערזעהן א דייזשע און זעקלאך מעהל.

— געה, איננגלע, אין קאמער אריין, — האב איך דערהערט א קול פון א ווינקעל.

דאס איז געווען א יאדישליווע אידענע, וואס איז געשטאנען ביים אויווען מיט א לאפעטע.

אין קאמער זיינען שוין געווען עטליכע איננלאך. דאס זיי־נען געווען די תלמידים, וואס זיינען פערבליבען פון א פריהערדיגען זמן און זיי האבען איצט אנגענומען געגען מיר א מינע פון גדלות און געקוקט אויף מיר פון אויבען ארונטער.

דער רבי האט מיר אנגעוויזען א פלאץ, געשטעלט מיר א פאר פראגען וועגען מיין למוד ביים פריהערדיגען רבי'ן, און די עלטערע תלמידים האבען געשטורכעט איינער דעם אנדערען, ווי וועלענ־

ריג מיר נעבען דערמיט צו פערשטעהן, אז זיי בעגרייפען ניט ווי אזוי אזא רויהער אינגעל, וואס איז ווייטער פון המניח ניט נעד נאנגען, איז אנגעקומען אין זייער חדר.

יעדען שטירך וואס זיי האבען איינער דעם צווייטען געגעבען, האב איך געפיהלט ווי א פאטש מיר אין באק, און די קאלירען אין מיין פנים האבען זיך געביטען. צום גליק האבען באלד אנגעהויבען צו קומען די איבעריגע תלמידים, און די עלטערע האבען זיי געקראפט ארויסווייזען זייער גדלות.

אברהם שלמה איז געווען נאר אן אנדער סארט מלמד. ער האט געהאט א שם, אז ער שלאגט ניט די תלמידים, און ביי איהם האבען געלערנט אלע גבירישע קינדער. צו זיין זיינער א תלמיד האט געהייסען אויפהויבען זיך אויף א העכערער מדרגה, אויפגעבען קונדס'עריי און נעהמען זיך צום לערנען.

דער רבי איז געזעסען די גאנצע צייט אויף זיין ביינקעל איבערגעדראן און געגלעט זיך די בארד, וועלכע איז געווען אזוי שווארץ אז זי האט אויש פערטראגען צו א בלויקייט. פון צייט צו צייט האט ער זיך א שאקעל געטהאן, הגם קיין ספר איז פאר איהם ניט געלעגען אפען. מיט זיינע שווארצע אויגען האט ער בעטראכט יעדען תלמיד בעזונדער און עס איז געווען גרינג צו זעהן, אז פאר איהם זיינען זיי ניט געווען סתם אינגלאך, וואס צאהלען אזוי פיעל א חודש, נאר א נאהענטע קאמפאניע, מיט וועלכער ער וועט דארפען פערברענגען לכל הפחות א האלב יאהר צוזאמען.

אין קאמער איז קיין זאך ניט געווען, אויף וואס א תלמיד זאל אפשטעלען די אויגען, א חוץ א בילד וואס איז געהאנגען אויפ'ן ווענטעל. דאס איז געווען א בילד פון רב יצחק אלחנן און איך האב פון איהם ניט געקענט אפרייסען די אויגען. די אורזאך דערפון איז געווען א קנייטש אין יארמולקע פון דער רעכטער זייט, אזוי ווי מען וואלט דארטען א שטופ געטהאן מיטן פינגער. מיר איז קשה געווען דער דאזיגער קנייטש און דאס איז מיר נאך קשה'דיגער געווארען, ווען דער רבי האט אונז ערקלערט, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכע בילד, אז א פרוש פון דעם דערבייאיגען קלייזעל האט דאס בילד געמאכט פון א פאטאגראפיע, און איך

האָב געפרעגט, אַז וויבאַלד דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרען מיט דער האַנט, פאַר וואָס האָט מען ניט געקענט אויסגלעטען דעם קנייטש אין יאַרמולקע?

— דאָס איז אַזאַ מין אומנות, וואו מען דאַרף זעהר נזהר זיין ניט צו מאַכען קיינע שנויים. דער קלענסטער שנוי — און עס ווערט אַן אַנדער פּנים, — האָט אונז דער רבי מסביר געווען.

מיין נייער רבי, אברהם שלמה, האָט געהאַט אַן אמת'ען נחת ניט נאָר צו מסביר זיין אַ סוגיא נאָר אויך צו ערקלערען אַלערליי ענינים פון קונסט, פילוסופיא, פּאָליטיק און סתם חקירה. דער חדר איז געווען זיין גאַנצע וועלטעל און מיר זיינען געווען ניט נאָר תלמידים נאָר אויך זיין פּובליקום און זיינע חברים. ווען עס איז געקומען די צייט פון באַדען זיך, איז ער מיט אונז צוזאַמען ווי אַן עלטערער חבר, געגאַנגען צום טייך, און עס האָט זיך אַרויס־געוויזען, אַז ער איז אַן אויסגעצייכענטער שווימער, הגם ער האָט אויף איין מינוט ניט פערלאָרען זיין ערנסטע מינע אין וואַסער. האָט ער זיך דערמאַנט אַ קלייזעלשע הלצה בשעת ער האָט מיט אונז דער שיעור געלערנט, האָט ער מפסיק געווען אין מיטען און איבערגעגעבען איהר אונז ווי פאַר זיינע חברים.

ווען אַלע תלמידים האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען און אויס־געזעצט זיך אויף די פּלעצער און יעדער האָט געעפענט זיין גמרא, האָט דער רבי אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קיילעכדיגע בלעכענע פּושקעלע מיט טאַבאַק, געמאַכט אַ פּאַפּיראָס, פּערורויכערט, גע־געבען אַ פּאָר ציה, צוריק אויפגעמאַכט דאָס פּושקעלע, אַריבער־געלעגט איבער'ן טאַבאַק אַ שטיקעל פּאַפּיראָס פּאַפּיר, אַפּגעטרע־סעלט די אַש פון דעם פערורויכערטען פּאַפּיראָס און אַריינגעלעגט איהם מיט'ן פייער און גיך פערמאַכט דאָס דעקעל.

עס איז געווען גרינג צו זעהן, אַז די גאַנצע טרחה צו פערורוי־כערען אַ פּאַפּיראָס צוליעב אַ פּאָר ציה האָט ער נאָר גענומען דער־פאַר, כדי ער זאָל אונז גלייך קענען מאַכען אַ וויסענשאַפטליכע ערקלערונג. און ווען מיר, די נייע תלמידים, האָבען געקוקט אויפ'ן פּושקעלע פערוואונדערט האָט ער ניט געוואַרט אויף אונזער פראַגע און ערקלערט:

— אחז לופט קען קיין פייער ניט ברענען און ווען דאס פושקעלע איז סטשילנע פערמאכט, טוו דער פאפיראס זיך גלייך אויסלעשען.

עס פערשטעהט זיך, אז דעם רבי'ס א ווארט איז פאר אונז געווען א הלכה למשה מסני, און דאך האט זיך אונז בשום אופן ניט געוואלט גלייבען, אז פייער ברענט ניט. די שייכות פון לופט מיט פייער איז פאר אונז געווען א צו ווייטע.

ער האט אפגעווארט א קורצע ווייל און צוריק גענעמענט דאס פושקעלע. דער פאפיראס איז געווען טאקע אויסגעלאשען און אויפ'ן דינעם בלעטעלע פאפיראס פאפיר איז געווען נאר א קליינער געלער פלעק.

— דער פלעק נעהמט זיך דערפון, וואס איך האב ניט אזוי גיך פערמאכט דאס פושקעלע. אגב איז נאך אביסעלע לופט געווען דארטען.

דער פלעק און די לופט האבען אונז לחלוטין ניט אינטערעסירט. דער עיקר איז געווען דער קונץ. און מיר האבען זיך דורכגעדרונגען צום רבי'ן מיט ניט ווענינער בעוואונדערונג, וואס יעדער איינגעל האט פאר א שווארץ־קינצלער. וועלכער בעקומט פון א לעדיגען קאפעלוש א פאר לעבעדיגע טויבען.

עס איז ניט אוועק א טאג, אז דער רבי זאל דורכלאזען א געלעגענהיים צו זאגען עפעס א מילי דעלמא, אדער ארויסווייזען א שטיקעלע חקירה אדער עפעס א טיעפע ידיעה אדער נאר א בויך סברא.

ער האט געהאט א זילבערנעם זייגער, די דעקלאך מיט קופערשטעך. האט ער איהם געהאלטען אין א זעמשענע בייטעלע און געעפענט איהם נאר סאמע ווען נויטיג. און ווען א תלמיד האט געפרעגט די צייט און דאס איז ניט געווען זעהר נויטיג צו וויסען, האט דער רבי געפרואווט טרעפען אזוי לערך נאך. אבער דעם זייגער האט ער ניט געעפענט. און ווי זיין שטיינער איז געווען, האט ער ניט געווארט מען זאל איהם פרעגען, פאר וואס ער נעהמט ניט ארויס דעם זייגער און ניט ניט א קוק, נאר ער האט אליין גלייך געגעבען אן ערקלערונג:

— די קלייניקנע זאוויעסקעלאך פון די דעקלאך זיינען גע־מאכט געוואָרען אויסצוהאַלטען אזוי פיעל און אזוי פיעל מאָל עפענען. לאָמיר זאָגען, למשל, צוויי טויזענד מאָל. אז מען עפענט דעם זייגער איין מאָל א טאָג קענען די זאוויעסקעלאך דיענען צוויי טויזענד טעג, דאָס הייסט, א קיימא לן פון זעקסטהאַלבען יאָהר. איז דאָס ווען גערעדט? אז מען עפענט איין מאָל א טאָג. ווי איז אבער דער דין, אז מען עפענט צעהן מאָל א טאָג? וועלען שוין די זאוויעסקעלאך ניט מעהר דיענען ווי צוויי הונדערט טעג, דאָס הייסט קיין יאָהר אויך ניט.

אין די גרויסע היצען האָט דער רבי זעהר געשוויצט. דער שוויים האָט זיך פון איהם געגאָסען אין גרויסע טראָפּענס, און דאָס איז ווידער געווען א געלעגענהייט צו ערקלערען אונז די פיער יסודות פון וואסער, ערד, לופט און פייער. דער שוויים האָט גע־דיענט פאר א בעווייז פון וואסער, דער אָטהעם איז געווען די לופט, דעם יסוד פון פייער האָט ער ערקלערט דערמיט, וואָס ווען מען רייבט שטאַרק צוויי שטיקלאך האָלץ וועלען זיי זיך אָנצינדען. דאָס אלץ איז געווען פערשטענדליך, נאָר די גאַנצע שוועריגקייט איז אָנגעקומען מיט'ן יסוד ערד, דאָס הייסט אז מען זאָל עס בעשיינ־פערליך קענען זעהן. אונזערע קינדערשע מוחות האָבען בשום אופן ניט געקענט בעגרייפען על פי חקירה, וואו איז ערד אין א גוף. נאָר דאָ האָט זיך אויך דער רבי איין עצה געפונען, ער האָט א ריב געטהאָן א האַנט אן א האַנט און בעשיינפערליך בעוויזען אונז בלאָטע...

די גאַנצע אטמאָספער אין חדר איז אזוי דורכגעדרונגען גע־וואָרען מיט חקירה, אז די תלמידים צווישען זיך האָבען געזוכט איבערצויאָגען איינער דעם צווייטען אויף דעם דאָזיגען פעלד און עס האָט לאַנג ניט געדויערט ביז איך האָב זיך גענומען צום „ספר חברית", צו שטילען מיין דורשט צו אַזעלכע ידיעות.

# דער קליינער פילאזאף.

עס איז געווען געווען פאר אונז צו וויסען, אז מיר זיינען אברהם שלמה דעם חקרן'ס תלמידים און מיר זאלען אנהויבען צו פיתרען א שטאס. עס האט ניט געפאסט פאר אברהם שלמה'ס א תלמיד, אז מען זאל אויף איהם אנווייזען ווי אויף א קונדס, ווייס־חברהניק. אזוי גיך ווי א תלמיד האט נאר אריינגעשטעלט דעם פוס צו איהם אין חדר, איז איהם קלאר געווארען, אז די צייט פון שטיפען, צולאזטקיים איז אריבער, און מען דארף ווערען א מענש. און דאס איז געשעהן אהן א שום טענות, אהן א שום מוסר פון אברהם שלמה'ס זייט. דאס איז געווען אין דער אטמאספער פון חדר.

און מיר זיינען געווען סטאטעטישע אינגלאך. אז מיר זיינען ארויס פון חדר, איז דאס געווען אהן דעם געוועהנליכען רעש, אהן דעם געוועהנליכען געפילדער. מיר זיינען געגאנגען מעשה סטאטעק, מיט שטילע טריט, ניט געאיילט, אהן קולות. האבען מיר געלאכט, איז דאס געווען אין די גרענעצען פון בעשיידענהייט, און ניט איין מאמע ווען זי האט געקוקט דורכ'ן פענסטער און געזעהן אונז, האט זיך געוואונשען צו האבען אזעלכע קינדער ווי מיר.

דאס הייסט נאך ניט, אז דער גאנצער קונדס פון אונז איז מיט אמאל פערשוואונדען געווארען. מיר פלעגען יעדען ששהנעם פארנאכט אוועקלאזען זיך אין די פריסאדעס אדער אין באר אויף א שפאציער. און אזוי גיך, ווי מיר האבען די שטאדט געלאזט הינטער זיך און דערפיהלט די פרייע לופט ארום זיך, האט זיך דער סטאטעק אין אונז בעהאלטען, און מיר האבען געשפרונגען און

ארומגעלאָפען און אפילו געקוליעט זיך איבער'ן גראָז. ביי יעדען טעלעגראַף סלופּ איז געווען א נידריגערע קלעצעל און די דאָזיגע קלעצלאַך זיינען ווי אריינגעשלאָגען געוואָרען פאַר אונז צו מעסטען אונזער פלינקייט אין שפּרינגען. מיר האָבען ביים שפּאַציר געמעגט האָבען א שכל'דיגען וכוח, נאָר קוים זיינען מיר צוגעקומען צו א טעלעגראַף סלופּ האָבען מיר אפילו ניט איבערדרייסענדיג דעם וכוח געלאָזט זיך שפּרינגען איינער נאָכ'ן צווייטען איבער'ן קלעצעל.

דער אַנפיהרער ביי די דאָזיגע שפּאַצירס איז געווען בענטשע, זעהר א דאַר איינגעל, מיט איינגעצויגענע בעקלאַך, און אויסגעכטאַרטשעטע סקולעס און אַפּגעשטאַנענע אויגען. ער האָט געהאַט א חתוך הדבור פון א מתורגמן און אז ער האָט גענומען עפּעס מסביר זיין, איז געווען ממש ווי ער וואָלט געצעהלט רענדלאַך. דאָס איז געווען אזוי אונגעוועהנליך, אז מיר האָבען זיך אלע צו איהם פערהאַלטען מיט א דרך ארץ.

און ער האָט שטענדיג געהאַט עפּעס צו מסביר זיין. האָט עמיצער פון די חברים געכאַפּט א פליג האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו יענעם מיט א פראַגע:

— וואָס א שטייגער טראַכט איצט די פליג?

און אזוי ווי קיינער פון אונז האָט די פּסיכאָלאָגי פון פליגען ניט שטודירט, האָבען מיר אלע אויף איהם אויסגעשטעלט אונזערע אויגען און ער האָט אונז, רעדענדיג ניט געאיילט, מיט אלע נויטיגע הפסקות ערקלערט:

— אַט די פליג וועט איצט קומען צופליהען אהיים און דערצעהלען א גוואַלדיגען נס וואָס מיט איהר האָט געטראָפען אויפ'ן וועג. זי וועט דערצעהלען, ווי זי איז ארומגעפלויגען און ארומגעשטיפט אין א שעהנעם העלען טאָג, און פלוצים האָבען זיך אויף איהר ארויפגערוקט פון אלע זייטען גרויסע, גרויסע בערג און בעגראָבען איהר אונטער זיך. ארום איהר איז געוואָרען אזא חושך, אז זי האָט קיין זאַך ניט געזעהן. אומזיסט האָט זי זיך געשלאָגען, געריסען, געשריען — זי האָט שוין געמיינט אז דאָ איז איהר קבר, נאָר פלוצים האָבען זיך די בערג צוריק אָבגערוקט, עס איז

ווידער געווארען ליכטיג און זי איז אהן א נשמה איצט געקומען צופליהען אחיים.

האט ער דערזעהן ווי עמיצער זיצט אין א וואגען און שמייסט א פערד, האט ער זיך געווענדט צו אונז מיט דער פראגע:

— פון וואנען ווייסט דער פערד, אז מיט די שמיץ מיינט מען, ער זאל געהן ניכער?

ביי אונז איז געוועזן אזוי נאטירליך אז א פערד דארף פער־שטעהן, אז ער דארף לויפען, ווען מען גיט איהם א שמיץ, אז מיר האבען געענטפערט מיט א פראגע:

— וואס דען, זאל ער זיך אפשטעלען?

אונזער קליינער פילאזאף בענטשע האט זיך ניט פער׳חרוש׳ט פון אונזער ענטפער און ער האט גאנץ רוהיג א דרעה געטהאן מיט׳ן פינגער און געזאגט:

— און מאקע. פאר וואס זאל א שמיץ ניט בעדייטען, אז א פערד זאל זיך אפשטעלען? אז א רבי שמייסט א איינגעל, וועט ער נעהמען לויפען? פון וואנען וויים דער פערד, אז שמיץ מיינט לויפען?

ווייטער צו דינגען זיך האט שוין ניט געהאלפען און מיר האבען געמוזט צוגעבען, אז די פסיכאלאגיע פון פערד, ווי פון פליגען איז אונז אויך פרעמד.

— עס איז א מעות, אויב מען מיינט, אז א פערד פער־שטעהט, וואס דער מענש מיינט. אויב א פערד לויפט, ווען מ׳גיט איהם א שמיץ, איז דאס ניט דערפאר, וואס ער פערשטעהט דעם רצון פון דעם מענשען. א פערד איז א פערד און האט קיין שכל נים. מעהר ניט, אז מען גיט איהם א שמיץ, וויל ער אנט־לויפען — ניט געהן ניכער, ניט לויפען, נאר אנטלויפען — און ער וויים ניט, אז דערמיט מהוט ער, וואס דער מענש וויל און פיהרט ניכער דעם וואגען.

בענטשע האט זיין פילאזאפישען קעפעל געבראכען ניט נאר אויף פסיכאלאגיע, נאר אויך אויף אנדערע חכמות. באלד נאכ־דעם ווי דער לעהרער וויינשטיין האט גענומען קומען צו אונז אין

חדר אויף א שטונדע, האָט בענטשע אונז געגעבען א חקירה אין פילאָלאָגיע.

— פאַר וואָס הייסט פּאַדלאָגע — פּאָדלאָגע?

עס פערשטעהט זיך, אז נאָך די ערשטע עטליכע „אוראַקען" ביים לעהרער האָבען מיר נאָך ניט געקענט וויסען אזא זאַך.

— עס הייסט פּאַדלאָגע, ווייל דאָס שטאַמט פון די ווערטער „פּאָד נאָגי" (אונטער די פיס). אי, וועט איהר דאָך פרעגען, אז אויב אזוי האָט דאָך פּאַדלאָגע געדאַרפט הייסען פּאַדנאָגע? איז דער תירוץ, אז די אותיות דטלנ"ת פערבייטען זיך אמאָל, און אז „על" קען פערנעהמען דעם אָרט פון א „ען".

עס איז כמעט ניט אריבער די וואָך, אז ער זאָל פאַר אונז ניט האָבען עפּעס א נייע חקירה. ער איז אין דער הינזיכט געווען אן אמת'ער תלמיד מובהק פון אונזער רבי'ן אברהם שלמה דעם חקרן.

נאָר איין טאָג האָט זיין חקירה א שווערען קלאַפּ געקראָגען.

עס איז געווען אין מיטען לערנען פאַר וואָרעמעס. בענטשע האָט פּלוצים דערפיהלט א שאַרפען וועהטאָג, א צאָהן האָט איהם פון העלער הויט אָנגעהויבען צו רייסען. ער האָט זיך אלע ווײלע געכאַפּט מיט דער האַנט פאַר דער באַק און פערמאַכט די אויגען. מיר האָבען דעמאָלט געהאַט א שווערע סוגיא און קיינער האָט ניט בעמערקט, ווי ער האָט געליטען. ער האָט זיך מיט גרויסע צרות קוים דערוואָרט, ביז דער שיעור האָט זיך געענדיגט. מיר האָבען זיך אלע געלאָזט געהן אהיים און בענטשע, מיט דער האַנט אויפ'ן באַק און מויל, האָט קוים אַרויסגעזייט דורך די צייהנער:

— א צאָהן, וואָס, האַ? דאַכט זיך, גאָר ניט? א שטיקעל ביינדעל, ניט מעהר, און ווי ער טהוט וועה. ווי קען א ביינדעל מאַכען אזא וועהטאָג?

איצט האָט ער צום ערשטען מאָל געשטעלט אונז א פראַגע, אויף וועלכער ער האָט ניט נאָר קיין ענטפער ניט אָנגעגרייט, נאָר האָט קיין ענטפער ניט געקענט געפינען ער האָט איצט ניט גע־פרעגט, צו ווייזען אונז, ווי זיין מאָרד ארבייט פילאָזאָפיש. נאָר דאָס איז געווען א קרעכץ פון א פערוואונדעטער חקירה. על פי

זיין חקירה איז א צאהן געווען ניט מעהר ווי אן אריינגעשטעלטער ביינדעל אין מויל, וואס מאכט עס אויס, צו די נאטור אדער א דענטיסט האט דער ביינדעל אריינגעשטעלט, און וואס פאר א שייכות האט אזא ביינדעל מיט וועהטאג?

דאס איז געווען א שטארקער קלאפּ פאר דעם קליינעם פילא־זאף. ער האט פאר זיך געהאט אויסגעבויט אזא שעהנעם בנין מיט אזא שטארקען פונדאמענט. און פלוצים האט ער דערזעהן ווי אלץ הויבט אן צו קראכען. צום ערשטען מאל האט זיך צו איהם פער־גנב'עט אין זיין קליינעם קעפעל דער ביטערער צווייפעל. און פון דעם טאג אן האט בענטשע פערלארען זיין שטענדיגען זיכערען טאן און מען האט שוין פון איהם אזוי גיך ניט געהערט נייע ער־קלערונגען אויס'ן געביעט פון חכמה און תכונה.

# דער קאפּראַלנער.

אין אונזער חדר, ביי אברהם שלמה דעם חקרן, האט אנגע־הויבען אריינצוקומען א לעהרער.

דאס האבען די גבירישע טאטעס געפאדערט, אז זייערע קינדער זאלען א שעה אין טאג לערנען רוסיש און אריפמעטיק.

דער לעהרער איז געווען אן אריבערגעקומענער פון אן אנ־דער שטעדטעל, און האט געהייסען וויינשטיין. ער האט געטרא־גען אזא שטעהענדיגען ענגען קראגען, אז ער האט דעם קאפ ניט געקענט אנבויגען און האט איהם שטענדיג געהאלטען עטוואס פּ'נרריסען, און אזוי האט ער זיך אויך געהאלטען מיט די תלמידים, שטייף און פעררריסען. „זדראוועסטוואויטע" און „דא סווידאניא" זיינען געווען די צוויי איבריגע ווערטער, וואס ער האט געזאגט צו די תלמידים, א חוץ וואס ער האט געדארפט רעדען און ער־קלערען ביים „אוראָק". עס איז געווען גרינג צו זעהן, אז ער האט זיך גענומען זעהר ערנסט און האט ארונטערגעקוקט אויף אלעמען פון אויבען אראפּ. עס פערשטעהט זיך, אז ער האט געטראגען בענסנע און ביים אונטערשרייבען די „אטמעטקעס" ביי די תלמידים האט ער זיין נאמען אויסגעצוקט אין דער פארם פון דריי פיראמידען.

אין דער צייט פון דער שטונדע האט דער רבי זיך אריבער־געקליבען אין דער גרויסער שטוב און האט פערבראכט א פיעל לענגערע צייט ביי זיין ווארעמעס, ווי דאס ארימע געקעכץ האט געפאדערט.

ער האט דעם לעהרער ניט ליעב געהאט, און ניט דערפאר וואס יענער איז געקומען גוי'איש לערנען דארטען, וואו ער האט געפלאנצט אידישקייט. דער רבי איז שוין געווען צופיעל חקרן

רערצו, און ווען ער וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט ער די „אורא־קען" געלערנט צוזאמען מיט אונז. און דאס איז טאקע געווען דער כוח, פאר וואס ער האט ביי דער ארימער שיסעלע סטשאיו פער־בראכט איבער א שטונדע צייט. דאס קליינע רינע ווענטעל, וואס האט אפגעטהיילט די שטוב פון חדר, האט איהם ניט געשטערט צו הערען יעדעס ווארט, וואס דער לעהרער האט מיט די קינדער געלערענט און ער האט עס טיעף אריינגענומען אין זינען.

ער האט גאר ניט געהאט געגען דעם, אז א איינגעל זאל זיך לערנען רוסיש. פון אריטמעטיק איז דאך אפגערעדט, דאס איז יאך א חכמה און ער אליין איז געווען גוט בעהאוועגט אין תשבורת גאר אפילו לשונות איז גוט צו וויסען. עס קומט צוניץ. און עס איז טאקע גאנץ פיין, אז מען קען לשונות. אבער דער לעהרער וויינשטיין האט ביי איהם קיין שום פנים ניט געהאט. דאס וואס ער רעדט רוסיש איז קיין קונץ ניט. דער קלענסטער שייגעצעל אין דארף רעדט רוסיש, און טאקע אן אמת'ער פאניע רעדט נאך בעסער פון איהם. זעהט איהר, ווען וויינשטיין וואלט געווען א בקי אין תלמוד און דערצו וואלט ער נאך געקענט לשונות, וואלט געווען עפעס א חריש. אבער פון דער גמרא ווייסט ער דאך ניט אפילו מאי דקאמרי רביצין, און אלץ וואס ער קען, איז דאס ביסעל רוסיש און אלץ וואס מען קען ווענען איהם זאגען איז, אז ער איז א גרויסער שייגעץ.

איינמאל איז דער רבי געווען זעהר אויפגעלעגט. דאס איז געווען באלד נאכדעם ווי דער לעהרער איז אוועק. דער טאג איז געווען א שעהנער און א הייסער. דער רבי האט געשוויצט ווי זיין שמיינער איז געווען, און גרויסע טראפענס שווייס האבען זיך געקייקעלט פון פנים און פון דער אפענער ברוסט. פון צייט צו צייט האט ער געווישט דעם פנים מיט'ן ברייטען ארבעל פון זיין העמד. דאס האט איהם א האר ניט געמאכט אונבעקוועם, זיינע שווארצע אויגען האבען ממש געשפרונגען פון א געפיהל פון חוזק און ער האט עטליכע מאל א גלעט געטהאן זיין שווארצע בארד, וואס האט פערטראגען צו א בלויקייט, כדי צו פער־

שטעלען א שמייכעל, וואס איז געלעגען בעהאלטען אונטער זיינע וואנסען און זיך אנגערופען:

— הייסט עס, אז היינט האבען מיר געלערענט, ווי דער זיידע האט געשלעפט א ריבען און האט איהם ניט געקענט ארויס־שלעפען, און די באבע איז געקומען און האט געשלעפט דעם זיי־דען און דער זיידע האט געשלעפט דעם ריבען און ניט געקענט ארויסשלעפען —

דאס איז געווען געמיינט די תורה פון דעם לעהרער. דעם טאג האט דער לעהרער פערטייטשט א קינדערישע מעשה'לע, ווי פיעל מענשען האבען געשלעפט א ריבען פון דער ערד און ניט געקענט ארויסשלעפען, ביז א מייזעל איז געקומען און האט איהם ארויסגעשלעפט.

— דאס איז יונ'ישע חכמה! — האט ער בעמערקט, און א ברייטער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיין גאנצען פנים.

מיר האבען זיך אלע פערשעמט. און טאקע וואס הייסט, מיר, גמרא אינגלאך, וואס בייסען שוין איין א מהרש"א, זיצען און לערנען, ווי דער זיידע האט געשלעפט א ריבען און ניט געקענט איהם ארויסשלעפען און אזוי ווייטער.

דעם רבי'ס שמייכעל איז ניט געווען אזוי פאר דער נארישער מעשה'לע וועגען דעם ריבען און דעם זיידען, און דער באבע און דעם מייזעלע, ווי צו געבען אונז צו פערשטעהן דעם גרויסען אונ־טערשייד פון אהלי שם ביז חכמת יון, דעם אונטערשייד צווישען דער תורה וואס מען לערנט אין א חדר און דער חכמה וואס מען הערט פון א לעהרער אין רוסיש. מיין רבי אברהם שלמה האט קיין שום ספק ניט געהאט, אז דאס איז געווען די גאנצע חכמה, וואס די גוים האבען פערמאגט.

דער רבי איז דעם גאנצען האלבען טאג געווען זעהר אויפ־געלעגט, כמעט פרעהליך, אזוי ווי ער גופא האט ביינעוואונט א פערהער צווישען חכמת ישראל און חכמת הגוים און האט בעד־שיינפערליך געזעהן, ווי די גוי'שע חכמה איז אזוי צוריבען גע־ווארען אין שטויב, אז זי קען שוין מעהר קיין תקומה ניט האבען. דעם טאג האט זיך דער למוד געקאנטשעט מיט א האלבע שעה

פריהער און דער רבי צוזאמען מיט אונז איז אוועק באדען זיך.
ער האט כמעט פארלארען זיין ערנסטקייט און האט זיך אין טייך געהאלטען שטיפעריש. ער האט קלאפטער געמאסטען, אויפ'ן רוקען געשוואומען מיט צוזאמענגעלעגטע הענט אונטער'ן קאפ און געגרונטעוועט זיך.

און אז ער איז ארויס פון טייך און גענומען אויסטרעסלען דאס וואסער פון די אויערען, האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און געזאגט אין דער הויך מיט א געלעכטער:

— און דער זיידע האט געשלעפט א ריבען און ניט געקענט איהם ארויסשלעפען.

עס איז ווידער געווען א שעהנער זומערדינער טאג און וואַרעמעס־צייט האט דער רבי אין דער שטוב גענעסען א מילכינען קרופניק און מיר האבען אין דער קליינער קאמער געהאט אונזער אורעס. היינטיגס מאל איז שוין דער למוד ניט געווען פון אזא קינדישע מעשה'לע, ווי מיט'ן ריבען. דער לעהרער האט די לעצטע צייט אונז פערטייטשט קרילאוו'ס משלים.

ווען די תלמידים זיינען זיך צוזאמענגעקומען נאך האלבען טאג און אויסגעזעצט זיך אויף זייערע פלעצער מיט די גמרות אויפ'ן טיש, איז דער רבי צוגעקומען אביסעל פערטראכט. ער האט געעפענט זיין בלעכענע פושקעלע, צוזאמענגעדרעהט א פאפירעס, פעררויכערט איהם און נאכגעקוקט דעם רויך, ווי ער איז פערשוואונדען דורך דעם אפענעם פענסטער. ער האט זיך איצט ניט געאיילט צו עפענען זיין גמרא, און נאך א היבשער פויזע האט ער געפרעגט:

— וואס איז דאס געווען פאר א משל, וואס איהר האט היינט געלערנט?

עטליכע שטימען מיט אמאל האבען געענטפערט אויף דער פראגע. געוועהנליך, וואלט ער אפגעשטעלט אלעמען און געוועגדט זיך צו איינעם מיט דער זעלבינער פראגע. נאר היינט איז דאס ניט געווען נויטיג. ער האט די „באסניע" געוואוסט ניט ערגער, ווי די תלמידים.

ער האט ווידער ארויסגעלאזט עטליכע ציה און געפרעגט:

— וועמעס איז דאָס?
— קרילאָוו'ס.
— קרילאָוו? אַן אמת'ער פּאַניע.

ער האָט ווידער אַרויסגעלאָזט עטליכע ציה און האַלב אַרויסגעזאָגט זיין השערה און האַלב ערקלערט אונז:

— מען קען ניט זאָגען, אַ שכל שטעקט אין דעם משל. דאָס איז אַ קלוגער איינפאַל, אָבער קיין חכמה קען מען עס ניט רופען. עס טרעפט אַמאָל, אַז מען הערט אַ קלוגען איינפאַל אפילו פון אַ פּויער.

מיין רבי, אברהם שלמה דער חקרן, האָט זיך נאָך אָבער אַלץ ניט געקענט בערוהיגען. ער האָט ווידער געגעבען אַ פּאָר ציה און ווייטער געזאָגט:

— דער לשון איז אַביסעל אַ גלאַטערער, ווי אַ פּויער רעדט. עס קען גרייליך זיין, אַז דער קרילאָוו קען אפילו ניט שרייבען. אַ פּאַניע איז ער, איז פאַר איהם ניט שווער אַרויסצוזאָגען זיינעם אַ געדאַנק אין זיין לשון. עס איז אַ שטייגער ווי ווינדער דער בעל העגלה דערצעהלט זיינע אַ מעשה'לע וועגען די שדים, וואָס ער בעגעגענט אין וועג. ער איז אַ איד, איז דאָס ביי איהם אַ חוזק צו דערצעהלען אין אידיש, און פאַר'ן פּאַניע קרילאָוו, איז דאָס ניט שווער צו דערצעהלען אַזאַ משל אין רוסיש, און עס קען זיין, אַז ער פערשטעהט ניט מעהר ווי ווינדער דער בעל העגלה.

נאָר מיין רבי אברהם דער חקרן האָט זיך נאָך אַלץ ניט בערוהיגט. עפּעס איז איהם געווען קשה'דיג אין זיין השערה און נאָך אַ קורצער פּויזע, האָט ער זיך אָנגערופען מיט אַ פריירעגן פּנים, פון וואַנען די גאַנצע פערטראַכטקייט איז פערשוואונדען געוואָרען:

— ווי הייסט ער? קרילאָוו? ער האָט מסתמא געדיענט אין סלוזשבע, און האָט זיך אודאי דערדיענט פאַר אַ קאַפּראַלנער. אַ קאַפּראַלנער האָט שוין אַביסעל אַ בעסערען לשון און מוז שוין זיין אַ גראַמאַטנער. אַזוי איז דאָס טאַקע, ער איז בלתי ספק געווען אַ קאַפּראַלנער.

און מיין רבי אברהם שלמה האט איצט מיט א גרינגערען הארצען און עפען געטהאן די גמרא. א ריב געטהאן א פאר מאל מיט דער האנט די בארד פון אויבען אראפ. ווי ער וואלט דער־מיט וועלען אפּרייבען אלע ספקות, און גענומען לערנען מיט אונז.

ביז היינטיגען טאג קען איך ניט פערשטעהן, וואס וואלט מיין רבי'ן אברהם שלמה'ן געארט צו מאכען פון קרילאוו'ען אן אפּיצער.

# זיין פאטענט.

יאנקעל בערעל האט זיך מיט קיין זאך ניט אויסגעצייכענט ביי אונז אין חדר, סיידען דערמיט וואס ער האט געהאט א קעפעל שטייפע רויט־געלע האר און זיין פנים'על איז געווען אזוי בע־שאטען מיט זומער־שפרינקלאך, אז דעם אמת'ן קאליר פון זיין הויט האט מען ניט געקענט זעהן. ער איז אויך געווען זעהר א פרעהליכער און ווען ער זאל ניט לערנען ביי אברהם שלמה דעם חקרן, וואלט ער געווען דער גרעסטער קונדס אין שטאדט.

יאנקעל בערעל האט זיך ניט אויסגעצייכענט אין לערנען און נאך ווייניגער אין די חקירות, וואס עס איז אויסגעקומען צו הע־רען פון רבי'ן אדער צווישען די תלמידים. ווי עס האט אויסגע־זעהן פון זיין גלייכגילטיגקייט צו די וואך שיעורים און צו די פילאזאפישע השערות און סברות, מיט וועלכע די לופט אין אונזער חדר איז געווען פול, האט ער זיך גיכער געפאסט צו זיין א תלמיד ביי וועלכען עס איז אנדער מלמד און ניט ביי אברהם שלמה דעם חקרן.

איינמאל, האט דער רבי אברהם שלמה דער חקרן פעררויכערט א פאפיראס און האט זיך ביים ערשטען ציה צוהוסט. דאן האט ער זיך אנגערופען:

— זעהר ניט געזונט, זעהר ניט געזונט צו רויכערען.

ער האט געסטארעט זיך אויסצוהוסטען דעם טרוקענעם טא־באק, וואס האט זיך איהם פער'גנב'עט אין האלז און האט ווידער א ציה געטהאן מיט דעם זעלביגען רעזולטאט. ער האט געהוסט, געפופוקעט דעם טרוקענעם טאבאק פון די ליפען און פון צונג און ווידער בעמערקט:

— זעהר ניט געזונט. א קוימען ווערט פערדעקט מיט סאזשע

און א מענש וואס רויכערט, ווערט איהם אויך פערדעקט אינווענינ מיט א מין סאושע.

ער האט מיט'ן פינגער געוויזען אויפ'ן נארטעל און ארונטער און ווייטער געזאגט:

— א רויך פון האלץ לאזט ארויס א שווארצען סם און א רויך פון טאבאק לאזט ארויס א געלען סם און אינווענינ איז איין געלע פליאמע.

מיר האבען געקוקט אויפ'ן רבי'ן פעראינטערעסירט און פערוואונדערט. אונז האט ניט גע'חדוש'ט, וואס דער רבי רעדט אזוי וועגען רויכערען מיט א פאפיראס אין מויל: מיר זיינען שוין געווען גמרא אינגלאך און מיר האבען געוואוסט, אז דרש'ענען איז איין זאך און מקיים זיין אין א צווייטע זאך. און דאס איז געווען גאנץ פערשטענדליך. אונז האט דער ענין גופא אינטערעסירט, ווייל כמעט אלע תלמידים האבען גערויכערט.

און אונזער אינטערעס איז נאך גרעסער געווארען ווען אונזער רבי אברהם שלמה דער חקרן האט זיך ווידער אנגערופען:

— עס קען אויסווייזען קשה, פאר וואס עפעס איז דער סם פון האלץ שווארץ און פון טאבאק געל — נאר דאס איז די טבע אזא, און איהר קענט עס אליין זעהן.

ער האט אנגענומען דעם ברעג ארבעל פון זיין העמד, צוגע־טראגען איהם צום מויל און דורכגעלאזט דורך איהם א מויל רויך.

מיר אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון די פלעצער, איבער־געבויגען זיך איבערן טיש און אלע אונזערע קעפלאך האבען ארומ־גערינגעלט דעם רבי'ס ארבעל און מיט בליסטשענדיגע אויגלאך צוגעקוקט זיך, וואס דערפון וועט ארויסקומען.

און טאקי באלד האבען מיר דערזעהן אויפ'ן ארט, דורך וועלכען דער רויך איז דורכגעגאנגען, א געלע פליאמע.

עס איז געווען מורא'דיג און אינטערעסאנט. מיר זיינען גע־בליבען אלע אווילע אהן לשון, די קעפלאך אונזערע נאך אלץ צוזאמענגעקוועטשט און די אויגען איינגענעסען אין דעם רבי'ס ארבעל, פון וואנען די געלע פליאמע האט ממש געשריען צו אונז:

— איהר זעהט? אזוי איז ביי אייך אינעווענינ פון האַלז אַרונטער.

און ווען מיר האָבען זיך שוין צוריק צוזעצט אויף אונזערע ערטער און דער שיעור האָט זיך אָנגעהויבען און מיר האָבען זיך ווייטער געשאָקעלט איבער דער גמרא, האָט אונזער געדאַנק אוועק־געבלאָנדזשעט פון דעם לערנען און אונזערע אויגען האָבען גע־זוכט די געלע פּליאַמע אויפ'ן רבי'ס אַרבעל.

מעהר פון אַלעמען האָט זיך מיט די אויגען איינגעגעסען אין דער געלער פּליאַמע יאַנקעל בערעל. ער איז גראָד געווען איינער פון די פּאָר תלמידים, וואָס האָבען דוקא ניט געראַוויכערט. עס קען זיין, אַז לכתחילה האָט דעם אינטערעס ביי איהם אַרויסגערופען דער קאָליר, וואָס איז איהם געווען אַזוי בעקאַנט און וואָס האָט איהם אַזוי פיעל עגמת נפש פערשאַפט, ווייל צוליעב זיינע רויט־געלע האָאַר פלעגען מיר איהם רופען „געלער רמאי" ווען מיר פלע־גען אויף איהם אין כעס ווערען. נאָר אפשר איז שוין דעמאָלט ביי איהם אין קעפּעל געבוירען געוואָרען דער גרויסער געדאַנק מיט וועלכען מיר האָבען זיך שפּעטער בעקענט.

נאָך דער דאָזיגער דעמאָנסטראַציע זיינען עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד געווען די אַרבעל פון אונזערע העמדער בעדעקט מיט געלע פּליאַמעס. מיר האָבען ניט דורכגעלאָזט אַ געלעגענהייט צו ווייזען חברים די שעדליכקייט פון רויכערן און בעשיינפּערליך געוויזען אויף אונזערע אַרבעל פון העמד, און דאָס האָט שטענדיג אַרויסגערופען אַ פערוואונדערונג ביי די, וואָס האָבען זיך דערצו־צוגעקוקט.

איינפאַרנאַכט ווען מיר האָבען זיך אַלע געלאָזט געהן אין די פּריסאַדעס שפּאַצירען האָט מיך יאַנקעל בערעל פערהאַלטען מיט אַ פיעל בעדייטענדער מינע, כדי מיר זאָלען אָפּשטעהן פון די אַנ־דערע חברים און שטיל געפרעגט:

— האָסטו געזעהן די פּליאַמע?

— וועלכע?

— אויפ'ן אַרבעל.

איך האָב אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט פעראַכטונג. איך

אליין האב שוין אזוי פיעל בעוויזען, ווי אזוי די פליאמעס ווערען, און ער פרעגט מיך צו איך האב געזעהן.

נאר ער איז ניט געפאלען ביי זיך פון דעם קוק און געפרעגט:

— נו?

— וואס נו?

— פאר וואס רויכערסטו?

— וואס הייסט?

— איך קען דיך אבגעוואוינען פון רויכערען.

— דו?

— יא, איך האב א תרופה.

דער אמת איז געווען, אז ווי די פליאמע האט ניט אויסגעזעהן מורא'דיג אויפ'ן ארבעל, האב איך אפילו אין זינען ניט געהאט אוועקצואווארפען רויכערען. דאס רויכערען האט פאר מיר געהאט נאר אן אנדער בעדייטונג, ווי פאר עלטערע מענשען. דאס איז געווען עפעס א מין פאוועסטקע צו די עלטערע, אז מיר זיינען שוין מעהר ניט קיין קינדער, דאס איז געווען א מין שטומע ערקלערונג צו די ספאלנע, אז מיר שטעהען שוין אויף אונזערע אייגענע פיס. א חוץ דעם איז געווען עפעס מעשה כוואט צו פערציהען דעם רויך מיט אינוועניג אדער ארויסלאזען א געריכטען וואלקען רויכ'ן נאז. נאר א תרופה נעגען רויכערען איז שוין עפעס אנדערש און איך האב געפרעגט:

— וואס איז די תרופה?

— פריהער זאג, וואס וועסטו מיר געבען, אז איך וועל דיך אפגעוואוינען דערפון?

— וואס זאל איך דיר געבען?

— א חודש צייט זאלסטו מיר קויפען לאנדרינס פאר'ן געלט, וואס דו גיסט אויס אויף פאפיראסען. נאר פריהער דארפסטו מיר געבען א האנט, אז דו וועסט קיינעם ניט אויסזאגען.

— פאר וואס?

— חכם! אז איך וועל דיר זאגען וואס דאס איז, וועסטו דאך קענען אליין אפמאכען מיט די אנדערע חברים, און וואס וועל איך דערפון האבען?

דאָס איז געווען זעהר מאַטעריאַליסטיש און גאָר ניט אין דעם גייסט, ווי אונזערע חקירות זיינען געמאַכט געוואָרען. נאָר דער געדאַנק, אַז דער געלער רמאַי האָט עפּעס אַליין פון זיין אייגענעם קאָפּ אויסגעפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אָפּצוגעוואוינען מענשען פון רויכערן און ער קען זיין בעזאָרגט ווער ווייסט ווי לאַנג מיט לאַנדרינס צוקערקעס, האָט ביי מיר אַרויסגערופען אַ גרויסע נייגיערדע, און אַריינפאַלענדיג אין זיין טאָן. האָב איך געפרעגט שטיל:

— נו?

— איז אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט.

— אַ חודש לאַנדרינס?

— אַ חודש לאַנדרינס, אויב —

— אויב וואָס?

— אויב איך וועל זיך אָפּגעוואוינען.

יאַנקעל בערעל האָט אַ קוק געטהאָן אויף די חברים, וואָס זיינען געגאַנגען פאַר אונז און וואָס האָבען אַפילו ניט גע'חלומ'ט וועגען דעם נייעם פּאַטענט, וואָס זייערער אַ חבר האָט אויסגעפונען, אַ חבר, וועלכער האָט זיך קיין מאָל מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכענט, דערנאָך האָט ער אַ קוק געטהאָן הינטער זיך צו זעהן, אויב קיינער געהט אונז ניט נאָך און געפרעגט:

— פיעל פּאַפּיראָסען אַ טאָג רויכערסטו?

— איך ווייס ניט.

— אַן ערך?

— צעהן.

—גוט. די נפקא מינה פון צעהן ביז ניין איז אַ חוזק, ניט אמת? דו קענסט אויסקומען מיט ניין פּאַפּיראָסען ניט ערגער ווי מיט צעהן, ניט אמת? ווייל איין פּאַפּיראָס אַ טאָג איז אַ חוזק.

ער האָט מיר געקוקט אין די אויגען, ווי וועלענדיג בעסער לייענען דעם ענטפער דאָרטען ווי אין מיינע ליפּען.

— זאָל זיין אַזוי.

— געדענק זשע, רויכערסטו מאָרגען ניט צעהן נאָר ניין פּאַ־

פיראַסען און זעה אז דו זאָלסט מעהר ניט רויכערען. איבערמאָרגען וועסטו רויכערען ניט מעהר ווי אכט א טאָג, און נאָך איבערמאָרגען — ניט מעהר ווי זיבען, און נאָך איבערמאָרגען — ניט מעהר ווי זעקס און אין צעהן טעג כיזטו פאַרטיג, בלייבט דיר ניט צו רויכע־רען אפילו קיין איין פּאַפּיראָס.

— איז דאָס די תרופה? — האָב איך געפרעגט און האָב רערביי פערדרויכערט א פּאַפּיראָס.

מיר האָבען זיך איצט געלאָזט געהן ניכער, כדי אנצויאָגען די איבעריגע חברים, און יאנקעל בערעל האָט געקוקט אויפ'ן רויך, וואָס האָט זיך געצויגען פון מיין פּאַפּיראָס, געקוקט און אפשר גע־זעהן ווי די איינציגע אויסצייכנונג וואָס ער האָט געוואָלט האָבען ווערט צושוואומען ווי דער רויך.

נעבאָך, ער האָט קיין לאַנדדינגס ניט געקריגען.

# דער קלאסניק.

לאזער איז מיין חבר געווען, ביז איך בין אנגעקומען צו אברהם שלמה דעם חקרן. מיר זיינען אין איין חדר געגאנגען ביי מיין פריהערדיגען מלמד, און א חוץ דעם זיינען מיר געווען שכנים און אונזערע קינדערשע יאהרען פערבראכט צוזאמען. מיר האָבען צוזאמען „איינע זיינע“ און „שלי שלך“ און „הילקע דרילקע“ געשפיעלט, גאנצע זומערדינגע אבענדען אויף איין פריזבע געזעסען און דערצעהלט אדער געהערט מעשיות וועגען „לודאיערען“ מיט איין אויג אויפ׳ן שטערען אדער וועגען די גרויסע גבורות פון משה נ״ח, געהאלפען איינער דעם צווייטען שבועות צאצקעס אויסקלייבען, אאיר אנקלייבען, אויף תשעה באב שווערדלאך מאַכען און אויפ׳ן בית עולם דזשימשקע בערנעס רייסען. נאר איידער איך בין אריין צו אברהם שלמה דעם חקרן אין חדר איז ער אין „קלאס“ אנגעקומען, און אונזער חבר׳שאפט איז אפגעקיהלט געווארען. ער האט נייע חברים געפונען, קלאסניקעס ווי ער, און איך האב געהאט מיינע נייע חברים.

עס פערשטעהט זיך, אז איך האב מבטל געווען איהם און זיין געהן אין קלאס. אונזער השגה וועגען קלאס איז געווען, אז מען שטעלט די קלאסניקעס אויף די קניע און מען זאגט מיט זיי פאטשערעס. איידער מיר זיינען גמרא אינגלאך געווארען בין איך מיט דעם זעלבינגען לאזער׳ען נאכגעלאפען די שילער ווען זיי זיינען פון שקאלע געגאנגען און נאכגעשריען זיי:

גוי, גוי,
לאדענוי!

נאָר איצט אונטער דער השפּעה פון מיין רבי'ן אברהם שלמה דעם חקרן האָב איך זיך אויפגעהויבען העכער דערפון און האָב נאָר געקענט מבטל זיין מיין חבר לאַזער'ען.

האָב איך איהם מבטל געווען בתכלית הביטול און אין דער זעלבינער צייט, איך ווייס אליין ניט ווי אזוי, האָב איך אנגעהויבען צו פיהלען צו איהם א קנאה. איך געדענק ווי איינמאָל האָט ער זיך בעוויזען מיט קורץ אָבגעשאָרענע האָר און אָהן א סימן פון פּאות. ווען מיין מאַמע האָט איהם דערזעהן דורכ'ן פענסטער האָט זי טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און ארויסגעזאָגט מיט א זיפץ:

— מען נעהמט בידים און מען מאַכט א קינד פאַר אַן אבוואָטניק.

און זי האָט מיט מעהר ליעבע ווי געוועהנליך א קוק געטהאָן אויף מיינע פּאה'קעלאך. ער האָט אויך אין מיינע אויגען אויסגע־וויזען, ווי פון איהם איז אראָפּגענומען געוואָרען דער צלם אלקים. נאָר אין עטליכע טעג ארום האָב איך אנגעהויבען צו פיהלען מיינע פּאות, א זאַך וואָס האָט מיט מיר ביז איצט קיין מאָל ניט גע־טראָפען.

דאָס זעלבינע איז געווען ווען ער האָט זיך בעוויזען אין א היטעלע מיט א יונ'ישען ברילעק, אדער ווען זיינע נייע חברים פלעגען קומען צו איהם און פאַר'ן שטוב זיינען זיי געשטאַנען און געהאַקט רוסיש. דאָס אלץ איז געווען עפּעס מעשה שקצים און עס איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. אָבער אין דער זעלבינער צייט האָט דאָס געשאַפען ארום מיין פריהערדיגען חבר עפּעס אַן אַט־מאָספער פון געוואַגטקייט, העלדישקייט און הפקרות. איך האָב געוואוסט, אז דאָס איז דער רייץ פון טומאה, נאָר א רייץ האָט עס געהאַט.

עס קען זיין, אז דאָס איז געווען נאָך אַן איבעריגע אורזאַך. פאַר וואָס איך האָב זיך מיט מעהר חשק גענומען צו אמת'ע חקירה. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון מיין רבי'ן אברהם שלמה דעם חקרן האָב איך זיך איינגעשאַפט דעם ספר הברית און יעדע לעדיגע מינוט צייט האָב איך אָפּגעגעבען דעם דאָזיגען ספר. איך

האָב ממש געשלונגען יעדען וואָרט און האָב זיך ניט אזוי געפרעהט מיט די נייע ידיעות, וואָס איך זאָמעל אָן, ווי דערמיט וואָס איך וועל קענען ווייזען מיין נאַרישען פריהערדיגען חבר דעם קלאַסניק, אז אפילו אין שיחת חולין, וואָס איז די גאַנצע תורה פון דער שקאָלע, וועל איך איהם אויסטרייסלען פון ארבעל.

נאָר דערצו האָט זיך געפאָדערט אזא ענין, וואָס זאָל אין שקאָלע אויסגעטייטשט ווערען אנדערס ווי ביי אונז. איך האָב זיך אנגעשטויסען אויף קופערניקוס' שיטה און איך בין געוואָר געוואָרען, אז אין די שקאָלעס לערנט מען, אז די ערד דרעהט זיך.

עס פערשטעהט זיך, אז דער מחבר פון דעם ספר הברית האָט אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט קופערניקוס מיט זיין שיטה. ער האָט דערוויזען מיט אלע וויסענשאַפטליכע ראיות, אז די שיטה איז א פאַלשע. די וויסענשאַפטליכע ראיות הגם זיי זיינען געווען זעהר קלאָר און איבערציינגענד, זיינען פאַר מיר געווען א גליטשיגער באָדען, נאָר איין ראיה איז געווען אזא, וואָס אפילו א קינדערשער מוח האָט געקענט גוט בעגרייפען. איך האָב עטליכע מאָל דורכגעלייענט דעם ענין און האָב ניט נאָר אראָפגעשלונגען דעם גאַנצען וכוח, נאָר טאקע גוט צוקייעט איהם און ווען איך בין דערמיט פאַרטיג געוואָרען, האָב איך גענומען וואַרטען מיט גרויס אונגעדולד אויף מיין פריהערדיגען חבר דעם קלאַסניק און געזוכט די געלעגענהייט צו פערציהען מיט איהם א וכוח. אָה, ווי איך האָב געגאַרט אָפצורעכענען זיך מיט די אונטערגעהאַקטע פּאות און יוני'שע היטעלע! איך האָב זיך שוין בעצייטענס געפרעהט, פאַרשטעלענדיג זיך, ווי איך נעהם איהם ארויף אויפ'ן ביינקעל און ער בלייבט ליגען הילפלאָז און פערשעהמט.

ס'איז געווען א שבת נאָכ'ן טשאָלענט ווען איך האָב בעמערקט דורכ'ן פענסטער, ווי מיין פריהערדיגער חבר לאָזער איז ארויס פון שטוב און געלאָזט זיך געהן צום ראָג געסעל, וואָס האָט ארויסגעקוקט אויפ'ן מאַרק. עס איז געווען א הייסער זומערדיגער טאָג, די זון איז געשטאַנען סאַמע איבער'ן קאָפּ, און דער ברייטער מאַרק איז געווען פערפלייצט מיט אזא העלקייט, אז מען האָט די אויגען געדאַרפט האַלב פערמאַכען. דאָ און דאָרט איין א ראָג

געסעל איז נעשטאנען א בחור פרער יונגערמאן אהן א רעקעל און געקוקט סתם אין מארק אריין. פון ערגעץ האבען זיך בעוויזען א כאליאסטרע מוזיקים און זיי האבען זיך מיט פוילע טריט געלאזט געהן צום פלומפ, וואס איז געשטאנען אין מיטען מארק. איינער האט זיך געשטעלט פאמפען און איינציגווייז איז יעדער צוגע־גאנגען, האט ארונטערגעבויגען דעם קאפ און אונטערגעשטעלט דאס מויל. דער איינער ביי דער פאמפע האט אין אנהויב געלאזט דאס וואסער געהן פאמעלאך נאר אזוי גיך ווי ער האט בעמערקט, אז דער טרינקער איז שוין באלד פארטיג האט ער מיט כח ארונטער־געקוועטשט דאס הענטעל, און דאס וואסער האט א פליוכע געטהאן און פערגאסען דעם טרינקער פון קאפ ביז די פיס.

נאר דער אמת'ער שפאס האט זיך אנגעהויבען, ווען דער איינער ביי דער פאמפע האט זיך געדארפט שטעלען טרינקען. ער איז אריין אין נצחון צו ווייזען, אז איהם וועט מען ניט אפ־פליוכען. ער האט דערביי אנגעווענדעט אלע אקראבאטישע שטיק, נאר דאס האט איהם ניט געהאלפען. ער איז דורכגעווייקט גע־ווארען נאך איידער ער האט א שלוק געכאפט, און נאך א לאנגען שפריצען, פליוכען און ניסען און ראנגלען זיך, האט זיך די גאנצע כאליאסטרע אוועקגעלאזט דורכגענעצטע נאר גליקליכע צו זוכען עפעס א נייעם ארט, וואו ארויסצואווייזען שקאצעריי.

איך בין אהן שום הקדמות גלייך צוגעטראטען צו מיין פריה־ערדיגען חבר לאזער. און זיך אנגערופען:

— אזוי, לערנט מען ביי אייך, אז די ערד דרעהט זיך?

ער האט מיך אנגעקוקט פערוואונדערט. נאך דער סצענע מיט דער כאליאסטרע מזיקים, איז די פראגע געקומען גאר אונערווארטעט. ער האט א ווייכע געטראכט און געענטפערט ערנסט, נאר ניט מיט סיין קול פון א איינגעל.

— יא, די ערד דרעהט זיך.

ער האט זיך ניט סומך געווען אויף זיין שקאלע. דאס איז געווען צו ווייניג פאר איהם. ער האט די גאנצע אחריות גענומען אויף זיך אליין און זיין ערנסטער ענטפער האט מיר געדארפט

ווייזען אַז מיט זיין הסכמה דאַרף שוין ביי מיר מעהר קיין ספק ניט בלייבען.

איך האָב איצט אויסגעשאַטען פאַר איהם אַלע ראיות, אַז די דאָזיגע שיטה איז אַ פאַלשע. אַנפאַנגס האָט ער זיך צוגעהערט מיט אַן אָפענעם איראָנישען אויסדרוק אויפ'ן גאַנצען פנים, ווי ער וואָלט וועלען מיר זאָגען, וואָס אַ שטייגער ווייס אַזוינער וואָס געהט ניט אין קיין שקאָלע פון אַזעלכע זאַכען? נאָר ווען איך האָב דערמאָנט קופּערניקוס, איז די איראָנישע מינע פערשוואונדען און ער האָט געפרעגט:

— ווער איז קופּערניקוס?

— ס'טייטש דו ווייסט ניט, ווער קופּערניקוס איז? וואָס הייסט, ווער איז קופּערניקוס? קופּערניקוס איז —

דאָ האָב איך שוין בעשיינפערליך געזעהן, אַז איך בין אויפן פערד. וואָס קען זיין נאָך נאַרעשער, ווען איינער רעדט וועגען אַ שיטה און ווייס אפילו ניט, ווער איז דער טאַטע פון דער שיטה. איך האָב קלאָר געזעהן, ווי ער האָט זיך פערלאָרען, איהם איז די מעשה גאָר ניט אָנגעשטאַנען. און איצט האָב איך זיך געאיילט צו ברענגען די שטאַרקסטע ראיה, פאַר וואָס די שיטה איז אַ פאַלשע, און מיטן אמת'ן גמרא נגון, און מיט אַ דרעה פון דעם גראָבען פינגער האָב איך אויסגעזונגען:

— ווען עס זאָל אמת זיין, וואָס קופּערניקוס זאָגט, אַז וואָס? אַז די זון שטעהט אויף אַן אָרט און די ערד דרעהט זיך — וואָלט דאָך געדאַרפט אויסקומען, אַז אַ האַלב יאָהר זאָלען מיר זיין אונטען און אַ האַלב יאָהר אויפ'ן הימעל.

איך בין שוין געווען בעגאַסען מיט שווייס ניט נור פון דער היץ פון דער זון, נאָר אויך פון דער היץ פון דעם וכוח. און איך האָב גענומען ווישען דעם שווייס כמעט מיט נצחון. איך בין געווען זיכער, אַז איצט וועט שוין זיין מויל פערשלאָסען ווערען.

אָבער גראָד אין דער מינוט האָט ער זיך צולאַכט און געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ הימעל, וואו הימעל! עס איז אַלץ בלוי וואָס מען זעהט. —

אויסגעשלאָפענע אידען האָבען שוין אָנגעהויבען צו ציהען איבערן מאַרק צום בית המדרש לערנען עין יעקב אַרער זאָגען

תהלים. פון די הייזער האט זיך שוין דערהערט, ווי די ווייבער האבען גענומען לייענען פרק. אלץ איז געווען אזוי הארמאניש. נאר איין קלאסניק האט זיך אריינגעכאפט צו אונז אין געסעל און האט די גאנצע הארמאניע איבערגעפיהרט.

איך און דער קלאסניק זיינען זיך צונאנגען און אונזער פריינדשאפט איז נאך מעהר אפגעקיהלט געווארען און איצט האב איך שוין אפילו מעהר איהם ניט מקנא געווען.

# פון חדר.

(סקיצע)

א גוטע פערטעל שעה פאר ניין אין אבענד האבען מיר שוין אנגעהויבען צו ווארפען פער׳גנב׳עטע בליקען אויפ׳ן וואנט זייגער, וועלכער האט געהאט דריי ווייזערס, איינעם פאר מינוטען, דעם צווייטען פאר שטונדען און דעם דריטען פאר׳ן דאטום. אין דער דאזיגער פערטעל שעה האבען מיר ניט געוואוסט, וועלכער ווייזער עס ריהרט זיך לאנגזאמער. עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי זיי האבען אלע א פערשווערונג געמאכט ניט צו ריהרען זיך פון ארט. אין די דאזיגע מינוטען האט זיך דער למוד אין חדר גאר ניט געקלעפט און איז ממש אין קאפ ניט געקראכען. עס האט זיך גע־וואלט וואס גיכער ארויסרייסען זיך אין דרויסען און אהיים. וואו מען האט קיין מאל ניט געקענט וויסען, וואס פאר א סורפריז ווארט אויף דיר. דער טאטע האט ערגעץ געקענט געהן אויף א קהל׳שע סעודה און ברענגען אהיים א „פערטעלע", דאס הייסט א געבראטענע פאלקע גאנז. און אויב עפעס האט געקענט דערמאַ־נען דעם טעם פון א גן עדן איז דאס געווען דאס הייטעל פון דער גאנז. ווינטער איז אויך געוועןן די צייט פון פרעגלען גענזענע שמאלץ און פון דעם דאזיגען פרעגלען נעהמען זיך גריבענעס. וועלכע קענען כמעט קאנקורירען אין טעם מיט דעם דערמאנטען הייטעל. ווינטער קען מען גאר אונערווארטעט טרעפען אין דער־היים א קליינעם עולם ביי א קערטעל, מיט א גראשען א סטאווקע און מיט א פערבייסען נאכ׳ן שפיעלען. מאלע וואס עס קען פאַ־סירען ווינטער אין אבענד. און די מינוטען צווישען א פערטעל צו ניין ביז ניין האבען זיך געצויגען ווי פון פעך.

און דער רבי אברהם שלמה איז געווען א פינקטליכער. אזוי גיך ווי דער וואנט זיינער האט אנגעהויבען צו שלאגען ניין, האט ער ארויסגענומען זיין זילבערנעם זייגערל און איבערצייגט זיך צו עס פעהלט נים א מינוט ציים. און ווען ער האט פערמאכט זיין ספר איז דאס געווען א סיגנאל פאר אונז, אז מיר מעגען זיך שוין אויסהויבען.

הגם אלע האבען זיך א ווארף געטהאן צו זייערע מאנטעלאך און פוטערלאך מיט אזא האסטיגקיים, אזוי ווי עס וואלט געברענט אונטער זייערע פיס, האט מען זיך איצט נים געשפארט גלייך צו דער טהיר ווי זומער־צייט. נאר ווער עס האט געהאט א לאנטערנע האט גענומען רייבען שוועבעלאך און צינדען דאס ליכטעל.

די גאנצע סטאטעטישנעקיים. ווי עס פאסט פאר קינדער וואס האבען שוין גמרא אנגעהויבען צו לערנען, איז איצט פערשוואונדען און אלע מיט אמאל שטופענדיג איינער דעם צווייטען האבען זיך א ווארף געטהאן צו די פוטערלאך, פערוואַרפען איבער'ן האלז די בלומשקענע שאלקעס און ארויסגעלאפען אין דרויסען נאך איי־דער די צווייטע האנט איז געווען אין ארבעל. ווער האט איצט צייט אויף אזעלכע זאכען, ווען צוועלף שעה איז מען אפגעזעסען אין אז ענגען צימער און מען האט רעכט אפילו נים געקענט אויסציהען די גליעדער, און די גאנצע צייט רוישט דאס יונגע בלוט און די איינגעשפארטע ענערגיע רייסט זיך עפעס צו טהאן.

דער חדר איז אזש לעבען די גערטנער, און דער וועג אהיים איז א גאנץ היפשער, און די קולקעס פליהען פון איינעם צום צווייטען בעגליים מיט פרעהליכע אויסגעשרייען, וועלכע לאזען וויסען אין די ארימע שטיבלאך אין די פערווארפענע געסלאך, אז דער זייגער איז שוין ניין.

דער וועג ביז'ן מארק איז א פרעהליכער, נאר דא שיידען זיך די וועגען פערנאנדער און יעדער דארף אליין געהן צו זיין געסעל.

דער מארק איז איצט פערלאזט און מען זעהט נים קיין לעבעדיגען נפש. די קראמען זיינען נאך אפען, נאר זיי זעהען אויס ווי אויסגעשטארבען, און עס שמילקעט דארטען א קליין אומעריג לעמפעל, און עפעס ווי א שאטען זיצט ביים אריינגאנג, אזוי איינ־

גענורעט, אז דו ווייסט ניט, צו דאָס איז א לעבעדיגע קרעמערקע צו איהר גייסט.

עפּעס אַן אונבעקאַנטער אומעט הויבט אָן צו צוטרעטען צום הארצען און צוזאמען מיט איהם גנב'עט זיך אריין א מורא אין דער נשמה. די פּערגליווערטקייט, מיט וועלכער די לופט איז אנגע־פילט, און די ווייסע גאס און די ווייסע דעכער ברענגען ארויף אונהיימישע געדאנקען, און עס דאכט דיר, אז דו ביזט אריינגע־פאלען אין אן אויסגעשטארבענע וועלט און דו ווייסט אליין ניט וואָס צו ערווארטען אויף יעדען נייען שריט.

און פּלוצים ווערסטו דורכגעדרונגען מיט אן איינדרוק, אז עס איז גאָר ניט אזוי פּוסט און פערלאָזט ווי דיר ווייזט אויס. און דער דאָזיגער איינדרוק וואקסט אלץ גרעסער, וואָס נעהענטער דו קומסט צו א געסעל. דער מארק איז ברייט, און, ווען ניט ווען, וועט דאך עמיצער דורכלויפען און ברענגען א גערוש פון דער לע־בעדיגער וועלט. די שיינקען זיינען בעלויכטען און פון דאָרטען הערען זיך לעבעדיגע שטימען. און ליתר בטחון געהסטו איבער'ן סאמע מיטען פון מארק און פוןביידע זייטען קענסטו זעהען, וואָס עס טהוט זיך פאר דיר.

אנדערש איז אבער אין א געסעל, פון ביידע זייטען קוקען אויף דיר שווארצע לעכער, און דו ווייסט ניט, ווער דאָרטען איז פערשטעקט. אָט וועט ארויסשפּרינגען דער „חברה־מאַן" ארומ־געגארטעלט מיט זיין אייגענער רויטער צונג און פערשטעלען דיר דעם וועג. ווי ווייט אונז איז געווען בעקאנט, האָט ער קיינעם קיין שלעכטס ניט געטהאָן, ער טרייבט נאָר זיין נארישען שפּאַס. נאָר די בעגעגענים מיט איהם אליין איז שוין גענוג. אדער עס וועט זיך ווייזען זיינער א חבר, און ער וועט דיר א בלענדענים ארויפ־ווארפען אויף די אויגען, און ווען דו ביזט זיכער, אז דו געהסט אהיים און קענסט מיט'ן פינגער אנווייזען אויף די גוט בעקאנטע הייזער פון דיינע שכנים, פיהרט ער גאָר דיך ווייט, ווייט הינ־טער די גערטנער, און דו ווייסט נאָכדעם ניט, וואו דו ביזט אין דער וועלט.

און פּלוצים דערמאָנסטו זיך, אז דו האָסט דעם יתום אייזיקל

אריינגעוואָרפן אין שניי און נעקייקעלט איהם דאָרטען און ער איז נאָכדעם וויינענדיג אוועקגעלאָפען צו זיין מאַמען. און וואָס וועט זיין מאַמע פון דעם עולם האמת זאָגען דערויף? עס איז אמת, דאָס איז געווען אַלץ אין שטיפעריי, נאָר זיין מאַמע איז געווען אַ קראַנקער און אַ בייזער און וועך ווייסט, צו ער לויערט דאָ ערגעץ נים אויף דיר.

דו פיהלסט, ווי איבער'ן רוקען געהט דיר איבער אַ קעלט. דו געהסט גלייך, אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע און האָסט מורא אַ קעהר צו טהאָן דעם קאָפּ אין דער אדער אין יענער זייט. דו וואָלסט איצט גערן אַ לאַף געטהאָן, נאָר דו ווייסט דיין אונבעהאָלפענקיים, און פון זיי קענסטו נים אנטלויפען. דו האָסט מורא, אז מיט'ן לויפען זאָלסטו נאָך מאַכען ערגער. און דער אָטהעם פעהלט דיר פון דעם מינדעסטען שאָרך.

אַ קאַץ לויפט דורך און דער גרינער שיין פון איהרע אויגען שטעלט אָפּ אויף עטליכע סעקונדען דאָס קלאַפּען פון הארצען.

אין דעם ענגען געסעל, מיט די פינסטערע לעכער וואָס קוקען אויף דיר פון ביידע זייטען, מיט דער גאַנצער פּאַנאָראַמאַ פון שדים, מתים, רוחות, לצים פאַר די אויגען, קענסטו נים זיין זיכער, צו די קאַץ איז טאַקע אַ קאַץ און צו עס האָט פון די אויגען פון אַן אמת'ער קאַץ אָפּגעשלאָגען אַזאַ גרינער שיין. דו ציהסט אָפּ גרינ־גער דעם אָטהעם ווען דו זעהסט, ווי די קאַץ האָט חרטה געקריגען און, אנשטאָט צו לויפען אנטקעגען דיר, האָט זי זיך פערקערעוועט און פערנומען זיך אין דער זייט געגענאיבער.

און אָט זעהסטו די טהיר פון אייער הויז און פערמאַכסט איהר מיט אַ גרויסען איטפּעט.

פון אַ וועלט פון שאָטענס צוריק אריין אין אַ לעבעדיגער וועלט.

# די לאַנטערנע.

באַלד נאָך סכות ווי מיר האָבן אָנגעהויבן צו לערנען אין חדר ביינאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון לאַנטערנעס.

ביי אונז אין שטעדטעל איז ניט איינגעפיהרט געווען דער מנהג צו בעלייכטען די גאַסען, הגם מיר האָבן געוואוסט, אַז אין די גרויסע שטעדט ברענען לאַנטערנעס אַ גאַנצע נאַכט אין די גאַסען. דאָס האָט אונז דערצעהלט יאַנקעלע זיסעל דעם בעל־העגלה'ס, און ער האָט געדאַרפט וויסען... זיין טאַטע פלעגט יעדע וואָך פאָהרען קיין ווילנא און דערין האָט קיין שום ספק ניט גע־קענט זיין. יאַנקעלע פלעגט אָפט ברענגען אין חדר אַ שטיקעל האַלב זיידענעס ברויט און אַזאַ ברויט האָט מען ניט אין אונזער שטעדטעל און ניט אין די אַרומיגע שטעדטלאַך קיין מאָל ניט געזעהן.

און אַז די גאַסען זיינען ביי אונז ניט געווען בעלויכטען, האָ־בען מיר געזוכט צו בעזאָרגען זיך מיט לאַנטערנעס פאַר די פינס־טערע נעכט. עס איז אמת, אַז ווי פינסטער אַ נאַכט איז ניט געווען און ווי פערוואָרפען אונזער חדר איז ניט געווען, וואָלטען מיר חס ושלום ניט פערבלאָנזשעט. יעדער פון אונז האָט, דאַכט זיך, מיט פערבונדענע אויגען געקענט טרעפען פון חדר צו זיך אַהיים. בפרט אַז ניין אַ זייגער, די צייט וואָס מיר האָבן געדאַרפט געהן פון חדר, איז מען נאָך אין אונזער שטעדטעל ניט געשלאָפען און אפילו דורך די פערמאַכטע לאָדענס האָט זיך אַרויסגעריסען אַ שוואַכער שיין. נאָר ערשטענס האָבען זיך באַלד נאָך סכות אָנגעהויבען די גרויסע בלאָטעס און מען האָט געדאַרפט מעסטען יעדען טריט און צווייטענס, איז די לאַנטערנע ניט געווען אַזוי פאַר בעלייכטען ווי פאַר שמירה... עס איז ניט געזונט אָנצושטויסען זיך אין דער

פינסטער אויף א גימ־נוטען און ער זאל מיט דיר טרייבען שפאס.
אין א לאנטערנע איז אזוי נוט ווי א שומר ביי דער זייט.

אזוי גיך ווי די ערשטע בעקאנטשאפט איז צווישען אונז חדר־אינגלאך געשלאסען געווארען, איז גלייך געווארען א רייד וועגען לאנטערנעס.

— האסטו א לאנטערנע?

— וואס פאר א לאנטערנע?

לאנטערנעס זיינען געווען פערשיידענע, עס זיינען געווען פאפירענע, עס זיינען געווען ווייסע בלעכענע, עס זיינען געווען גרויסע לאנטערנעס און עס זיינען געווען קליינע. און די לאנטערנע האט געדארפט ווייזען דעם יחוס און צושטאנד פון יעדען אינגעל בעזונדער.

א פאפירענע לאנטערנע איז געווען א קבצנ׳ישע. א גרויסע בלעכענע לאנטערנע האט געוויזען, אז זי געהערט צום טאטען און איז דאריבער נים געווען קיין געגענשטאנד מיט וועלכען א אינגעל זאל זיך קענען איבערנעהמען. א יחוס איז געווען א קליינע בלעכענע לאנטערנע, וואס האט בעשיינפערליך געוויזען, אז זי איז געקויפט געווארען פאר דעם חדר אינגעל.

איך האב קיין לאנטערנע נים געהאט און איך האב דערפיהלט ווי איך פערליער מיין שטעלונג אין דער חדר געזעלשאפט און ווער פערשטויסען מחוץ למחנה. אהן א לאנטערנע בין איך נאך אפשר ערגער ווי א אינגעל אהן א מעסערעל און אלע וועלען אויף מיר ארונטערקוקען און נים וועלען זיך חבר׳ען מיט מיר.

אין די גרויסע מורא׳דיגע טעג האב איך זיך נים געפיהלט אזוי געבראכען ווי איצט נאך דעם שמועס וועגען לאנטערנעס. און ווען איך בין פארנאכט געקומען אהיים, האט זיך די מאמע ממש דערשראקען פאר מיין אנבליק.

— וואס איז דיר געשעהן, מיין קינד?

— א לאנטערנע! האב איך אויסגעפלאצט.

— וואס לאנטערנע?

— איך דארף א לאנטערנע.

— ערגיץ דארף דא זיין דעם טאטענס לאנטערנע —

— איך וויל ניט דעם טאַטענס, האָב איך די מאַמען איבער־געשלאָגן. — איך וויל אַן אייגענע.

— גוט, גוט, מיר וועלען זעהן, האָט די מאַמע מיך געזוכט איינצונעהמען.

מיט אַ צובראָכענעם הארצען און אָהן אַ שום לאַנטערנע האָב איך זיך צוריקגעקעהרט אין חדר.

ווען די פראַגע וועגען אַ לאַנטערנע איז געקומען צום טאַטען, האָט ער גלייך אָפּגע׳פּסק׳עט, אַז די אַלטע לאַנטערנע, וואָס דאַרף ערגעץ ליגען אויפן בוידעם, וועט זיין גוט גענוג פאַר מיר, און מען דאַרף קיין געלט אומזיסט ניט אַרויסוואַרפען. איך האָב געוואוסט, אַז ביים טאַטען וועל איך גאָר ניט פּועל׳ן, און איך האָב דעריבער אָנגעהויבען צו קנעלען מיט דער מאַמען. זי האָט ניט געקענט אויסהאַלטען, אַז מען זאָל פון עפּעס האָבען צער, און איך האָב איהר מיין צער אַרויסגעוויזען אויף אַ ברוטאַלען אופן. אַ פּאָר מאָל בין איך אַוועק אַ הונגעריגער אין חדר און איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט איהר אַרויסרייסען די נשמה.

אַרימע מאַמע מיינע! ווי שלעכט מיר האָבען דיר געצאַהלט פאַר דיין גוטסקייט!

און די מיטלען האָבען געווירקט. איך האָב געקראָגען אַ קליינע נייע בלעכענע לאַנטערנע.

שטאָלץ ווי אַ פּאַווע בין איך אין חדר געקומען מיט מיין נייער לאַנטערנע, און האָב שוין געקענט זעהן די קנאה׳דיגע בליקען פון מיינע חברים, צווישען וועלכע איך וועל איצט דאַרפען פער־נעהמען דעם אויבען אָן. נאָר מיין שמחה איז באַלד פערשטערט געוואָרען.

דעמזעלביגען אָבענד איז אין חדר געקומען יאָסעלע מיט אַ לאַנטערנע, וואָס האָט ביי אונז אַלעמען אַרויסגערופען אַן אויס־געשריי פון בעוואונדערונג.

— אה־ה־ה־ה! האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטען.

יאָסעלעס טאַטע איז געווען דער סבאַרסטשיק פון אונזער שטעדטעל, און ער האָט זיך געקענט פערגינען אַ סך זאַכען. און די לאַנטערנע וואָס יאָסעלע האָט איצט געבראַכט איז געווען עפּעס

אזוינס, וואס קיינער האט קיין מאל ביי אונז ניט געזעהן. די לאנ־טערנע איז געווען א שווארצע און האט אזוי געגלאנצט, אז מען האט זיך אין איהר געקענט שפיגלען.

מיר האבען פערגעסען יערע קנאה און מיט נייגיערדע איהם ארומגעריננעלט.

— ניט א מאפ — און זעהט ווי גלאט, האט יאסעלע אויס־גערעכענט די מעלות — סאמעט איז ניט אזוי גלאט און שוה־וואקס איז ניט אזוי שווארץ. און דאס גלאז! דאס איז געשליפען. זעהט ווי דיק. ניט א מאפ, אוראי א פינגער די דיק. דאס איז שפיגעל גלאז. און זעהט ווי קליין! איך קען עס האלטען אין קעשענע.

און דאס אלץ איז געווען אמת. אפילו דאס ליכטעל וואס האט דארטען געשטעקט איז ניט געווען קיין חלב'ענע. נאר א סטרי־נאוע.

און אז מיר זיינען ניין אזייגער ארויס פון חדר, איז געווען פערשטענדליך, אז יאסעלע נעהט דער ערסטער און זיין מארנע לאנטערנע האט אונז אלעמען געלויכטען דעם וועג. און מיר מיט אונזערע לאנטערנעס האבען געהאט א פנים פון חוזק.

# דער משמור.

דאנערשטאג ביי נאכט, ווינטער־צייט, בין איך פון חדר אהיים געקומען מיט א גדלות, אזוי ווי אויף מיין זכות האט זיך די וועלט געהאלטען. און די גדלות האט זיך בשום אופן ניט גענומען דער־פון, וואס די וואך שיעורים זיינען אריבער גוט אין חדר, איך האב זיך געקליבען צו טהאן עפּעס בעסערעס, דאס איז געווען די נאכט וואס איז בעשטימט געווארען פאר משמורים.

מילא אין חדר האב איך געמוזט געהן, א ברירה האב איך גע־האט, הגם קיין גרויסער מתמיד בין איך ניט געווען, און איך בין זיך מודה, איך וואלט יעדען טאג בעסער פערבראכט שעה'ן לאנג אויפ'ן פערפראַרענעם טייך, ווי צו זיצען אין חדר. עס האט מיך געצויגען צום גליטש ווי מיט א מאגנעט. נאר, פון אזעלכע זאכען האט מען ניט געטארט אפילו דענקען, און יעדען טאג כסדר האבען מיר געמוזט אפּזיצען צוועלף שעה לאנג איבער'ן תנ"ך און גמרא, און האב דערפאר קיין יישר כח ניט געקענט ערווארטען און האב זיך דערמיט ניט געקענט איבערנעהמען.

אנדערס איז אבער געווען מיט'ן משמור. איך בין ניט מחויב געווען צו זיצען א גאנצע נאכט אין בית המדרש נאך צוועלף שעה לערנען אין חדר. די דאנערשטיגע נאכט פון דעם משמור האב איך אוועקגעגעבען פון מיין אייגענעם שלאף, און דערפון האט זיך דאס גענומען אזא גאוה. אין דער נאכט האט די מאמע געקוקט אויף מיר מיט אזעלכע אויגען, ווי זי האט קיין מאל ניט געקוקט. די אוי־גען האבען אין דער זעלביגער צייט אויסגעדריקט אי גייסטיגען נחת אי צער. עס האט דער מאמע'ס הארץ געריסען, וואס איהר קינד נעבאך, קוים צעהן יאהר אלט, וועט א גאנצע נאכט זיין אויף און מיט קיין אויג ניט צומאכען, און אין דער זעלביגער צייט האט

איטר הארין צגנעהויצלעו. וואס איהר קריש'ל וועט א גאנצע נאכט ווי א גלאק קלינגען איבער דער תורת.

און אויב די מאמע האט מיך די גאנצע וואך געקיכעלט, האט זי פשוט ניט ,געוואוסט וואס צו טהאן מיט מיר די נאכט פון דאַ־נערשטאג. הגם איהרע הענט זיינען געווען פערנומען מיט די פיעלע און פערשיעדענע ארבייט, וואס יעדע אידישע בעל־הבית'טע דאַט ווינטער־צייט אין דער נאכט פון ערב שבת, האט זי אלץ פער־בינען און אויסגעפאסט אויף מיר. צי זי האט חלה פערראסטישעט, צי דעם צימעס צורעכט געמאכט, צי געבראקט די שבת'דיגע לאק־שען, צי געפילט פיש, האב איך נאר עפעס ארויסגעוויזען א וואוניש, האט מען פריהער פון אלץ געדארפט מיך צופריערענ־שטעלען.

דער מאמען האט שטענדיג אויסגעוויזען, אז איך עס נאר ניט און זי האט תמיד געוואלט ארייגשטאפען אין מיר, פיעל זי האט גע־קענט, נאר דאנערשטאג ביינאכט צו דער וועטשערע האב איך פשוט פון איהר ניט געקענט אויסהאלטען. דער בעסטער חלק האט בע־לאנגט צו מיר און וואס פאר א נאשעריי זי האט געקענט שאפען דעם אבענד איז דאס געווען פאר מיר. א שפאס איז דאס, ביי מיר איז היינט א משמור.

און ווי שוין געזאגט, בין איך קיין מתמיד ווייט ניט געווען. אוו געטריבען צום מישמור האט מיך ניט די התמדה, נאר די נייר אינקייט דערפון. עס איז געווען ניי צו זיין א גאנצע נאכט אהן ווער השגחה פון טאטע־מאמען, אהן דער השגחה פון רבי'ן, אהן דער השגחה פון וועמען עס איז. מען האט זיך געפיהלט עפעס מע־נערשער, עפעס סטאלנער, אזוי ווי מען וואלט שוין אליין אויך צו־געלענט א האנט צו שלעפען דעם שווערען יאך פון אידישקייט. און א חוץ דעם האט מען דא טאקע געקענט א שטיף טהאן.

נאך אמאל און ווידער אמאל האט מיר די מאמע איבערגע־טאפט מיין פוטערל, צו אלע קנעפלאך זיינען פערשפילעט, האט מיר די שאלקע אזוי ארומגעוויקעלט, אז קיין אפענעם שפעלטעלע יאל דער פראסט ניט געפינען. און מיט א זיפץ און גליק אין די אויגען האט זי מיך פון שטוב ארויסגעלאזט און אנגעזאגט, אז איך

זאָל קיין איבריגען כח ניט אַנטהאַן איבער זיך און אויב איך וועל זעהר זיין שלעפעריג, זאָל איך קומען אהיים.

דער שמש האָט זיך דוקא ניט זעהר געפרעהט מיט אונז. ער האָט געוואוסט, אז הויבען הויבט זיך אַן דער משמור מיט לערנען און לאָזט זיך אויס געוועהנליך מיט שטיפעריי. נאָר ער האָט קיין זאך ניט געקענט זאגען. מיין טאַטע איז געווען דער גבאי און ער האָט זיך נאָר בענוגענט מיט א זויערע מינע. אבער די פרושים און אָרים־בחורים האָבען אזא אויסרעכענונג ניט געהאַט און האָבען אָפען ארויסגעוויזען זייער אונצופריעדענהייט.

— ברוך הבא, זיי זיינען שוין דאָ! איז געווען אונזער בע־גריסונג.

פאַר די פרושים און אָרים בחורים איז די קלויז ניט נאָר גע־ווען א פּלאַץ צום לערנען, נאָר אויך א פּלאַץ צום שלאָפען. און פאַר זיי איז געווען גענוג, וואָס זיי האָבען געלערענט דעם גאַנצען טאָג, און זיי האָבען ניט געוואָלט האָבען קיין שטערער פון זייער שלאָף ביי נאכט. אבער ווער האָט זיך אויף זיי אומגעקוקט? וועמען זיי־נען זיי אַנגעגאַנגען?

די ערשטע פּאָר שעה בין איך מיט מיינע עטליכע חברים די משמורניקעס טאקע איבערגעגאַנגען ברחבת דעם שיעור פון דער וואָך ביז נאָך 12 א זייגער און דער לימוד איז אהן אַן אַנטרייבער, אהן א משגיח צוגעגאַנגען לעבעדיג. נאָר אָט האָבען זיך די פרושים אויסגעלייגט שלאָפען. דער שמש איז שוין לאנג אוועק און די האַלב פינסטערע קלויז האָט אַנגעהויבען אַנצונעהמען עפּעס א משונה'־דיגע געשטאַלט, און עס איז געוואָרען עפּעס אונהיימליך אויפ'ן הארצען.

און די אונהיימליכקייט איז נאָך פערגרעסערט געוואָרען, ווען פון די גרויסע פענסטער פון קלויז האָט מען דערזעהען די פינס־טערע שוהל, ווער ווייסט, וואָס דאָרטען קומט איצט פאָר? האָט ניט צאַלקע דער וואסער טרעגער דערצעהלט, אז ווען ער איז איין מאָל שפּעט ביינאכט פערבייגעגאַנגען די שוהל, האָט ער פּלוצים דערהערט, ווי מען האָט קלאָר און דייטליך זיין נאָמען אויסגערופען און אויפגערופען פונקט ווי דער בעל קורא צו קריאת התורה?

און עס איז דאך א דבר ידוע אז די מתים פארקלייבן זיך אין שוהל ביי נאכט און לייענען דארטען די תורה. וואס א שטיי־נער, אז זיי זאל זיך פערגלוסטען אויפצורופען מיך אדער א חבר? און די קלויז איז אזוי נאהענט צו דער שוהל. סך הכל עטליכע שפאן.

יעדער האט מורא ארויסצוזאגען זיינע געדאנקען און סטאר־רעט זיך ניט צו קוקען דורכ'ן פענסטער. און ווען די אויגען רייי־סען זיך אפ פון דער גמרא און שפרינגען דוקא צום פענסטער, פיהלט מען, ווי עפעס א קעלט לויפט דורכ'ן רוקען. און דעמאלט וועקט זיך אויף א געפיהל פון רחמנות צו זיך אליין. מען זאגט זיך צפ פון שלאף און מען לערנט תורה און מען שטעלט זיך אין אזעלכע סכנות.

נאר די פאר אומעדינע שטונדען געהען איבער, און עס דער־הערען זיך שוין די שווערע טריט פון צאלקע דעם וואסער־טרע־גער. און די גאנצע אומעדינקייט ווערט פערשוואונדען. א פרייד פון לעבען גיסט זיך אריין אלעמען אין די הערצער. עס הויבט זיך אן א שמיפעריי גאר ניט ווי אין א מקום קדוש.

פערמאכט זיינען די גמרות און די קונדסים שפרינגען שוין ארום איבער דעם לאנגען און ברייטען קלויז. די בימה איז ווי צו־נעפאסט פאר א שפיעל אין לויף און כאפ. עס כאפען זיך אויף ניט טויט ניט לעבעדיג די פרושים פון דעם געלאף מיט א בייזען גע־שריי:

— קונדסים! אזוי לערנט איהר דאס?

איין ארים בחור, מיט א לאנגער נאז און לאנגע האלז שילט זיך מיט טויידטען קללות. נאר ווען צאלקע דער וואסערטרעגער איז שוין דאך און שפרייזט מיט זיינע שווערע טריט, האבען די קללות קיין שום האפט און חברה בעשליסט אפצורעכענען זיך מיט איהם. און די בעסטע שטראף וואס מען קען פאר איהם אויסטראכטען איז א פאנפע.

און א פאנפע איז א שטיקעל פאפיר צוזאמענגעדרעהט אזוי ווי א פאפיראס, נאר אונטען מיט א שפיץ, וועלכען מען טהוט שטיל אריין דעם קרבן אין נאז, און פון אויבען צינדט מען אן דעם פאר־

בּיר. דער בייסעגדיקער רויך קריכט גלייך אריין אין האַלז און דער קרבן כאַפּט זיך אויך ניט טויט ניט לעבעדיג, און עס הויבט זיך אָן אַ געלאָף ווידער אַרום בימה. נאָר איצט איז שוין דער אָרים בחור מיט דער לאַנגער נאָז אויך פון די לויפער, אָבער די קונדסים זיינען געשווינדער פאַר איהם, און דער סוף איז, אַז ער מוז נעד באַך מיט אַ ברומען צוריקקעהרען זיך צו דער האַרטער באַנק און סטאַרען זיך ווידער איינצושלאָפען איידער דער עולם הויבט אָן צו קומען.

איבער'ן שטילען שוהל הויף דערהערען זיך שוין גיכע טריט פון די ערשטע תהלים זאָגער און אין קלויז קומט אַריין ירוחם דער בּאָקער און מאַכט פול די קלויז מיט זיין יאַדישליווען הוסט. נאָר ווען ער כאַפּט אָפּ דעם אָטהעם, רייבט ער די הענט און מורמעלט:

— גוט, קינדערלאַך, גוט. אַי, ווי גוט איז אַז מען קען לערנען.

דאָס איז דער סיגנאַל, אַז אונזער משמור האָט זיך שוין גע־ענדיגט, און הגם אויסגעמאַטערט מיט אויסגעצויגענע פּנים'לאַך פון ניט שלאָפען אַ לאַנגע נאַכט, לאָזען מיר זיך צופריעדענע און גליקליכע אַהיים און מאַכען אין די שטילע גאַסען מעהר רעש, ווי מיר האָבען פערדיענט.

עס איז נאָך ווייט, ווייט צו טאָג, און די מאַמע איז שוין לאַנג אויף און, ווער ווייסט, וויפיעל מאָל זי האָט דורכ'ן פענסטער אַ בליק געוואָרפען אין דער ריכטונג צום קלויז צו כאַפּען כאָטש אַן אינער־ליכען בליק אויף איהר מתמיד'ל.

און זי איז איצט גרייט צו נעהמען מיך אויף די הענט און קאַרמענען ווי אַן עופ'עלע און לעגען מיך שלאָפען און איינטוליען. נאָר פאַר איהר שטעהט אַ גמרא אינגעל, וואָס קומט ערשט פון אַ משמור און זי ווערט אַליין דורכגעדרונגען מיט עפּעס אַ דרך ארץ גאָר ניט ווי פון אַ מאַמען צו איהר צעהניעהריגען אינגעל.

איך האָב די נאַכט געהאַט אַ משמור.

# מען שעטקעווען קרויט.

## (או אסיענדינער נגון)

די טעג זיינען געווען כמארנע. וואלקענס האבען זיך אנגערוקט און זיינען פערשוואונדען. און דער הימעל האט זיך אויף לאנג ניט אויסגעליימערט. א קאלטער צפונ'דיגער ווינט האט געבלאזען און אלטע לייט האבען זיך געקארטשעט און נביאות געזאגט, אז מיר וועלען האבען שניי.

די דובולמאווע פענסטער האבען די כמארנעקייט נאך פערנרעסערט און אן אומעט איז געפאלען אויף אלץ און האט מיט זיינע סארע פליגלען אפילו פערשטעלט דעם פאטעטישען שיין פון די ערשטע סדרות פון חומש.

און אין דער ראזינער מרה שחורה'דיגער צייט האט מען זיך ביי אונז געשטעלט שעטקעווען קרויט, און דאס האט אריינגעבראכט א בלאסען שיין אין דעם אומעדיגען לעבען.

דער אמת איז, אז איך גופא האב ניט געקענט פערטראגען קיין קרויט, דער זויערער טעם פון אזא געקעכץ איז מיר ניט געפעלען געווען און איך האב זיך צו דעם ראזינען מאכל ניט צוגעשטעקט. דאס איינציגע מאל אין יאהר וואס איך האב געגעסען און געלעקט די פינגער פון דער ראזינער פאטראווע איז געווען דעם ערשטען טאג סכות, ווען קרויט איז אריין אין דעם צעטעל פון די יום טוב'דיגע מאכלים. און טאקע יענעם טאג האט ער געהאט אן אמת'ן יום טוב'דיגען טעם. אזוי אבער איז מיין השנה געווען, אז קאפוסטא איז א מאכל פאר יונגים און דער זויערער ריח פון קרויט האט זיך ביי מיר תמיד אויסגעמישט מיט'ן ריח פון א קאזארמע.

נאָר ווען מען האָט זיך געשטעלט שעטקעווען קרויט איז גע־וואָרען אַ שטיקעל יום טוב.

שוין מיט אַ טאָג פֿריהער האָט מען זיך אײַן שטוב מתעסק געווען מיט אַ ווייסען פעסעל און מען האָט עס געוואַשען און גע־סקראַבעט. דער טאַטע האָט געשאַרפֿט אַ גרויסען מעסער און די מאַמע האָט ריין געמאַכט די גרויסע לאָקשען ברעט. אין שטוב האָט מען אַרײַנגעבראַכט אַ היבשען שטיין און מען האָט איהם אויך געטהאָן זיין רעכט, געוואַשען און אַרומגעווישט. אַ גרויסע קיילע אָנגעפּאַקט מיט קעפּלאַך קרויט איז געשטאַנען אין ווינקעל.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה איז געקומען די „אידענע". און הגם זי האָט געהאַט אַ נאָמען, ברכה האָט זי געהייסען און מען האָט איהם אומעדום געקענט, האָט מען ווען ווען איהר גערערדט ווי ווענען דער „אידענע". זי האָט ביי אונז געהאַט די חזקה צו שעטקעווען קרויט און די קעפּלאַך האָבען זיך אונטער איהרע הענט אין אַ הרף עין פערוואַנדעלט אין לאַנגע לאָקשען.

אָבער דער יום טוב איז ניט געווען אין די קרויט, נאָר אין די קאַטשאַנעס.

שוין מיט אַ טאָג פֿריהער האָב איך די חברים אין חדר אָנגע־זאָגט די שמחה אַז מען וועט ביי אונז שעטקעווען קרויט, און גלייך האָבען זיך דערהערט פון אַלע זייטען:

— מיר קאַטשאַנעס!

— מיר קאַטשאַנעס!

עס איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסען אויף אַלעמען אַ גדולה, און דעם טאָג וואָלט קיינער אין מיינע שיך ניט געקענט אַרײַנגעהן. איך בין געוואָרען פאַר דער קורצער צייט דער העלד, און יעדער האָט זיך געסטאַרעט צו גושא חן זיין אין מיינע אויגען. איינער האָט זיך אַרויסגערופען, אַז ער וועט מיר ווייזען ווי צו מאַכען אַ פּאַפּירענע לאַמטערנע, זלמן דעם סטאָליערס אינגעל האָט צוגע־זאָגט צו ברייננען קליי, סטאָליאַרסקע קליי, הגם איך האָב ניט גע־וואוסט, וואָס פאַר אַ געברויך איך וועל דערפון קענען מאַכען און מענדעל דעם שרייבערס אינגעל האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט ברענ־גען דעם טאַטענס אַ פּאַפּיראָס און וועט מיר געבען אַ פּאָר ציה.

ווען מיר זיינען גענאנגען צו ווארעמעס האט מיר יעדער ־ערמאנט ווענען די קאטשאנעס און איך בין געווען ענטשלאסען צו פערנעהמען אזוי פיעל, ווי עס וועלען נאר אריין אין די קעשע־נעס.

נאר ברכה איז געווען א אירענע און האט ניט פערשטאנען דעם שכל פון שלעפען א סך קאטשאנעס. און נאך וועניגער האט זי פערשטאנען דעם שכל פון גרויסע קאטשאנעס. ווען איך האב זיך געשטעלט פאר איהר לאקשען ברעט און אויסגעשטרעקט די האנט נאך א קאטשאן, האט זי מיך אפגעהאלטען מיט א „ווארט!“ און האט איהם פאר מיר צתעגרייט. זי האט איהם אזוי לאנג ארומגעהאקט און ארומגעשניטען, אז עס איז נאר געבליבען א קליין וויים שטיקעלע פון סאמע גרונט און איז ניט געווען גרעסער פון א ציגעלע צוקער.

— איך וויל גרויסע און א פולע! — האב איך פראטעסטירט.

— דו וועסט האבען א בויכוועהטאג, און דו וועסט קראנק ווערען. מען טאר קיין קאטשאנעס ניט עסען.

ווי קליין איך בין ניט געווען, האב איך שוין יעדען אין דער־פריה געמאכט די ברכה „שלא עשני אשה“ און איך האב איצט געזעהן בעשיינפערליך אז די ברכה מאכט מען ניט אומזיסט. אויב א קעפעל קרויט האט געהאט עפעס א ווערטה, איז דאס נאר געווען צוליעב דעם קאטשאן, און ביי דער אירענע קומט אוים, אז דערפון קריגט מען א בויכוועהטאג.

און ערשט אז איך האב איהר ערקלערט, אז די קאטשאנעס דארף איך פאר די חברים, האב איך קוים ביי איהר גע׳פועל׳ט צו געבען מיר עטליכע, נאר מאקע עטליכע אויסגעצעהלטע און ניט אנדערש אז איך זאל איהר צוזאגען, אז איך אליין וועל די קאטשא־נעס ניט עסען.

צוליעב דעם דינגען זיך מיט דער אירענע האב איך זיך צוריק־געקעהרט אין חדר, ווען אלע זיינען שוין געזעסען ביים טיש און די חלוקה האט זיך ערשט געקענט אנהויבען פאר מנחה.

דער רבי האט זיך צוגעגרייט צו לויפען אין קלויז, און מיר זיינען געשטאנען פאר׳ן פענסטער און געקליבען זיך צום גרויסען

מאהלצייט. און נאך איידער מען האט רעכט א ביס געטהאן, האט זיך שמעון פון דער עלטערער כתה פאר אונז אפגעשטעלט און גע־כומען אונז דערצעהלען וועגען דער גרויסער ראָל פון קאטשאנעס ביים גרינדען פון דער קריסטליכער אמונה.

אונזער קרייז ביים פענסטער איז געווארען ענגער, מיר האבען זיך שטייפער צוגעטוליעט איינער צום צווייטען, און מיט אן איינ־געהאלטענעם אטהעם צוגעהערט זיך צו דער וואונדערליכער מעשה. און עס האבען זיך אנגעצונדען די יונגע אויגלאך מיט א פרומען פייערל און עס האבען געקלאפט די יונגע הערצלאך אין טאקט צו די טראפ, וואס אונזערערער עלטערער חבר האט געשטעלט אין זיין ערצעהלונג, און די קאטשאנעס האבען ביי אונז געוואונען דעם זיבענטען חן.

—— צייט מנחה צו דאווגען ! — האט געזאגט דער רבי.

און מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען מיט א יום טוב'דיגער שטימונג.

# מיין ערשטע ליעבע.

איך בין נאך דעמאלט געווען א פרום בחור'ל.

קיין עם־הארץ בין איך ניט געווען, איך בין שוין געווען בע־האווענט אין א פאר סדרים גמרא, און מיין פרומקייט איז טאקע געווען ניט קיין געזאגטע מעשה.

א חוץ גמרא האב איך ליעב געהאט אריינצוקוקען אין מוסר־ספרים.

אין גיהנם בין איך געווען קלאר ווי אין אשרי און פאר א'ן עבירה האב איך מורא געהאט, ווי פאר פייער.

די מוסר־ספרים האבען מיך שטענדיג געהאלטען אין איין מורא, אט־אט גיסטו א בליק, א קוק, א טראט און דיין גליק, דער אמת'ער גליק, איז קאפוט.

און מיין הארץ האט מיר געשראקען ניט אומזיסט...

פונקט אנטקעגען איבער דעם קלייזעל, וואו איך האב געדאַ־ווענט און געלערענט, איז געשטאנען א שטיבעל. אין שטיבעל האט געוואהנט א מיידעל, דאס מיידעל האט געהאט א שעהן פנים'ל און דאס שעהן פנים'ל פלעגט אפט ארויסקוקען פון פענסטער אויפ'ן שול־הויף. מיין „שטאט" אין קלייזעל איז אויסגעקומען פונקט אנטקעגען דעם פענסטער. און אין די סאמע געריכטע ערטער אין דאווגען, וואו מען דארף שטעהן מיט'ן פנים צום וואנט, האבען מיינע אויגען ניט ווילענדיג א בליק געטהאן אויף דאס מיידעל.

דאכט זיך, וואס? א בליק, גאר ניט: אבער מיין כונה איז שוין געשטערט. איך שפרינג שוין גאלאפ, די ליפען שאקלען זיך: „אתה קדוש, ושמך קדוש, קדוש, קדוש, קדוש.... מלא כל הארץ כבודו ומקבלין דין מין דין", און גיב זיך א כאפ ביי א שפיי צו עלינו, ווען אלע קלאפען זיך אין הארצען פון „סלח לנו". אמאל

בעסום איך גלאַט קפיצת הדרך אין שמונה עשרה און מיין רוקען ברעכט זיך נאָר אַהן מיין ידיעה פון מורים, ווען מיינע שכנים גלייכען אויס די פלייצע פון צווייטען בוק ביי מנן אברהם. הנם איך תּאָלט פערמאַכט די אויגען און האָב שטאַרק אין זינען, אז ביי מיר אויס׳ן קאָפּ לינען תפילין, און איין רגע מאַר ניט אריבער אין היסח הדעת, און איך חזר מיט זיך „היסח הדעת“ און טראַכט וועגען נעקרייזעלטע האָר... רויטענקע ליפּעלאך... מודים אנחנו לך.

ראָס פערגעניגען, וואָס איך האָב נעהאַט פון דעם איין בליק, איז מיר ארוים באַקאַט. שפּעטער אווײלע האָב איך מיט זיך נע־נומען מאַכען א חשבון, „חשבון הנפש“, און מיר האָט פּשוט א גרויל אַנגעכאַפּט. ווען אפילו ניט פון יערען אות, וואָס איך האָב מבליע געווען אין דאַווגען, נאָר פון יערען וואָרט זאָל ווערען א שוואַרצע וואַראָנע און קומען מיך פּיקען מיט די האַרטע שנאָבלען נאָך מיין טויט — וואָס וועט פון מיר ווערען?

עטליכע טעג נאָכדעם בין איך שוין אויף מיין שטאַט ניט געשטאַנען, איך האָב זיך פערדרוקט אין א ווינקעל, ווייט פון פענס־טער און געסטאַרעט זיך דאַווגען מיט כוונה. איך האָב זיך גע־פּרובט דווייקען, שאַקלען שטאַרק, פאַרשטעלען מיט דער רעכטער האַנט די אויגען, אַבער אומזיסט. די טויבע אוּן דיקע וואַנט איז געוואָרען דורכזיכטיג און „איהר“ פּנים האָט איבעראַל געשוועבט פאַר מיר. איך האָב קלאָר ארויסגעזעהן, אז איך האָב דאָ צו טהאָן מיט דער קליפּה ר״ל. איך האָב געוואוסט פיעל מעשיות פון דער שעהנער לילית, פון איהרע שפּיצלאך און המצאות, וואָס זי טהוט מיט יונגע לייט און מיר האָבען זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר פאַר שרעק. איך האָב געזוכט הילף ביי די מוסר־ספרים, נאָר אפילו דאַרטען פון די הייליגע בלעטלאך האָט זי צו מיר געשמייכעלט און געלאַכט פון מיין שוואַכקייט: שוטה, וואָס האָסטו אזוי מורא אויף מיר א קוק צו טהאָן? נאַרעלע, וואָס נעהמסטו זיך אזוי צום האַרצען פון א קוק? ווער קוקט עס ניט?

איך בין נעווען אייזען, אַבער „זי“, איך מיין איהר פּנים, איז געווען מאַגנעט און האָט מיך ארויסגעצויגען פון ווינקעל צוריק אויף מיין שטאַט לעבען פענסטער. מיר האָט געצויגען

צום פענסטער מיט אזא מאכט, אז איך האָב פערלאָרען אלע מיינע חשבונות און האָב זיך געלאָזען אויף איינם, זאָל זיין וואָס עס וועט זיין.

און איך האָב זיך ערלויבט צו וואַרפען הינטערווייַלעכטס א בליק אויף איהר.

איצט האָב איך שוין ניט געוואַרט אויף שמונה עשרה, ווען מיר וועט אויסקומען שטעהן מיט'ן פנים צום וואַנט. דעם גאַנצען דאַוונען בין איך געשטאַנען מיט'ן געזיכט צו דער וואַנט, סיידען ווען איהר פנים האָט זיך ניט געזעהן אין פענסטער, האָב איך זיך געמאַכט א היתר צו זיצען, און זאָגאר אין לערנען האָב איך ליעב געהאַט אומקעהרען דעם שטענדער צום פענסטער, כדי צו זיין שטענדיג גרייט, טאָמער וועט זי ארויסקוקען.

פון דער צייט איז מיר געוואָרען פיעל גרינגער, דאָס האַרץ האָט מיר ניט געקלאַפּט פאַר די עבירה; אומשטיינס געזאָגט, וואָס האָב איך שוין דאָ צו פערלירען? וואָס מאַכט מיר אויס, צו הונ־דערט וואַראַנעס וועלען צופּיקען מיין גוף נאָכ'ן טויט צו מיליאָנען. אי וואָס? קיינער וועט ניט אריין גלייך אין גן עדן, אלע מוזען אויס־שטעהן א כף הקלע. און פערשידענע מעשים וועגען גרויסע חסידים, וואָס האָבען דאָך ניט געקענט אויסמיידען דעם גיהנם, זיינען מיר ארויף אויפ'ן געדאַנק. איך האָב זיך גערופען נאַר, שוטה, וואָס איך האָב געדענקט צו זיין בעסער פאַר א גאַנצע וועלט: „אין צדיק בארץ אשר לא יחטא", ניטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וואָס זאָל לחלוטין זיין ריין פון אן עבירה.

נאָך אזא חשבון האָב איך שוין געוואָרפען א בליק אויף איהר פון פענסטער מיט א רוהיגען האַרצען, און די בליקען האָבען מיר שוין אזוי ניט געבריהט. איך האָב געפיהלט סתם א פערגניגען. עפּעס קיצעלט דאָרטען אינוועניג ביי דער נשמה, דער קאָפּ ווערט לויטער. ריין: פאַרט, פאַרט פון דאָרטען אלע פינסטערע מוסר־ספרים'דיגע מחשבות! די פאַנטאַזיע שפּינט, וועבט גאָלדערנע פעדים און איך פליה, שוועב אין א וועלט פול מיט לעבען און האָפ־נונג.

איצט האָב איך שוין מעהר אין קיין מוסר ספר ניט געקוקט.

אלע ירידעות. וואס איך האב פון דארטען געשעפט, האבען זיך ערגעץ פערדוקט ווייט אין א ווינקעלע און זיינען מיר ניט ארויף מעהר אויפ'ן זכרון. מיין מוח האט זיך בעפרייט פון א שטרענגען קאנט־ראליער, און דאס הארץ האט געפיהלט, ווי עס האט געלוסט.

מיינע בליקען אויף איהר, פערשטעהט זיך, זיינען געווען גע־גנב'עטע. איך האב געקוקט כלומרשט סתם אין דער וועלט אריין, און ווען איך בין געווען זיכער, אז „זי" זעהט מיך ניט, האבען זיך מיינע אויגען א קעהר געטהאן אין איהר זייט. א לאנגע צייט איז מיר געלונגען זיין א גנב. איינמאל אבער בין איך מיאוס אריינגעפאלען. זי האט געהאלטען ארויסגערוקט דעם קאפ פון פענסטער און געשמייכעלט. פון שמייכלען האבען זיך איהר גע־שטעלט גריבלאך אין די בעקלאך (דעם אמת זאגענדיג, האב איך ביי איהר געזעהן נור איין גריבעלע. ווייל איך האב אויף איהר געקוקט אין פראפיל. נאר געדוכט האט מיר, אז איך זעה ביידע גריבלאך) און דאס האט איהר צוגעגעבען דעם זיבעטען חן. מיינע אויגען האבען זיך אין איהר איינגעגעסען און האבען זיך בשום אופן נים געקענט אפרייסען; פלוצים — א. א שאנדע! — האט זי א קעהר געטהאן איהר קעפעל אין מיין זייט און א קוק געטהאן פונקט אויף מיר. אונזערע אויגען האבען זיך געטראפען... דאס בלוט האט מיר א שפאר געטהאן אין פנים אריין און איך האב זיך ניט געוואוסט וואוהין צו טהאן פאר חרפה. איך בין געבליבען שטעהן כאטש מעלק מיך. די אויגען, פערשטעהט זיך, האב איך תיכף גע־וואלט אראפלאזען, נאר איך האב עפעס ניט געקענט, זיי האבען זיך גענומען דרעהען ארום איהר געזיכט, געשפרונגען פון קאפ אויפ'ן קינ־באק, פון איין אויער אויפ'ן צווייטען און איך בין אלס רויטער און רויטער געווארען.

און זי האט אלץ געשמייכעלט, געקוקט אויף מיר און גע־שמייכעלט.

ענדליך האב איך די אויגען אראפגעלאזט. נאר פון ארט ניט אפגעטראטען. כאטש געשטאנען בין איך אויף פריסאק און וואלט געוועזן זעהר צופריעדען, ווען א גרוב זאל זיך איצט עפענען און איינשלינגען מיך. איך האב פון זיך זעלבסט געמוטען נקמה; דער

מוסר־ספרים'דיקער „איך" איז פּלוצים אַרויסגעשפּרונגען פון זיין פערבאַרגענעם ווינקעל, אַרויף אויפ'ן פערד און גענומען זיך רייצען מיט מיין נייעם „איך": „גוט, רעכט אויף דיר! ווייטער קוק ניט אויף מיידלאַך! איצט וועלען אַלע וויסען, וואָס פאַר אַ תכשיט דו ביזט!" מיין נייער „איך" איז געשטאַנען צוטומעלט, צומישט און האָט אַלץ מקבל באהבה געווען. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז ווערט דעם פּסק: די גאַנצע שטאָדט וועט באַלד קלינגען מיט איהם. מען וועט אויף איהם טייטלען מיט די פינגער: „קוקט אַן דעם שעהנעם בחור'ל, קוקט אַן דאָס פרומע צורה'קעלע, ער קאָן, דוכט, קיין צוויי ניט צעהלען און דאָך טרעפט ער צו קוקען פון אַ מקום־קדוש אויף מיידלאַך".

אַ לאַנגע ווײַלע האָט געדויערט מיין פערצווייפלונג, פּלוצים איז מיר ווי אַ בליץ דורכגעלאָפען אַ געדאַנק דורכ'ן קאָפּ און האָט מיר ליכטיג געמאַכט אין האַרצען: „פאַר וואָס מעג זי"? פאַר וואָס מעג זי? — דוכט זיך גאָר אַ פּשוטע פראַגע, אָבער וואָס פאַר אַ גרויסע בעדייטונג זי האָט געהאַט פאַר מיר! אַ שווערער באַרג האָט זיך מיר אַראָפּגעקייקעלט פון האַרצען און האָט פאַר מיר פריי געמאַכט די וועלט. פאַר וואָס מעג זי? זי איז חס ושלום ניט קיין מופקרת, זי איז אַ גאַנץ אַנשטענדיגע מיידעל און קוקט אַרויס פון פענסטער אויף וועמען זי וויל, פראַנק און פריי, און פאַר וואָס זאָל איך זיך שטערען? פאַר וואָס?

פון דעם טאָג אָן פלעג איך זיך מיט „איהר" אָפט בעגעגענען מיט די אויגען און פלעג שוין אַזוי ניט „סטרעליאַיען" מיט זיי, ווי דאָס ערשטע מאָל. אַזאַ מין איבערקוקעניש האָט ביי אונז געדויערט אַ היבשע צייט. איינמאָל האָט זי צו מיר אַ שמייכעל געטהאָן: ווען זי זאָל האָבען געשמייכעלט צו אַ פרעמדען בחור, איך מיין, ניט צו מיר, וואָלט איך איהר אודאי געהאַלטען פאַר אַ חצופה, נאָר געשמייכעלט האָט זי צו מיר, און איך מיט איהר זיינען שוין גאָר קיין פרעמדע ניט. איך האָב איהר אויך געענטפערט מיט אַ שמייכעל און אונזער בעקאַנטשאַפט איז געוואָרען פיעל נעהענטער. ביי אונז איז געוואָרען אַ מין לשון מיט די אויגען, און אונזערע

רעיונות האבען מיר לייכט אויסגעדריקט מיט די בליקען. מיר תא־
בען שוין איינער דעם צווייטען גוט פערשטאנען.

צוליעב פיעל אורזאכען האב איך זיך מיט איהר געוואלט בע־
סער בעגעגענען ביי טאג. רעמאלט איז אין קלייזעל געווען שטיל.
א פאר פרושים זיינען געגאנגען עסען מיטאג; איינער איז געלעגען
אויסגעצויגען אויף דער באנק און האט געדרעמעלט; און ווידער איי־
נער האט זיך פערדוקט אין ווייבערשען קלייזעל און געלערענט
דארט „חכמות תצניות". איך בין געווען איינער אליין, און מיר הא־
בען זיך געקענט זעהען. הייסט עס (פערשטעהט זיך ממילא, אז פון
די פענסטער) אונטער פיער אויגען. זי איז איצט ביים פענסטער
נים געווען, און איך האב איהר געוואלט ארויסרופען. איך האב
אומגעקערט דעם שטענדער צום פענסטער, אויסגעפרובט די שטים
און קנאקענדיג און דרערלענדיג געגומען זינגען: „יותר מישהאיש
רוצה לישא האשה רוצה להנשא" (געלערענט האב איך רעמאלט
נשים) און מיין זינגען איז געווען נים אומזיסט: זי האט דארטען
תיכף פערשטאנען, וואס דאס בעדייט און האט זיך טאקע באלד
בעוויזען אין פענסטער, מיט אן אנגעהויבענע געשטריקטע פאט־
שיילקע אין די הענט, און א קנייל בעל וואל אונטערן ארים (אה, ווי
מקנא האב איך געווען דעם קניילכעל וואל!) דאס מאל האבען מיר
ביידע געמאכט א מינע, פונקט ווי איך זאל מיט'ן זינגען גאר נים
האבען געמיינט און זי כלומרשט האט זיך צופעלינערווייזע גע־
זעצט נעבען פענסטער. איך האב זיך א לאנגע צייט איינגעהאלטען
און נים אויפגעהויבען דעם קאפ פון דער גמרא. איך בין געגאנ־
גען שטיינער, געגלעט, געדרעט זיך דעם טשוב אויפ'ן קאפ, געצויגען
ביז צום מויל, און געקיים די האר כלומרשט ווי פערטיעפט אין א
טיעפען ענין. שפעטער אוויילע, אז איך האב אויף איהר א ווארף
געטהאן א געגנבע'טען בליק, האב איך געזעהען, אז זי קוקט אויך
גאר נים אין מיין זייט, נאר געפיהלט האב איך, אז מיר זעהען איי־
נער דעם צווייטען צו גוט.

פון דעם טאג אז האבען זיך אנגעפאנגען אונזערע בעטעגעני־
סען כמעט יעדען טאג. מיר פלעגען אזוי שעה'ן־ווייז אפשטעהן
ביי די פענסטער און כאפען אפט איינער ביי'ם צווייטען א שמיי־

כעל. איך בין געווען אויפ׳ן זיבעטען הימעל, ווען מיר פלעגט גע־ לינגען צו בעמערקען אין איהרע רויטע בעקלאך די חנ׳עווידיגע גריב־ לאך. מיין גרעסטער גן־עדן איז געווען דאס קלייזעל. זייענדיג דארט, האב איך פערגעסען אז עסען און טרינקען, און ווען בין איך דארט ניט געווען? — מיר איז פשוט ליעב געווארען דאס ארט לעבען פענסטער און האב זיך פון דארטען ניט געקענט אפרייסען אפילו דעמאלט ווען איך האב בשום אופן ניט געקאנט ערווארטען, זי זאל זיך ווייזען. איך האב דארט ליעב געהאט צו שטעהן, אנגעשפארט איבער דער גמרא און פאנטאזירען סתם אין דער וועלט אריין. די מאמע האט פשוט אנגעקוואלען פון איהר בן יקיר׳ס התמדה: „ער שטעהט א גאנצען טאג ווי א קרוק איבער׳ן גמרא“. און זי האט גאר ניט חושד געווען, אז ניט די גמרא שמיערט מיך איצט צו צום קלייזעל.

צו וואס וועט דאס פיהרען? אזא פראגע איז מיר גאר אין קאפ ניט אריין. איך האב געלעבט מיט׳ן איצטער און פאר מיר איז געווען עד בלי די וואס איך האב געהאט.

נאר פלוצים האט זיך א כמארע בעוויזען אויף מיין האריי־ זאנט: בינקאווסקעלע, דער שטעדטעלדיגער לעהרערל, האט גענו־ מען איינגעהן צו איהר. איך בין דערפאר געווארען אש־להבה. ס׳טיימש! ער געהט איין צו איהר? ! ער, וואס ווייס ניט קיין צלם פאר קיין אלף וואגט צו געהן צו איהר, און זי — און דאס איז טאקע דער עיקר — לאזט איהם אריין! פערשטעהט זיך, אז אזא זאך האב איך איהר ניט געקענט פערצייהען. איך בין פאר כעס אנטלאפען פון קלייזעל און א טאג צוויי ניט בעוויזען זיך אין פענסטער.

אויב זי האט געבענקט — ווייס איך ניט, נאר אז איך האב קיין רוה ניט געפונען איז א פאקט. איך בין ארומגעגאנגען, ווי א משוגענער, אין הארצען האט זיך מיר אנגעצונדען א פייער און אינעווייניג געסמאליעט, געברענט, געבראטען. איך האב ניט גע־ וואוסט, וואס מיט מיר טהוט זיך. מען האט צו מיר גערעדט און איך האב ניט געהערט, אויף דער צעהנטער פראגע, אויב איך האב שוין יע געענטפערט, האב איך געענטפערט בויקים. צום עסען

האב איך זיך ניט צונעשטעקט. ביינאכט האב איך זיך נעוואָרפען פון איין זייט אויפ'ן צווייטען. נעשלײערט פון זיך די רעקע, נעריסען פון זיך די העמד. עפּעס איז מיר נעווען ענג, היים, שווער. אויפ'ן דריטען טאָג קוים בין איך אוועק אין קלייזעל. דעם שול־תויף בין איך א דורכגעגאנגען מיט אראפּגעלאזטע אויגען און נע־חים זיך ניט א קעהר צו טהאָן דעם האָפּ אין איהר זייט. דאָס מאָל בין איך ביי'ם פענסטער ניט געשטאנען: איך האָב דאָס אלץ נעטהאָן פון צרלהכעיס וועגען. נ׳ר איין נעדאנק האָט מיר נעענבערט דעם מוח: „טאָמער פיהלט זי נאָר ניט מיין צרלהכעים!“ ענדליך אבער האָב איך זיך ניט איינגעהאלטען און א וואָרף נעטהאָן א בליק אויפ'ן פענסטער — דער בליק איז נעווען האלב ברונז'דינ אין פאל, טאָמער בענעגענען מיר זיך מיט די אויגען. — איז זי אבער איצט אין פענסטער ניט נעווען. איך האָב א היבשע צייט נעוואַרט ביי'ם פענסטער, נעוואַרט און נעקוקט, געקוקט און נעוואַרט, אבער זי האָט זיך ניט בעוויזען. איך בין נעוואָרען אונרוהינ אבער די אונרוהינקייט איז ווייט ניט נעווען עהנליך אויף כעס איך בין מיט אמאָל איבערגעבראָכען נעוואָרען: עפּעס האָב איך דערפיהלט, אז די עוד פון אונטער מיינע פיס גליטשט זיך אוועק, און איך הענג אויף אן איבערגעברענטען שטריי. וואָס אזוינס איז מיט מיר, האָב איך ניט פערשטאנען. איך האָב נאָר נעוואוסט, אז איך בין שוין עפּעס ניט וואָס פריהער. מיין גאנצע נאָוה האָט זיך פלוצים פון מיר אפּגעטהאָן, און איך בין ווייטער נעוואָרען א שטיק וואַקס פאַר איהר. איך האָב פערלאָרען מיין דעה איבער זיך, און זי האָט איצט געקאָנט פון מיר מאַכען, וואָס זי וויל. איין בליק איהרער — און איך וואָלט אויף גלאָטע ווענט נעקראָכען; איין שמייכעל אויף איהרע ליפּען — און איך וואָלט מיט'ן קאָפּ מויערען נעבראָכען. איך האָב עס ניט פערשטאנען, נאָר נעפיהלט האָב איך, און אין איין צייט איז מיר נעווען אי ברענענדינ אננענעם אי שרעקליך וועה. „איזהו גבור הכובש את יצרו“ (ווער איז א גבור? דער וואָס איז גובר זיין יצר הרע). אזוי איך פיהל, אז איך ווער אויס גבור, מיין מלוכה ווערט פון מיר אוועקגענומען... און איך וואַרט און קוק, קוק און וואַרט אין פענסטער, און זי זעהט זיך אלץ ניט. טויזענדער

נאַרישע געדאַנקען פליהען מיר אלע ווײַלע א דורך דעם מוח און מיין אונרוהיגקייט וואַקסט מיט יעדער מינוט.

די מנינים האָבען זיך שוין געענדיגט. די פיינע בעל־הבתים, וואָס לערנען אלע אין דערפריה א בלאַט גמרא נאָכ'ן דאַווענען, זייַ־נען שוין אויך צוגאַנגען. א פאָר אָרים־בחורים זיינען געגאַנגען אויף די טעג אָנבייסען און איך שטעה נאָך אלץ ביים פענסטער אין די תפילין און וואַרט. איין אָרים־בחור מאַכט מיר אויפמערקזאַם, אז ביי מיר איז היינט א לאַנגער דאַווענען, נאָר איך פאַרשטעה ניט, וואָס ער רעדט, הגם איך נעהם אהן טראַכטען גלייך אראָפּ דעם של ראש און לעג איהם צונויף. ענדליך כאַפּ איך זיך אויף, ווי פון א שטאַרקען שלאָף: זי בעוויזט זיך אין פענסטער. זי איז מונטער, פריש... צוואַנציג שפּיזען שטעכען זיך מיר פּלוצלונג אריין אין הארצען, פון איהר מונטערן, פרישען געזיכט שפּאַרט מיר אזש אריין דאָס בלוט אין די אויגען. א העלישער פלאַם ציגדט זיך מיר ווייטער אן אין הארצען און איך לויף מיט א פערקאַטשעטען ארבעל אויף דער לינקער האַנט משוגענערוויים אהיים.

— אוראי מיט בינקאָווסקעלען געזעסען נעכטען ביי נאַכט שפּעט, שטעכט מיר א געדאַנק.

פּע! איך האָס איהר, איך האָס איהר מיט'ן גאַנצען הארצען. א פיינע מיידעל! ניטאָ וואָס צו רעדען! זיצען שפּעט ביינאַכט מיט בחורים. און נאָך מיט וועמען?... א קשיא אויף בינקאָווסקעלען... דער שלויע, דער שייגעץ, ער האָט הפנים אין זיך א קאָפּ חרפה אדער בושה?... ביי מיר איז נאָך אפילו א גרויסער ספק, נאָר איך וואָלט ניט קאַווירט, אז ער האָט איהר ניט א גלעט געטהאָן, און אפשר... אפשר נאָך א קוש געטהאָן אויך. מיר הארט גאָר ניט פאַר איהר. וואָס געהט זי מיר דען אן? וואָס הארען מיר אזעלכע זאַכען. וואָס בין איך דען נאָט'ס סטראַפּציע? קושען זיי זיך יע, קושען זיי זיך נ י ט — מיין דאגה! נור דאָך וואַרפט מיר פון דעם גע־דאַנק אין קעלט און אין היץ. איך ציטער מיט אלע מיינע גלידער. מיין איינציגער גליק איז, וואָס איך ווייס ניט אויף געוויס, אויב ער איז גאָר נעכטען געווען ביי איהר, און אפילו אויב ער איז יע געווען, צו איז ער געזעסען שפּעט, און אז אפילו דאָס אויך —

זוי ווייס איך. אז ער האט איהר נעגלעט? סתם אריין צו א מייד־רעל און נעגלעט איהר. און וואו איז זי רען אין דער וועלט? זי האט שוין נאר קיין דעה נים? א וועלט איז דאך נים הפקר...

איך האב שוין באלר חרטה, וואס איך בין אנטלאפען פון סלייזעל: נור פאר מיינע אויגען שוועבט דורך איהר געזיכט, מונ־טער, פריש... נאך דעם וואס ביי אונז האט פאסירט, האט זי נים געטארט אזוי אויסזעהן, און ווידער איז קאנטינ געוועזן. אז זי איז אקארשט אויפגעשטאנען פון שלאף — פאר וואס איז זי היינט עפעס געשלאפען אזוי שפעט?

איך ווער ווייטער אנגעצונדען פאר כעס, פאר אייפערזוכט און מיין האס צו איהר ווערט נאך שטארקער.

נאר דער כעס האלט נים לאנג. איך פיהל איצט נאך שטאר־קער, ווי איך האב איבער זיך קיין דעה נים. עפעס פיהל איך זיך ווי א שאטען, וואס מוז זיך ציהען נאך איהר; נור איך קלער נים דאריבער.

איצט אין קלייזעל בין איך נעגאנגען ווי א זינדינער. אזא מזל האט שוין שטענדיג דער שוואכער, ער מעג זיין גערעכט, ווי נאט אליין, קוים אבער האט ער צו טהאן מיט א שטארקערען געג־נער, פיהלט ער זיך אומגערעכט. אין קלייזעל האב איך נים גע־וואגט שטעלען זיך אויף מיין געוועהנליכען ארט. עפעס האב איך זיך געשעמט פאר איהר. אונזער ערשטע איצטינע בענעגעניס דורך די פענסטער האט מיך געשראקען. עפעס האב איך נים גע־קאנט פארשטעלען זיך, ווי וועט דאס אויסקומען. נאר עס האט לאנג נים געדויערט און איך האב זיך ווידער געשטעלט אויף מיין אלטען ארט און געווארט מיט הארצקלאפענים, ווען וועט זי צו־געהן צום פענסטער. איך האב נים געוואגט ארויסצורופען איהר מיט'ן זינגען און האב דעריבער געווארט זעהר א לאנגע צייט. ענדליך, האב איך זיך דערוואוסט און האב איהר דערזעהען מונ־טער, פריש, לעבעדיג...

איך בין איצט נים אנטלאפען, ווי פאריגען מאל. אויך האב איך זיך נים אנגעצונדען מיט'ן פייער פון אייפערזוכט, נאר עפעס האט זיך מיר א ריס געטהאן אין הארצען און דאס בלוט האט מיר

גענומען קיהלען אין די אַדערען. איך האָב איצט דאָס ערשטע מאָל פערשטאַנען, אז זי שמייכעלט צו מיר, ניט ווייל איך בין איך, נאָר זי וואָלט פונקט אזוי געשמייכעלט צו אנאנדערען אויך, ווען „יענער" וואָלט געשטאַנען אויף מיין אָרט. איך בין פאַר איהר עפּעס א מין שפּילעכעל, נאָר זי קימערט זיך גאָר ווייניג, וואָס דאָס שפּילעכעל האָט זיך א פּאָר טעג ניט געזעהען.

— אבער איז זי דען א מלאך, וואָס זי זאָל וויסען, וואָס ביי מיר אין הארצען טהוט זיך, פּרוב איך זיך אליין טרייסטען. אפשר דענקט זי, אז זי איז אויך פאַר מיר ניט מעהר ווי א שפּילעכעל? ווען אבער זי זאָל וויסען וואָס פאַר א רעיונות איך האָב ווענגען איהר, וואָלט זי אויף מיר גאָר אנדערש געקוקט. נאָר ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? ווי גיב איך איהר איבער מיינע געדאַנקען און ווען אפילו איך זאָל דאָס האָבען ביכולת, וואָס וואָלט איך איהר געזאָגט? וואָס?...

איך טראַכט, וואָס וואָלט איך איהר אָן ערך געזאָגט און געפין קיין ווערטער ניט. מיינע געפיהלען האָבען קיין לשון ניט, איבערהויפּט ווייל איך אליין האָב קיין נאָמען ניט אויף דעם פייער, וואָס ברענט מיר אין הארצען. איך בין מיט יעדען טאָג געוואָרען אלס אומעריגער.

דערווייל איז געקומען שבת, ס'איז געווען צו קריאת התורה. איך האָב זיך געריכט אויף מפטיר און האָב מיט זיך געקלערט, אז ווען איך וועל נעהמען אַנטהאָן דעם טלית, וועל איך בכיון מעדלעווען, כדי זי זאָל זעהען. פאַר וואָס? ווייס איך ניט, נאָר מיר האָט געדוכט, אז אין טלית וועל איך ביי איהר מעהר נושא חן זיין. איבערהויפּט נאָך, ווייל איך האָב בעשלאָסען צו נעהמען דעם טלית ניט ביי'ם פאָטער, נאָר ביי אונזער שכן, שמואל אשר דעם שיינקער: זיין טלית איז געווען מיט אַן עטרה. מסתמא האָט מיר געדוכט, אז א טלית מיט אַן עטרה גיט דעם זיבעטען חן. איך וואָלט די צייט פון קריאת התורה געקאָנט פאַנטאַזירען מי יודע ווי, א שפּאַס אזאַ געלעגענהייט! און זי שטעהט טאַקע איצט אין פענסטער... נור פאַר וואָס איז מיר פּלוצים פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען?

גראָד איצט האָט דער רוח אנגעטראָגן בינקאָווסקי. און ער איז גלייך צוגעגאנגען צו איהר פענסטער און אזוי אפען בפרהסיא געוויטעוועט זיך מיט איהר.

איך האָב ניט געהערט, ווי דער בעל קריאה האָט אויסגע־רופען: „יעמוד החתן"... נאָר ווען דער טאטע האָט אויף מיר ארויס־געוואָרפען דעם טלית און „זיי" האָט גראָד א וואָרף געטהאָן א בליק אויף מיר, האָט מיר דאָס בלוט א שפאָר געטהאָן אין פנים אריין און מיט פאַלשע טריט בין איך אוועק צו דער בימה.

די ברכות האָב איך גוט געקענט פון אויסווענדיג און דאריבער האָב איך קיין טעות ניט געהאַט, נור צוויי טעג בין איך געווען א שטיקעל חולה, און די מאמע האָט טאַקע געזאָגט, אז א בייזע עין הרעה האָט מיר געשאַט.

מיין כעס צו בינקאָווסקי'ן איז ניט געווען אזוי שטאַרק, ווי מיין קנאה צו איהם. און די קנאה האָט מיך געטריבען צו טהאָן אלץ אין דער וועלט, אבי נושא־חן צו זיין ביי איהר. אז מיר פעהלט אין איהרע אויגען חן, האָב איך גאָר ניט געצווייפעלט און איך האָב אויף איהר מלמד זכות געווען. שוין די פאות אליין זיי־נען געווען נענגוג צו פער'מיאוס'ען מיך אין איהרע אויגען. ביז איצט האָב איך מיינע פאות גאנץ ליעב געהאַט. ווען דאָס לער־נען איז געגאנגען גלאַטיג, האָב איך זיי געקרייזעלט, געדרעהט און געהאַט דערפון פערגניגען: און ווייטער אז ס'האָט זיך געמאַכט א שווערער ענין, האָב איך גאָר אהן די פאות כמעט ניט געקענט אויסקומען: צופענדיג זיי, פליקענדיג זיי, האָב איך זיך מיט זיי מישב געווען און טאקע מיט זייער הילף בין איך דורכגעקראָכען די שווערסטע לייענעס. איצט אבער האָב איך בעשיינפערליך דערזעהען, אז די פאות מאַכען מיר מיאוס און האָב זיך שטאַרק געוואונדערט, ווי אזוי, האָב איך עס ביז איצט ניט בעמערקט. דער ערשטער קרבן זיינען זיי געפאַלען, און געפאַלען זיינען זיי זעהר מיאוס, טאַקע אזוי, אז איך האָב פשוט א לאַנגע צייט די אויגען ניט געקאָנט ווייזען פאַר קיינעם. די מעשה דערפון איז אזוי גע־ווען: צו קיין שערער האָב איך ניט געקאָנט געהן, איך האָב גע־וואוסט, אז די צונג וועט זיך מיר ניט א קעהר טהאָן זאָגען דעם

שערער, אז ער זאָל מיר די פּאות אָראָפּהאַקען, און איך האָב זיך געמוזט צו דער אָפּעראַציע אַליין נעהמען. איך האָב אָפּגעזוכט דער מאַמעס שערעלע און אָפּהיטענדיג א צייט, ווען קיינער איז צוהויז ניטאַ, האָב איך זיך געזעצט פאַרן שפּיגעל און גענומען קירצען. אנפאנגס האָב איך אָבגעהאַקט די שפּיצען, אָבער אַזוי ווי איך בין אין דעם ניט געווען פּראַקטיצירט, איז איינע אַרויס־געקומען לענגער און די אַנדערע קירצער. פערשטעהט זיך, אַז איך האָב איינע געמוזט ווייטער קירצען, אָבער, מעשה שטן, נעהם איך און כאַפּ ביי איהר ווידער איבער די מאָס. אַזוי לאָזען האָב איך דאָך ניט געקאַנט, האָב איך שוין געמוזט די אַנדערע פערריכטען. אַזוי בין איך פאַרקראַכען ביז איבער'ן ביינדעל, וואָס טהיילט אָב די שלייפען פון די באַקען, כמעט מיט די שפּיץ אויערען צו גלייך. מיט דער קורצקייט האָב איך שוין געקאַנט זיין יוצא לכל הדעות, זיינען מיר אָבער אויפ'ן וועג פון די שלייפען ביז אונטער'ן ביינדעל פערבליבען לקט און שכחה און אַז איך האָב דאָס אויך אָראָפּגענומען האָט עס אויסגעזעהן, ווי די שטיק פּאַ־טעלניצע, וואָס דער רופא שערט אָב צו שטעלען באַנקעס. איך דענק, אַז די מאַמע האָט געהאַט רעכט, ווען, דערזעהענדיג מיך תיכף נאָך דער אָפּעראַציע, האָט זי פאַרבראָכען די הענט און אויס־געשריען: „ווייה צו מיר ניט, ווער האָט'ס דיך געמאַכט, ווי א רעק־רוט!"

קיין פערגניגען פון מיינע איצטיגע קורצע פּאות האָב איך שוין אויך אַזאַ אופן ניט געקאַנט האָבען. א געוויסע צייט האָב איך געמוזט געהן פערוויקעלט מיט א פאַטשיילקע, נאָר דאָך האָט כּיר מיין ערשטע מפּלה קיין שכל ניט איינגעגעבען. מיין באַגעהר נושא חן צו זיין ביי איהר איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען, וואָס עפּטער בינקאָווסקי איז איינגעגאַנגען צו איהר. און בינקאָווסקי איז געגאַנגען שוין צו אָפט. נאָר איך האָב זיך באַלד דערוואוסט, אַז זיין געהן איז ניט קיין סתם גאַנג: זי נעהמט ביי איהם אוראַ־קען.

איצט איז ביי מיר געבוירען געוואָרען א חשק צו חכמות חצוניות: אויב קענטשאַפט געפעלט איהר. האָב איך דאָך דעם

בעסטען מיטעל מיט וואס זיך אויסצוצייכענען פאר איהר. און אויסצייכענען זיך אין שכל־זאכען איז דאך פאר מיר די גרינגסטע זאך אין דער וועלט. דערויף האב איך דאך עפעס א מהרש"א קעפעל, נעגוג וועט זיין ארייגקוקען בין השמשות א געוויסע צייט אין א ביכעל, און איך וועל מיט דעם שוין זיין פארטיג. און אום אויסצופיהרען דעם פלאן, האב איך זיך געווענדט צום ארים בחור, וואס פלעגט אלע טאג זיך ארויסגנב'ענען אין ווייבערשען קלייזעל לערנען די גוי'שע ביכלאך. ער האט זיך זעהר דערפרעהט מיט מיין פלאן און האט מיר געגעבען אויף דאס ערשטע מאל צום לייענען דעם „אהבת ציון". אז די גאנצע גוי'שע חכמה זאל זיך איינהאלטען אין אזא קליין ביכעל, ווי דער „אהבת ציון" איז מיר גאר ניט געווען קיין קשה: וואס דען? זיי וועלען אויך על כל פנים האבען א תלמוד בבלי, תלמוד ירושלמי, ספרא, ספרי, מכילתא און ז. וו. און ז. וו.? און אז ביי די גוים זאל א מעשה אויך זיין א חכמה, איז מיר אויך ניט געווען קיין וואונדער, אלא וואס האט זיך מיר ניט געלאזט שיקען, ווי קומט לשון יון צום איוב־לשון? (אז דער „אהבת ציון" איז געשריבען מיט'ן לשון פון איוב האב איך געלערענט פון דעם, וואס ער הויבט זיך אויך אן מיט: „איש היה"). נאר די טרוקענע חקירות האב איך געווארפען באלד אן א זייט, ווייל די מעשה האט מיך באלד פעראינטערעסירט און האב געבעטען דעם ארים בחור, ער זאל מיר געבען נאך אזעלכע מעשיות.

ניט טראכטענדיג וועגען דער פעולה, וואס די ביכלאך האבען אויף מיר געהאט, האב איך אליין ניט־בעמערקט, ווי איך האב זיך געענדערט. איך האב גאר ניט בעמערקט, ווי ביסלעכווייס, ביסלעכווייס האבען די ביכלאך פון מיר אראפגעצויגען די שווערע קייט. אין וועלכער מען האט מיר געקאוועט גלייך ביי מיין ארויסגעהן פון די וויקעלאך. איך האב גענומען קוקען פרייער, אטהעמען פרייער, און מיין שכל האט גענומען ארבייטען גאר אין איין אנדער ווענדונג. אליין ניט צו מערקען ווי אזוי, האב איך אמאל דורכ'ן פענסטער פערצויגען מיט „איהר" א געשפרעך. דאס הייסט איך האב א פאר ווערטער צו איהר געזאגט. די מעשה איז געווען אזוי: זי האט געפרעגט אין שטוב, פיעל איז דער זייגער? און

אזוי ווי אין קלייזעל איז געווען שטיל, האָב איך געהערט, ווי מען האָט איהר געענטפערט: האַלב דריי. אויפ'ן קלייזעלשען זייגער איז געווען פינף מינוט אויף דריי, און איך האָב זיך ארויסגערוקט פון פענסטער און געמאַכט איהר אויפמערקזאַם, אז זייער זייגער לויפט אין כמעט א האַלבע שעה. איך בין תיכף רויט געוואָרען פאר מיין געוואַגטקייט און ווען זי האָט האַלב פערוואונדערט אויף מיר א קוק געטהאָן, בין איך נאָך רויטער געוואָרען. נאָר ווי דאָס איז, דער ערשטער טראָט איז געווען געמאַכט, און ווייטער איז שוין געגאַנגען גרינגער. אין א פּאָר טעג ארום האָב איך איהר געפרעגט, אויב זי לייענט ניט קיין אידישע ביכלאך, און אז זי האָט געענטפערט: „אַ, יע!“ האָב איך זיך איהר אנגעשלאָגען לייהען א ביכעל. קיין אידיש ביכעל האָב איך ניט געהאַט, נאָר וואו דער מוכר ספרים וואָהנט האָב איך געוואוסט, און איך בין טאקע באַלד געלאָפען סטראַם האַלאוואַי קויפען אדער נעהמען אויף פּראָקאַט, אבי ס'זאָל תיכף ווערען. א שפּאַס אזא גליק! איך וועל האָבען אזא טהייערע געלעגענהייט צו שטעהן לעבען איהר, אזוי ווי בינקאָווסקעלע איז געשטאַנען! קען מען זיך עפּעס מעהר ווינשען?

ביז וואַנען איך האָב געקראַגען דעם ביכעל איז מיר אביסעל דער קוראַזש אראָפּ און דערמאָלט האָב איך זיך מיישב געווען, אז גלייך איבערגעבען דאָס ביכעל טויג ניט, בעסער אין אבענד: פרעמדע אויגען זיינען גאָר איבריג. איך האָב אין קלייזעל געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד, ס'זאָל שוין זיין נאָך מנחה־מעריב, און דאָס ביכעל איז מיר געווען א שרעקליכע משא אין קעשענע, כאָטש אין דער זעלבינער צייט איז עס ביי מיר געווען א טייערער אוצר. ענדליך, האָב איך זיך דערוואַרט, דערזעהן איהר, ווען זי איז ארויס אין דרויסען און איבערגעגעבען איהר מיט ציטערדיגע הענט.

— שוין געבראַכט? — האָט זי געפרעגט און א שמייכעל געטהאָן צו מיר. איך האָב עפּעס געוואָלט ענטפערן, די ווערטער זיינען מיר נאָר אונטערגעקומען ביז'ן גאַרגעל און איך האָב זיי בשום אופן ניט געקענט ארויסברענגען. א נס, וואָס עס איז

געווען פינסטערלאך און זי האט ניט געקאנט בעמערקן. ווי איך בין אנגעצונדן געווארן פאר שאנד פון מיין שטומענים.

— איך דאנק אייך, — האט זי, ניט דערוואַרטענדיג זיך פון מיר קיין ווערטער, געזאגט און איך האב פאר'ן טונקעלען שיין פון זייער פענסטער ווידער באמערקט א שמייכעל אויף איהרע ליפען.

איך בין אוועקגעגאנגען ווי אן אבגעשמיסענער. דעם גאנצען וועג האב איך זיך געגריזשעט פאר מיין האלטען זיך אזוי נאַרעש און האב זיך געזידעלט מיט די ערנסטע ווערטער. מיין איינציגע נחמה איז געווען איהר שמייכעל: אבי זי איז צו מיר פריינדליך.

אין עטליכע טעג ארום האב איך איהר ווייטער אפגעהיט און בעגעגענט זיך מיט איהר כלומרשט ווי ניט בכיון. איך האב זיך פריהער צוגעגרייט מיט א געשפרעך. דאס געשפרעך האב איך מסדר געווען, ווי מען דארף גאר ניט בעסער. נאר ווי אויף צו להכעיס אבער איז מיר שוין ביי'ם סאמע אנפאנג די צונג געווארען ווי א קלאץ און פון מיין גאנצען סדר איז געווארען א תל. דאך האב איך איינגעשטעלט דאס לעבען און געפרעגט ווי עס געפעלט איהר דאס ביכעל? שפעטער א ווײלע איז שוין געגאנגען אהן נ ר ו י ס ע סכנות. איך האב ווי ס'איז געמאכט עטליכע פראגען און בין געבליבען צופרידען מיט זיך. פונקט ווי איך וואלט האבען געהאט אויסגעטהאן עפעס גאר א גרויסע זאך.

אין די השכלה ביכלאך האב איך געפונען א נאמען פאר מיינע געפיהלען און האב זיך אלץ געקליבען ארויסרעדען זיי פאר איהר, נאר ארויסברענגען עס לפועל איז מיר געווען זעהר שווער. דערווייל זיינען פון טעג געווארען וואכען, פון וואכען — מאנאַטען, מיר זיינען שוין געווארען גאר נאהענט בעקאנט, מיר פלעגען זיך בעגעגענען זעהר אפט, נאר עפענען פאר איהר מיין הארץ דאב איך בשום אופן ניט געקאנט.

איינמאל, ס'איז דעמאלט געווען א ווינטער-נאכט, האב איך זיך מיט איהר שטארק פערדעדט און, ניט בעמערקענדיג ווי אזוי, האבען מיר אוועק געשפאצירט ביז הינטער דער שטאדט. די נאכט איז געווען וואונדער שעהן, אויבען און אונטען בלוי און וויים, דער הימעל פערצירט מיט בליסצענדע שטערן, און דער

ווייסער שניי מיט שטראַהלענדע אַלמאַזען. דער פראָסט האָט גע־ברענט און בעפאַרבט איהרע בעקלאַך, אויערען, קין־באַק מיט אַזא רייצענד־שענען ראָזען קאָליר, אַז ווען איך האָב איצט אויף איהר אַ קוק געטהאָן, האָב איך פּלוצים דערפיהלט, ווי עפּעס שטופּט מיך, שטויסט מיך מיט אַ גרויסער קראַפט צו איהר, און איידער איך האָב זיך אַ רעכענונג געקענט אָפּגעבען, האָב איך אומגעלומ־פּערט אַ בויג געטהאָן זיך צו איהר און אַ קוש געטהאָן אין ראָזיגען בעקעל.

זי האָט עס ניט ערוואַרט און האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן ווי דערשראָקען. איך בין געבליבען שטעהן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ ווי אַ פערזינדיגטער. זי האָט זיך גלייך אַ קעהר געטהאָן צוריק צו דער שטאָדט, אָהן אַ שום וואָרט צו זאָגען, און איך בין נאָכגעגאַנגען ביי איהר זייט, ווי בענומען. איך האָב קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדען, און ווייל איך האָב געפיהלט, אַז איך מוז עפּעס זאָגען, האָב איך זיך נאָך מעהר פערלאָרען, ניט געפי־נענדיג קיין פּאַסענד וואָרט. אומזיסט האָב איך גערופען צו הילף די ביכלאַך, וואָס איך האָב געלייענט, נאָר ווי ווייט איך האָב גע־דענקט, איז ערגעץ ניט געווען קיין גלייכען צו דער איצטיגער סיטואַציע. דאָרטען איז אומעדום דער ערשטער קוש געווען אַרומ־גערינגעלט מיט רויזען און פּאָעזיע. וואָס פאַר שעהנע, וואונדער־באַרע שעהנע ווערטער דער העלד האָט געזאָגט, איידער ער האָט זיך צוגעריהרט מיט זיינע ליפּען צו איהרע, און דער קוש איז אַרויסגעקומען אַרומגערינגעלט מיט גאָלדענע פּאָעטישע שטראַה־לען. און דאָ בין איך איצט געגאַנגען ביי איהר זייט ווי אַ בעגראָ־בענער און פערשאָלטען מיין אונגעלומפּערטקייט.

דער ערשטער קוש איז ניט אַרויסגעקומען געראָטען.

די גאַנצע צייט וואָס איך בין געגאַנגען ביי איהר זייט האָט מיך געשראָקען אַ געדאַנק, אַז זי וועט מיך איצט מעהר ניט וועלען קענען, און זי וועט זיין גערעכט. איך האָב גערעכענט, אַז זי איז אויף מיר שטאַרק אויפגעבראַכט און וועט מיך קיין מאָל ניט פערצייהען און איך וועל שוין מעהר קיין מאָל אויף איהרע אויגען ניט קענען זיך ווייזען.

אבער זי איז געווען ניט נאר די שעהנסטע, די קליגסטע מיידעל אין דער וועלט, נאר אויך די בעסטע. און ווען איך האב איהר צוגעפיהרט צו איהר הויז, האט זי מיר געגעבען איהר האנט צום ווידערזעהן און אין א סעקונדע בין איך פון א פער'משפט'ען דערהויבען געווארען צו דער העכסטער מדרגה פון גליק.

פון איהר אהיים בין איך אוועק טאנצענדיג. דאס איז ניט געווען קיין טאנץ, וואס מען לערענט אין א טאנץ־שול. קיין טענ־צער האט נאך קיין מאל אזעלכע פא ניט געמאכט. דאס איז געווען אן איינגעארטיגער טאנץ, וואס קומט נאר מיט דער העכסטער התרוממות הנפש, און מען פיהלט ניט די ערד אונטער זיך. איך בין איצט געווען גרייט ארומצונעהמען זיך מיט יעדען אדער צו שלאגען זיך מיט יעדען. אין הארצען האט אן אונבעקאנטער שטורם געבושעוועט.

נאך א טאג און נאך א טאג און איך בין געווארען אן אריינ־געהער צו איהר אין הויז. פערשטעהט זיך, אז זיין א בית המדרש בחור'ל און געהן מיט וויזיטען צו א מיידעל, אדער ווי מען האט אין שטאדט געזאגט, שפּיעלען א ליעבע האט זיך ניט געריימט. און דער פרומער בחורל האט געמוזט אפטרעטען פלאץ דעם ניי־געבארענעם משכיל. טאטע־מאמע האבען שטארק פראטעסטירט געגען דעם, וואס גרעסער די שטערונגען זיינען געווען, אלץ שטאר־קער איז געווארען מיין ליעבע צו איהר.

אין א יאהר ארום, האבענדיג קענטנים אויפן שפּיץ מעסער, בין איך געפאהרען שטודירען. איך האב געגלויבט, אז איך דארף נאר אויסשטרעקען די האנט און דערגרייכען אלץ. יאהרענלאנג האב איך געלעבט אין גרויס דחקות און געלערענט מיט התמדה און צו מיין ציעל בין איך נאך אלץ ניט געקומען. און זי האט געווארט, געטרייסט זיך מיט די קורצע קאלטע בריוולאך און האט חתונה געהאט.

# פיאָנערען פון השכלה.

(פון די כתבים פון א געוועזענעם ארים־בחור).

איך בין נאך דעמאָלט געזעסען אין קלויז על התורה ועל העבודה... איבריגענס, רעדט זיך נאר אזוי. אין אמת'ן אבער האָב איך עפּעס צום לערנען גאָר א קנאַפּען חשק געהאַט און אויב איך בין געזעסען אין קלויז פון פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָב איך דאָס נאָר געטהאָן, ווייל איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט: געהן מיט וויזיטען האָב איך ניט געהאַט וואו און ארומשלעפּען זיך אין די גאַסען פּאַסט ניט פאַר א לערנער: אין קלייזעל אבער זיינען געוועזען חברים און דאָרט איז געווען גאַנץ פרעהליך.

דאָרטען האָב איך געקאַנט ביי טאָג, פערדעקט דאָס פּנים מיט'ן היטעל, כאַפּען א דרעמעל, שפּעטער ארומיאַגען זיך מיט די קלויזניקעס ארום בימה און וואַרפען זיך מיט לייכטערס: דער־עסט די ארבייט — שטעלט מען זיך ביים פענסטער, מען הויכט אויף די שויבען און מען צוקט אוים פערשיעדענע טיטלען, איבער־הויפּט איבט מען זיך אין למד פון לכבוד: די שויבען פון קלייזעל זיינען גרויס און דער למד, האַבענדיג גענוג פּלאַץ, קומט ארויס מאַקע צום בעוואונדערן...

איך און מיינע חברים זיינען געזעסען אין קלויז און געפיהלט זיך זעהר היימיש. דער קאָפּ, דאָס האַרץ זיינען געווען רוהיג, אמאָל נאָר פלעגט מיר דורכלויפען א געדאַנק וועגען א כלה און אינעווייניג פלעגט עפּעס א בריה טהאָן.

און פּלוצים האָט זיך ארייננעריסען אין פינסטערן, פער־שטיקטען קלייזעל א שטראַל פון השכלה. דער „אהבת ציון" האָט

געגעבן א שיין אויף די סטענדערס און מיר האבן אלע רעד־פיהלט, אז עפעס א גרויסע ענדערונג איז געשעהן. אן ענדערונג. וואס סטראשעט צו מאכען א גאנצע איבערקעהרעניש אין אונזער קליינעם וועלטעל. די קראפט, פערשטעהט זיך, איז ניט געלעגען אין ביכעל, זי איז געלעגען אין דעם ווינטעל, וואס האט דעמאלט געבלאזען, און מיר האבן זיך א כאפ געטהאן ניט טוירט ניט לע־בעדיג.

רעדענדיג אין א לשון פון מליצה, האבען מיר פאר'ן שיין פון השכלה פלוצים דערזעהן ווי נאקעט, ווי ארים מיר זיינען און מיר האבען זיך פערשעמט. מיר האבען זיך געשעמט אין צווייען: אי פאר זיך אי פאר אונזערע „פאנאטישע" אידען (דאס ווארט „פאנאטישע" איז פאר אונז געווען נאר א שפאגעל־נייעס, מיר האבען עס אקארשט אויסגעלייענט אין א העברייאישער צייטונג), און הילף האבען מיר גענומען זוכען אין „דיעטסקי מיר".

און מיר, געוועזענע גרויסע מענשען, מיר, וואס פון נייך־צעהן יאהר אן האבען אויפגעהערט צו זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף דער ערד, ווייל אונזערע קעפ האבען איינגעשפארט דעם הי־מעל, מיר וואס שיטות ווי „רוכב ומנהג", ווי „תגרי לוד" זיינען ביי אונז געווען א קינדערשע זאך און א שווערער תוספת און קאפדרייהיגער „ויש לישב" איז געווען א חוזק — מיר האבען מיט גרויס אפעטיט גענומען חזר'ען אזעלכע ווילדע מעשיות, ווי א הוהן, וואס האט געליינט גאלדענע אייעלעך, און מיר האבען זיי ממש געשלונגען, ווייל מיר האבען געגלויבט, אז אין זיי שטעקט אונזער גאולה...

פון אונזער לערנען די גוי'שע ביכלאך האט קיינער ניט גע־וואוסט, און מיר וואלטען יאהרען־לאנג געקענט אפזיצען אין קלייזעל, האלטענדיג דאס גוי'שע ביכעל איבער'ן גמרא, נאר דער שווארץ־יאהר האט אנגעטראגען „דעם קאלעלישקען" צו קעמען זיך עפעס אמאל שבת און דערפון איז געווארען אין קלויז א גאנצע מהומה.

דער פועל־יוצא פון דעם קעמען זיך איז געווען, אז מען האט איהם פון קלויז ארויסגעטריבען. ווערליג ער האט געזאגט, האט

איהם די מעשה הנאה געטהאָן, ווייל דאָס האָט איהם געהאָלפען פטר'ען מיט'ן קלויז וואָס גיכער. און אין דער ווירקליכקייט איז ער געווען זעהר צופריעדען, נאָר זיין צופריעדענהייט איז געווען גאָר צוליעב אַן אנדער אורזאַך: ער האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף אַ מאַרטירער פון בילדונג, און דאָס האָט איהם געקיצעלט.

דער קאַלעלישקער האָט אין גאָר אַ קורצער צייט בעקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. זיינע אָרים בחורשע קליידער, געקירצט דורך ניט קיין געניטע האַנט, זיין שוואַרצע זאַגענאַנטע אינסטיטוטסקע הי־טעל מיט'ן רימענעם ברילעק, בעשטעלט ביי אַ היגען קירזשנער און האָט מעהר פערטראָגען צו אַ פּויערשען היטעל, האָבען ביי יעדען געקענט אַרויסרופען אַ שמייכעל אויף די ליפּען, נאָר ביי אונז אין די אויגען האָט דאָס געהאָט דעם זיבענטען חן און מיר האָבען איהם מקנא געווען.

אין שטאָדט איז איהם באַלד אַרויס אַ שם פאַר אַ גרויסען קענער. מפורסם איז ער געוואָרען פון די קרעמלאַך, וואו ער פלעגט קויפען פּאַפּיראָסען, עסענוואַרג און שרייב־געצייג. פון די בלעטער און ביכלאַך, וואָס ער האָט געלעזען האָט ער געגאַשט היבש פרעמדע ווערטער, איבערהויפּט איז ער געווען זעהר פּאַדקע אויף די הויכקלינגענדע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט „איזמוס" און אין זיין ריידען האָט ער זיך געסטאַרעט ווי ווייט מעגליך צו מאַכען פון זיי אַ געברויך. און מיט די קרעמערקעס האָט ער קיין אנדער לשון ניט געפונען ווי גאָר אַזאַ. ווי מיר האָבען געוואוסט, האָט ער בלויז אויסגענוצט זייער פּראַסטקייט און האָט געברויכט ווערטער, וואָס ניט געשטויגען און ניט געפלויגען.

— די פּאַפּיראָסען האָבען געוויסע אַטריבוטען, נאָר איך קען אבסאָלוט פון זיי קיין געברויכיזמוס ניט מאַכען, האָט ער גערעדט צו דער קרעמערקע־מיידעל, ביי וועלכע ער פלעגט קויפען פּאַפּי־ראָסען.

אזא זאַץ איז געווען גענוג, אַז די קרעמערקע און אַלע קונה'־טעס, וואָס האָבען געהערט די ווערטער, זאָלען פערנאַנדערטראָגען אויף טעלערלאַך דעם קאַלעלישקער'ס גרויסע קענטעניס.

זיין שם, זיינע קליידער האָבען אונז אויך געטריבען צו מאַ־

כען א סוף מיט׳ן קלויז. איבערהויפט האט ער אין אונז אנגע־
צונדען א קנאה, ווען מיר האבען איהם געזעהן פארנאכט, ווי ער
שפאצירט מיט א פריילין און ניט קוקענדיג אויף דער קנאה, האָ־
בען מיר צו איהם געפיהלט א גרויסע דאנקבארקייט. ווען א
שטיינער מיר פלעגען זיך בעגעגענען, שפאצירענדיג אין די פרי־
כאדעם אונטערן שטאָט, און ער פלעגט זיך אונז „קלאניען"‏;
דערווייל ווייס א פריילין אז מיר זיינען ניט אבי ווער, מיר זיינען
ניט קיין פשוט׳ע ארים בחורים, רעמאָלט. אין יענע מינוטען,
פלעגען מיר זיך מיט איהם אינעווייניג, ביי זיך אין הארצען, גרוי־
סען און פערגניגענען זיך מיט דער בעגעגעניש, הגם זי פלעגט אונז
שטענדיג שטעלען אין גרויסע בזיונות, ווייל ער, אלס היינטוועל־
טינער, האט געפונען פאר נויטהיג אראפצונעמען פאר אונז דאס
הימעל און נייגען זיך צו אונז, ווי אונז האט געדאכט, זעהר מא־
דיש, וואס מיר האבען בשום אופן ניט געקענט נאכמאכען. ער־
שטענס, ווייל אין די פריסארעס האט מען שטענדיג געקענט
בעגעגענען א „פאנאטיק" און מיר וואלטען פאר „מנהג עכו״ם"
געקענט כאפען א גוטע מפלה, צווייטענס זיינען אונזערע ווייכע,
זעקסקאנטיגע היטלען נאר ניט געווען צוגעפאסט דערצו און דריי־
טענס, וואס טהוט מען מיט׳ן נייגען זיך? אמת, מיר פלעגען
נאך יעדער בעגעגעניש מיט איהם פרובען לערנען די „פאליטיק"
פאר דער קעשענע־שפיגעלע אין קלויז, אבער מיר פלעגען שטענ־
דיג בלייבען אונצופרידען מיט זיך און בעשלאסען בעסער ניט נאכ־
צומאכען די בוקענים ביז א געוויסער צייט.

און מיר האבען אין א שעהנעם פריהמארגען אפגעמאכט פאר
זיך הבדלה און זיינען ארויסגעטראטען פון קלויז. מיר האבען בע־
שלאסען צו לויפען פון דער שטאָט, וואו מען האט אונז געקענט פאר
ארים־בחורים. פערקוקענדיג זיך אויפ׳ן קאלעלישקען, האבען מיר
אויף דעם טאג פאר׳ן אפפאהרען געקויפט שווארצע אינסטיטוט־
סקע היטלען, נאר געטראגען האבען מיר זיי דעם וועג פון קירזשנער
ביז דעם קאלעלישקערס דירה און געדוכט האט אונז, אז גאנצע
מחנות קינדער לויפען אונז פון הינטען נאך און ווארפען אין אונז
מיט בלאָטע. מיר האבען די אויגען געהאלטען אראפגעלאזען צו

דער ערד און מורא געהאַט אַפּצוקעהרען זיך אַהינטער. ביים קאַ־לעלישקער איז שטוב האָבען מיר געכאַפּט די היטלען גלייך אַרונ־טערגעהמען, כלומרשט, מיר ווילען געהן בגילוי הראש, אין אמת'ן אָבער, האָבען מיר געכאַפּט אַרונטערנעהמען פון זיך די קייטען, אין וועלכע מיר האָבען זיך אליין געשמיעדט. פּעקלאַך האָבען מיר געהאַט קליינע און דעריבער זעהר ווינציג אַרבייט. מיר זיינען געזעסען און געשמועסט פון אונזער קינפטיגען לעבען ביז דער בעל העגלה איז אונז געקומען אַנזאָגען, אַז די אַדלערס זיינען שוין געשפּאַנט.

אין וואָגען מיט אונז איז מיטגעפאָהרען עפּעס אַ פרייליין, און יעדער פון אונז האָט גערעכענט פאַר זיין חוב אַנצוציהען מיט איהר אַ געשפּרעך. זאָל זי טאַקע וויסען, אַז מיר זיינען ניט קיין אָרים־בחורים. נאָר אויסער דעם קאַלילעשקען האָט זיך ביי קיי־נעם פון אונז דאָס מויל ניט געעפענט, און אַז איך האָב זיך שוין געהאַט צוגעגרייט מיט אַ פראַגע און האָב אויפגעעפענט דאָס מויל און שיער ניט אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ וואָרט, האָב איך נאָר אַ געניץ געטהאַן, דאָס הייסט געמאַכט זיך געניצען און דערביי רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען.

איך האָב זיך זעלבסט, אַזוי וואָהרשיינליך אויך מיינע חברים, ניט אויסגעזיידעלט, האָב זיך גערופען אָרים־בחור, פּטרן. קלויזניק. נאָר דערפון איז גאָר ניט אַרויסגעקומען. אַנצוציהען מיט'ן פריי־לין אַ געשפּרעך האָב איך בשום אופן ניט געוואָגט.

און דער קאַלעלישקער האָט צו איהר גערעדט און דערצעהלט איהר אויף זיין געוועהנליכען לשון, געמישט מיט פרעמדע און ניט־געשטויגענע ווערטער, פון אונזער נסיעה און ניט געשעמט זיך אפילו אָנצורופען אונז חברים. מיר האָבען ביי די ווערטער אויף איהם אַ קוק געטהאַן מיט פּוטערנע אויגעלאַך און מוחל געווען איהם, וואָס ער זיצט צו נאָהענט צו דער פרייליין...

און פונדעסטוועגען האָט דאָס אונז ניט געשטערט צו דענ־קען, אַז מיר זיינען די זאַלץ פון יודענטהום, אַז מיר פאָהרען מאַ־כען אַ גאָלדענע קרוין פאַר ישראליקס קאָפּ, אַז מיר וועלען בעשע־נען, בעפּוצען, בעפיינען דעם אָרימען אידען'ס נאָמען; אַז מיר

וועלען פעראייניגען רעליגיאָן מיט בילדונג, תורה מיט השכלה, און אז מיר וועלען מאכען א נייע עפאכע אין דער אידישע גע־שיכטע....

נעפאהרען זיינען מיר אין ווילנא און דער בעל־העגלה האט אונז אויסגעפאקט אין א גרויסער אכסניא. די ערשטע עטליכע טעג האבען מיר זיך געהאלטען איינער ביים צווייטען און מורא געהאט א טריט צו טהאן איינער אהן דעם אנדערן. אלע אונזערע אוינגען האבען געקוקט אויפ'ן קאלעלישקען. נאר ער האט אויך, ווי עס האט זיך אויסגעלאזט, מורא געקראגען פאר דער גרויסער שטאדט. אונזער איינציגער מלאך הגואל איז געווען דער בעל־העגלה. מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען ווי א קוה נאך א קאלב און שטונדענווייז אפגעשטאנען ביי די סקלאדען, וואו ער האט איינגעקויפט סחורה פאר די שטעדטעלדיגע קרעמער. נאר אין צוויי טעג ארום איז דער בעל העגלה אוועקגעפאהרען צוריק אהיים און מיר זיינען געבליבען כצאן בלא רועה, ווי א שיף אהן א רודער אויפ'ן גרויסען ברויזענדען ים.

די בעל־אכסאניא'טע האט פון סימפאטיע מיט אונזערע ער־האבענע אידעען, — ווי מיר האבען פערשטאנען — אונז אריינגע־געבען שכל, אז די ערסטע זאך וואס מיר האבען צו טהאן איז צו זוכען א דירה; און אזוי ווי מיר האבען ניט געוואוסט „מיט וואס מען עסט דאס", און האבען נאר געקענט איהר צובאמקען, אז יע, יע, זי האט רעכט, האט זי גענומען די מיה אויף זיך און אויסגע־זוכט פאר אונז ערגעץ אויף א בוידעם א מקום מנוחה. און אויף אזא אופן איז די ערסטע און הויפט זארג אראפ פון אונז.

אין א פאר טעג ארום איז דער קאלעלישקער אריינגעקומען פון גאס מיט א פרעהליכער מינע אויפ'ן געזיכט. פאר'ן האלב־ליכטיגען שיין וואס האט פון א קליין פענסטערל אריינגעקוקט אין אונזער בוידעם האבען מיר נאר געקענט בעמערקען, אז זיין פנים שיינט היינט מעהר ווי אלע מאל. מיר האבען זיך דערפרייט. ווארשיינליך האט ער עפעס א גוטע בשורה פאר אונז. נאר ער איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער מיט זיין שטראהלענדען גע־

זיכט, ניט אַ וואָרט אַרויסצוברענגען פון זיין מויל און האָט נאָר געקוקט אויף אונז.

מיר האָבען גאָר ניט פערשטאַנען און געקוועטשט נאָר מיט די פּלייצעס.

— קוקט! האָט ער ענדליך געזאָגט און מעהר אַרויסגע־שטעלט זיין פּנים.

מיר האָבען געקוקט און דער רעטענים איז אַלץ געבליבען אַ רעטענים.

— טאַפּ! האָט ער צו מיר געזאָגט און צוגערוקט זיין פּנים צו מיין האַנט.

איך האָב ניט טראַכטענדיג אַ טאַפּ געטהאָן איהם דאָס פּנים און האָב אַלץ ניט פערשטאַנען, וואָס איז מיט איהם אַזוי די שמחה.

— איך האָב זיך אָבגעגאָלט! האָט ער ענדליך געזאָגט מיט אַזאַ קול, מיט וועלכען מען דערציעהלט פון אַ גרויסען זיעג.

און אַ מלחמה האָט ער געדאַרפט האָבען אַ שווערע. צו יענער צייט זיינען מיר אַלע נאָך געווען מאמינים. אמת, מיר האָבען ניט געגלויבט ווי אַלע „באַנאַטיקער", אָבער אויף עובר זיין אַ „לא העשה" האָבען מיר נאָך קיין היתר ניט געהאַט געפונען און דאָ־ריבער האָט ער געדאַרפט אויסשטעהן אַ שווערע מלחמה, ווייל דער געגנער איז געווען אַ האַרטער, און ווידער צו יענער צייט איז זייז פּנים געווען ריין פון אַ מינדסטען הערעלע, גאָר אָהן אַ חתימת זקן.

זיצען אַזוי אויבען אויפ'ן בוידעם איז גאָר קיין תכלית ניט געווען. די אָרימע פּאָר גראָשען, ווי קאַרג מיר האָבען ניט געלעבט, האָבען אָנגעהויבען צורונען צו ווערען און מיר האָבען געמוזט אָנ־הויבען זוכען, פּרעגען וואָס צו טהאָן.

איינער פון אונז האָט געגעבען אַ פּלאַן צו געהן איבער די קלויזען און זוכען אַ קלויזניק, וואָס זאָל זיין אַ בעהאַלטענער משכיל, און דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרען.

מיר האָבען געזוכט און געפונען. נאָך דעם פּראָפּיט פון איהם האָט געצויגען די ערשטע צייט בלויז דער קאַלעלישקער. נאָך דער ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט איינעם אַזאַ חברה־מאַן, האָט ער

זיך אויסגערופען נעהן מיט אונז צוזאמען אהיים. אויפ׳ן „נעור־סקי״ האט זיך דער קאלעלישקער מיט איהם ארומגענומען אין א הויף און האט אהז געהייסען אפווארטען. מיר האבען געפאלגט. אין א היבשע ווײלע ארום זיינען זיי ארויסגעקומען און ביים קאלעלישקער אין האנט איז געווען עפעס פערוויקעלט אין א ווייסע שטיק פאפיער. מיר האבען נעהאט אפגעגאנגען א שטיק וועג, און זיי האבען ניט אוספייעט צו מאכען א צעהן טריט צו אונז ווי ביים קאלעלישקער האט זיך ארויסגעריסען פון האלז א געשריי: „אוי, שלעכט!״ און כאפענדיג זיך מיט דער האנט ביים האלז, האט ער גענומען ברעכען אויפ׳ן לאווע ((טראטואר) פאר דעם גאנצען פיבליקום. קוים האבען מיר צו זיי געמאכט עטליכע טריט ערשט זעך צווייטער, אונזער נייער בעקאנטער, האט אויך גענומען מאכען דעם זעלבינען קונץ. צוקומענדיג נעהענטער צו זיי, האבען מיר פשוט געברענט פאר שאנדע און אין דער זעלבינער צייט ניט געקענט איינהאלטען זיך פון געלעכטער. ווען מיר האבען זיך מיט זיי אויסגעגלייכט האט דער קאלעלישקער מיט פולע אויגען פון טרערען אויך געלאכט. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי האבען ביי א שווייגעך־טישעל געקויפט א שטיק סאלע (חזיר־פעטס) און ניט וויסענדיג דעם געברויך דערפון, האבען זיי פון דעם פערזוכט צו שטיקלאך.

נאך אויב דער ערשטער פראפיט, וואס דער קאלעלישקער האט געהאט פון אונזער נייען חבר, איז ניט געווען קיין געלונגענער און איז איהם ארויסגעקראכען באקאם. דערפאר אבער איז ער זעהר צונויץ געקומען שפעטער אי פאר איהם אי פאר מיינע איבריגע חברים. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער וויים עפעס א סוד, ווי צו ראטעווען אזעלכע פיאנערען, ווי מיר זיינען געווען. פון הונגער. אנפאנגס האט מען זיך פאר מיר בעהאלטען. זיי פלעגען מיך איבערלאזען אליין און ערגעץ פערשוואונדען ווערען: דערנאך האבען זיי זיך ניט געקענט איינהאלטען און ענטדעקט פאר מיר דעם סוד, אז זיי געהען צו די מיסיאנערען, און דארטען מאכען זיי די כפול־שלשה׳דיגע ברכה. „פאר׳ן הייליגען טאטען און

פאַר דעם רוח און פאַר'ן זוהן און קריגען דערפאַר שוין אַ מאַלצייט און גרויסע הבטחות פיר דער צוקונפט.

מיר האָבען זיך באַלד צושיידט און איך האָב זיי פערלאָרען פון אויג. נאָר אין אַ יאָהר צוויי ארום האָב איך איינעם פון זיי אַנגעטראָפען, און האָב זיך געוואונדערט, זעהענדיג איהם ווידער אין אַ זעקסקאַנטיגע, ווייכע היטעל. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז איהם איז מיאוס געוואָרען צו געהן צו די מיסיאָנערען און צו ליי־דען הונגער און האָט זיך בעסער ווייטער בעזעצט אין אַ קלויז.

— און וואָס טהוען די איבריגע?

— דעם קאַלעלישקען האָבען די מיסיאָנערען אוועקגעשיקט אין לאָנדאָן: ער וועט דאָרטען אויך ווערן אַ מיסיאָנער. און די איבריגע זיינען נאָך דאָ.

— וואָס טהוען זיי?

— זיי ליידען הונגער, אַ רחמנות אויף זיי.

טאַקע אַ רחמנות...

# צוויי וועלטען אונטער איין דאך.

(ערצעהלונג)

.1

ער איז געלאפען אין בית־המדרש. דאס זעקס־קאנטיגע היר־טעל, וואס איז געווען פערדרוקט צו דער פאטיליצע, האט גרעסער געמאכט זיין שטערן. די סארע אויגען מיט גרויסע מענשלאך זיינען געווען פול מיט ערגעגונג. די נאז איז איהם געווען לענגער, ווי געוועהנליך.

ער איז געלאפען און געבאלבעט מיט די הענט אין דער לופ־טען. ער האט צו זיך עפעס געגרעדט מיט כעס, די ליפען האבען זיך געשאקעלט, דער שטערן געקנייטשט, מיט איין פינגער פון דער רעכטער האנט האט ער ווי געסטראשעט עמיצען.

— נו, א פלאגע, האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען פון האלז, און ער האט דערביי א דרעה געטהאן מיט'ן קאפ.

ער איז אריין אין בית־המדרש און געלאזט זיך געהן צום אויבען־אן.

אין בית־המדרש איז איצט געווען שטיל. פון בעלי־בתים קיין לעבעדיגער נפש; דער וואסילישקער זיצט מיט די פיס אונ־טער זיך און לאטעט זיין אויבער־בגד; דער דרויער ליענט אויס־געצויגען אויפ'ן מזרח־באנק מיט'ן היטעל פערדעקט דאס געזיכט און דרעמעלט; דער נאוווידווארער זיצט אנגעשפארט מיט'ן קאפ אויף די צוזאמענגעלעגטע הענט אויף דער גמרא און שלאפט; דער שמש זיצט לעבען אויווען און סקראבעט ארום דעם חלב פון די לייכטער.

— וואָס ביזטו אזוי צוטראָגט, משה׳לע? האָט איהם דער שמש געפרעגט מיט א צופריעדענער מינע, — אז מיר דאַנה׳ן ניט, וואָס האָט איהר צו זאָרגען? קעסט האָסטו, א...

משה׳ל האָט ניט געענטפערט. ער האָט געוואוסט, אז דער שמש האָט ליעב צו פאַרציהען א לאַנגע „גאַוועדע״, ווען עס קלייבט זיך אָן פון די לייכטערלאך היבש חלב; פון זיין צופריעדע־נער מינע האָט ער גלייך ארויסגעזעהן, אז איצט איז ער מסוגל צום רעדען און משה׳לען איז איצט א וואָרט געווען איבריג. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין שטאָט, געשטעלט זיך לעבען פענסטער און געקוקט פערטראַכט אויף דרויסען. ער האָט גענומען צוקען און דריידלען אויף דער שויב „מר ממות״ און האָט זי איינגאַנצען בעדעקט מיט דריידלאך פון די צוויי ווערטער. ענדליך האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן, האָט מיט דער האַנט אָפּגעווישט די גאַנצע שויב און האָט זיך געלאָזט געהן פאַזע מזרח וואַנט פון פענסטער צום ארון קדש און צוריק.

ער איז געגאַנגען הין און צוריק און געצופּט די האָר איבער׳ן שטערן. „נו, א פּלאַגע״! האָט ער געמורמעלט. ער האָט זיך נאָך איין גאַנצען געפונען אונטער׳ן איינדרוק פון דער סצענע, וואָס ער האָט איצט איבערגעלעבט. דאָס ווייב שטעהט איהם פאַר די אויגען: די הענט האַלט זי פערלעגט און קוקט איהם אָן פער־וואונדערט, איהר געזיכט איז בלייך, אביסעל צושראָקען, דער פּאַריק מעהר ווי אלע מאָל אראָפּגערוקט אויפ׳ן שטערן, דאָס מויל אָפען. עפּעס האָט ער איהר געזאָגט אזעלכע ווערטער, וואָס א מענש א בר־דעת וועט ניט זאָגען.

— וואָס קוקסטו מיך אזוי אָן? פרעגט משה׳ל.

די פראַגע ברענגט איהר ארויס פון דעם דול, וואָס זיינע ווער־טער האָבען אויף איהר אַנגעוואָרפען. זי בעגרייפט איצט דעם מיין פון זיין שמועס. דאָס געזיכט הויבט זיך איהר אָן צו קרימען, די ליפּען — צו ציטערן, און זי ברעכט אויס אין א געוויין.

ער האָט ניי־ ישטענט זעהן איהרע טרעהרען, ער איז צו איהר צוגעגאַנגען:

— זיי ראַך ניט קיין נאַר, לאָז זיך רעדן, האָט ער איהר גע־וואָלט איינגעהמען, און ארויסגעלעגט אויף איהר די האַנט.

— ריהר מיך ניט אָן! האָט זי אויסגעשריען דורך טרערען און איז אָפּגעשפּרונגען אַ פּערציטערטע. — ריהר מיך ניט אָן! וואָס טאָסטו צו מיין נשמה? איך בין טמא...

— נאַרעלע, וואָס איז דער גאַנצער ענין פון טומאה? פער־שטעהט דאָס מיט שכל, דו ביזט ראַך ניט קיין נאַר. ריינליכקייט איז דער ערסטער כלל פון געזונדקייט: די אידישע רעליגיאָן וויל האַלטען די אידישע טעכטער אין ריינליכקייט, דאָס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך, אָבער קען דיר רען מיין האַנט אַז איך לעג זי אַנידער אויף דיין אַקסעל, מאַכען קראַנק? ביי די ווערטער האָט ער אויס־געשטרעקט זיין האַנט און האָט זי ווייטער געוואָלט אַנריהרען.

— אוועק, גזלן, פון מיר! נעהם צו דיין האַנט. איך האָב שוין היינט געהערט, ווער דו ביזט. איך זעה שוין, וואָס פון דיר איז געוואָרען... איך זעה, אַז דיין נפש אליין איז דיר קאַרג און דו האָסט זיך זאַוויניעט צו מיין נשמה... איך קען זיך מיט דיר ניט אויס'טענה'ן. איך וועל דערצעהלען דער מאַמען און זאָל זי מיט דיר רעדען.

זיין גאַנצע גבורה, וואָס ער האָט איצט און ערסט ארויסגע־וויזען אין שמועס מיט'ן ווייב, האָט איהם פּלוצלונג פערלאָזט און ער האָט אַנגעהויבען צו שטאַמלען:

— די שווינער... וואָס איז דאָס נוגע צו איהר?... איך רעד מיט דיר, ווייל דו ביזט מיין ווייב...

פאַר דער שווינער האָט ער שטאַרק מורא געהאַט. זי איז גע־ווען פייער־פלאַם און האָט געקענט אויפּעסען אַ מענשען, ווען ער איז אריינגעפאַלען צו איהר אין מויל...

טרערען האָבען ניט אויפגעהערט צו רינען איהר פון די אוי־גען.

— איך בין אַ נאַרישע ווייבעל און פערשטעה גאַר ניט. די מאַמע איז עלטער פאַר מיר און זי וועט ניכער פערשטעהן.

— דערצעהל ניט.

— איך מוז דערצעהלען. דו קענסט מיך ברייננען צום

שמד, רחמנא לצלן; זאָל די מאַמע אויך וויסען, וואָס פון איהר אײדים איז געוואָרען. עס קאָסט איהר גענוג געלט און זי מעג וויסען.

— דערצעהל ניט.

— איך וועל דערצעהלען.

משה׳ל האָט א קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר און איז ארויס־געלאָפען.

ניין, דאָס האָט ער ניט ערוואַרט. ער האָט גערעכענט, אז ווי נאָר ער וועט איהר געבען א שמיר מיט׳ן זאַלב פון השכלה די אויגען, וועט זי גלייך ווערען אן אנדער מענש, וועט נעהמען קוקען אנדערס אויף דער וועלט. זי וועט פערשטעהן, אז די ריינע אמונה ליידט ניט קיין נאַרישקייטען, אז אונטער דער צייט פון דעם אי־דישען לאַנגען גלות זיינען אויף זייער הייליגער אמונה אַנגעוואַק־סען דערנער. זי וועט גלייך פערשטעהן, אז פון די געצענ־דיענער האָבען זיי זיך אַנגעלערנט נאַרישע מנהגים און אין דער צייט, וואָס זיי מיינען, אז זיי זיינען כשר׳ע אידען, זיי טהוען, וואָס גאָט האָט געבאָטען, זיינען זיי, אין געגענטהייל, פאַנאַטישע, דומע, נאַרישע מענשען. ער האָט גערעכענט, אז ווי נאָר ער וועט דאָס איהר זאָגען און ערקלערען איהר מיט ראיות און חקירות, וואָס ער האָט אַנגעזאַמעלט גאַנצע בערג, וועט ער ביי איהר אימה׳דיג גרויס ווערען; זי וועט נעהמען שטאַלצירען, וואָס זי האָט אזא מאַן, וועלכער שטעהט העכער פון אלע שטעדטעלדיגע הן אין תורה, הן אין חכמה; ער האָט גערעכענט, אז נאָך אזא שמועס, וועט זי זיך אין גאַנצען אומבייטען און ער וועט קענען פאַר איהר עפענען זיין הארץ, אויסגיסען פאַר איהר אלע זיינע געפיהלען. ער וועט זי איבערטראַגען אין זיין ליכטיג וועלטעל און זיי וועלען זיךביידע וואַרעמען קעגען דער זון פון השכלה, וועלען ביידע פאַנטאַ־זירען און פליהען הויך, הויך אין דער לופטען: — ערסט אויפ׳ן ערסטען טריט, נאַ דיר!

— איך בין אליין שולדיג, געהט איהם איבער א נייער געדאַנק אין קאָפּ; וואו איז געווען מיין שכל? פאַר וואָס האָב איך ניט געקענט פערשטעהן, אז ניט מיט א אידענע איז צו רעדען פון אזעלכע

זאכען. חכמת אשה בפלך — קאכט, שטריקט, וואשט! דאס איז אייער ארביים, אבער ווי קומט איהר צו שכליות זאכען!

— געוויס, שטארקט זיך ביי איהם דער געדאנק, ווי קומען זיי צו שכליות זאכען? דערצו דארף מען פריהער שלייסען דעם כוח מיט גמרא. זיי האבען נאר ציגנלאך.

איהם נעהמט ארויף אויפ'ן זינען די שווינער. עס ווערט איהם קאלט פון דעם געדאנק ארויספאלען איהר אויף דער צונג.

— זי וועט דערצעהלען... זי וועט געוויס דערצעהלען.

זיין געזיכט ווערט איבערגעצייגען מיט אנגסט. ער בלייבט א רגע שטעהן און נעהמט שטארק רייסען דעם טשוב.

— נו, האט מיך גאט געבענשט מיט א פלאגע!

דאס ערסטע מאל זייט ער האט חתונה געהאט איז איהם ארויף אויפ'ן געדאנק, אז א ווייב איז ניט קיין נוטע זאך. ביז היינטיגען טאג איז ער געווען צופריעדען מיט זיין שפרה'ן. זייט ער האט זי דערקענט, האט ער פערגעסען נויטה און צרות. בחור־ווייז האט ער זיך אויסגעוואלגערט אין אלע ישיבות און קלויזען. און כאטש דארטען האט איהם אויך נאר ניט געפעהלט, וואכער אדער א טעפעל האט ער שטענדיג געהאט און די באנק פון בית־המדרש איז פיר איהם געווען א ווייכער געלעגער, האט ער דאך געפיהלט, אז נאך דער חתונה איז איהם זיין לעבען פיעל זיסער געווארען.

משה'ל האט געפאדערט פון לעבען זעהר ווייניג. וואס ער האט געהאט, איז פיר איהם געווען גענוג. ס'אר א דאגה זיינע, איז דער כאלאטעל גאנץ ארער צוריסען; וואס נעהט איהם אן, אז אין א רעגענדיגען טאג קוואקטשעט ביי איהם אין די שטיוועל, און זעהר אפט האט ער זיך אפילו ניט געכאפט, אז דאס קוואק־טשעט ביי איהם; וואס ארט איהם, אז די סקארפעטקעס זיינען צופוילט? די זאך, צו וועלכער ער האט געהאט חשק, איז געווען א פרישע העמד לכבוד שבת. אז ער האט עס ניט געהאט, האט איהם דער לייב געשמארצט א גאנצע וואך, און ער האט ניט אויפ־געהערט צו רייבען זיך אז רגע באנק, אויף וועלכער ער איז געזעסען און געלערנט; און די העמד האט איהם אפט געפעהלט, צי וויל

ער האָט געהאַט ווייניג וועש אָדער ווייל ער פלעגט פון גרויס התמדה פערגעסען אריינטראָגען צו דער צייט צו דער וועשערקע. ווי דאָס איז, עס איז פיר איהם געווען אַן אייביגע פּאַקוטע: איז עס ניטאָ? הייסט קראַצען זיך אַ גאַנצע וואָך. פאַראַן? האָסטו פרייטאָג אַ געשעפט נייהען קנעפּלאַך אין קאָלנער, ערגעץ צושטע־כען. איצט אָבער איז אַ גן עדן: אלע פרייטאָג צו נאַכט ליגט שוין גרייט פיר איהם אַ ריינע העמד, אַ ריינע פּאָר סקאַרפּעטקעס...

פרייטאָג צו נאַכט האָט ער זיין שפרה'ן טאַקע גאַנץ ליעב. אַ גאַנצע וואָך זעהט ער זי כמעט אין די אויגען ניט אָן. ער זיצט פון פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט אין קלויז און זי — אין גע־וועלב, אפילו צו מיטאָג קומען זיי זיך ניט אויף צוזאַמען. אַז ער קומט ביי נאַכט פון בית המדרש ליגט זי שוין אין בעט און שלאָפט. ער איז אין גאַנצען אריינגעטהאָן אין אַ וועלט פון רוחניות און זי פון גשמיות, שבת נאָר מאַכט ער אביסעל שוואַכער דעם יאָך פון דער תורה, פערבויגט אביסעל דאָס לערנען און גיט זיך אָפּ מעהר צו עסען, טרינקען און צום ווייב; אמת, דאָס טהוט ער אלץ לשם שמים, ניט חס ושלום פיר'ן זינדיגען גוף, נאָר דער גוף האָט אויך הנאה. זי אויך וואַרפט שבת אַראָפּ פון זיך דעם יאָך פון געשעפט און קלייבט פערגניגען פון מאַן.

„מה יפית ומה נעמת אהבה בתענוגים" זינגט ער מיט האַרץ פרייטאָג צו נאַכט נאָך פיש. זיינע בלייכע, אויסגעווייקטע באַקען ווערען בעצויגען מיט אַ רויטליכער פאַרב פון דעם ביסעל בראָנפען און עס שיינט, אַז אויף איהם רוהט די שכינה. שפרה זיצט אנט־קעגען איהם מיט די ברילליאַנטענע אויריננגלאַך, אנגעטהאָן לכבוד שבת, רייןארומגעוואשען און שיינט ווי אַ בת־מלכה. זי הערט זיך צו צום מאַנ'ס געזאַנג און דאָס האַרץ קוועלט איהר אָן.

„מה יפית ומה נעמת אהבה בתענוגים" פערשטעהט זיך, אַז ער וועט זיך אויפ'ן קול ניט נעהמען פערנאַנדערזינגען אין אזעלכע ווערטער דעם ווייב; ער מיינט דאָס ניט שפרה'ן: ער האָט אין זינען אַ העכערע ליעבע, ווי די, וואָס מען האָט צו פרויען, נאָר אַז אנצוהערענים איז דאָ פאַראַן, און זיינע אויגען גיבען זיך אַ קעהר צו שפרה'ן און ער דערפיהלט, אַז זיין נשמה איז ניט קיין ראָזעק...

פרייטאג צו נאכט האט ער זיין שפרה'ן שטארק ליעב, זיי פיהלען זיך ביידע אזוי נאהענט איינער פון צווייטען. ביידע האבען איינע געפיהלען. ער זינגט, זי איז זיך מחיה, ער עסט און זי קוועלט אן. זי פארווערט און ער הימ איהרע בעוועגונגען, און די ערסטע צייט נאך דער חתונה האט ער זי אין גאנצען געוואלט צוציהען צו זיך און אריינברייננגען איהר אין זיין וועלטעל. ער איז איהר נעקומען דערצעהלען, ווי ער האט היינט געהארעוועט אויף א מהרש'א: „פערשטעהסט? א מהרש'א איז א שווערע זאך, יעהר א שווערע זאך, ווי זאל איך דיר דאס אפמאלען? און א הארבער מהרש'א איז טאקע ממש...‟ נאר אין ניכען האט ער אויפגעהערט משמח צו זיין איהר מיט זיינע גליקען, כאטש זי פלעגט אנקוועלען, הערענדיג זיינע רייד. ער האט א טעות גע־האט אין פשט. ער האט געמיינט, אז ווי באלד ער וועט איהר דאס דערצעהלען, וועט זי נעהמען אויספרעגען: פאר וואס איז דער מהרש'א הארב, אויף וואס שטעלט ער זיך? און ער וועט זיך נעהמען מיט איהר מפלפל זיין, דערווייזען איהר אלע דרעדלאך און שפיצלאך און ווי מען פאלט ארויף אויף דער סברא. ער האט איהר געוואלט ווייזען, וואס פיר א שווערע זאך די גמרא איז, ווי דער קאפ דארף זיין אויסגעשארפט צום לערנען און מיט דעם געבען איהר עפעס א בעגריף פון זיין גוואלדיגען כח אין יענע זאכען; — נאר זי שווייגט..

קיין חבר'שאפט מיט שפרה'ן האט ער ניט געקענט שליסען. ער האט זיך נאך טיעפער פערגראבען אין זיין נארע און געלעבט פאר זיך.

די פראגע, וואס האט שפרה צו טהאן מיט איהם? איז איהם קיין מאל אויפ'ן זינען ניט ארויפגעקומען און האט איהם ניט געקענט ארויפקומען. ער האט געוואוסט, אז ער איז א מאן און זי א ווייב, זי זיצט אין געוועלב און ציהט די פרנסה און ער זיצט אין בית המדרש און לערנט, און אויף יענער וועלט וועלען זיי זיך ביידע טהיילען מיט'ן שכר.

זיי וואלטען ביידע אזוי אויסגעלעבט די יאהרען צופריעדען. איז אבער געקומען א גאנצע איבערקעהרעניש אין זייער לעבען.

צו זיי אין בית־המדרש איז אראפגעקומען א וואלאזשינער בחור. ער האט זיך פערקליבען אין א ווינקעל און איז דארט אפ־געזעסען פון פריה ביז שפעט אין נאכט. מיט די חברים פרושים האט ער זיך געהאלטען פון דערווייטענס. משה׳לען איז ער שטארק געפעלען געווארען פיר זיין התמדה און ער האט זיך גענומען צו איהם מתקרב זיין. ער האט געזארגט פיר זיינע „טעג“ און געזוכט צו פערציהען מיט איהם א שמועס.

דער וואלאזשינער האט זיך אנפאנגס ניט געלאזט אריינצי־הען אין א שמועס. ער האט געקוקט פערדעכטיג אויף יעדען, וואס איז צו איהם נאהענט צוגעטראטען; ער האט געהאט דעם קוק פון א מענשען, וואס האט מורא פיר שפיאנען. און ווען משה׳ל פלעגט צו איהם צו געהן, פלעגט ער איינציהען די אויגען און נע־מען קוקען אויף איהם אזוי דורכדרינגענד, ווי ער וואלט מיט׳ן בליק וועלען דורכשטעכען זיין הארץ און זעהן, וואס דארטען קומט פאר. משה׳ל פלעגט זיך פון דעם קוק פערלירען און האט ניט געהאט גענוג מוטה צו פערציהען א לאנגען שמועס. נאר אין עטליכע וואכען ארום האט דער וואלאזשינער אויפגעהערט צו קוקען אזוי שארף און פערדעכטיג און משה׳ל האט מיט איהם געשלאסען פריינדשאפט.

משה׳ל האט איהם זעהר ליעב געקראגען; ער האט אויסגעגע־פונען, אז ער האט א שארפען קאפ, איז א מזיק אין פלפול און דערצו א בקי.

עס האט זיך גענעהערט שבועות צייט. די טעג זיינען גע־ווארען גרעסער, דאס גראז איז געווארען גרין און די בוימער האבען זיך גענומען בעדעקען מיט בלעטלאך. בין מנחה־למעריב פלעגט דער וואלאזשינער ארויסגעהן מיט משה׳לען אין דרויסען און שפאצירענדיג שמועסען.

משה׳ל האט פון שפאציר ניט געהאלטען, פון שפאצירען אונ־טער דער שטאדט. ער האט פערשטאנען, וואס הייסט שפאצי־רען, א שטייגער, שבת פאר נאכט איבער׳ן שול־הויף, ווען דער עולם זאגט תהילים; אדער תשעה־באב פאר קינות, איידער דער

עילם קלייבט זיך צונויף, און די באדריונגען ווארפען זיך מיט שישקעס, דורכנעהן זיך פערביי דעם בית־המדרש אין קאלאשען; אדער יום־כפור נאך נעילה, ווען דער בעל־תפילה האט געענדיגט, פאר צאת הכבבים, און דער נוף איז צובראכען, ארומגעהן אין סקארפעטקעס אין דרויסען, זעצען זיך אויף א שטיין און אפבאפען דעם אטהעם; אבער סתם געהן שפאצירען און נאך ווי, אונטער דער שמארט — וואס פיר א טעם האט דאס?

נאר דער שפאציר מיט'ן וואלאזשינער האט זיך ביי משה'לען אנגעהויבען אזוי, אז ער האט אליין ניט בעמערקט. זיי זיינען ארויסגעגאנגען גלאט אין דער וועלט אריין, נאר גלייך האט זיך ביי זיי פערבונדען א שטיקעל וכות. ווען דער וכוח האט זיך געענדיגט, זיינען זיי שוין געווען אונטער דער שטאדט. עס האט זיך נאר געזעהן דער שפיץ קלויסטער און, להבדיל אלף הבדלות, דער דאך פון שוהל. די זון, א גרויסע און א רויטע קוגעל, האט געהאלטען ביי'ן אונטערגעהן. דער הימעל איז געווען ריין, פון די פעלדער האט געווייעט מיט פרישען יונגען גראז, ניט ווייט אויף א בוים זיינען געשטאנען צוויי בוטשאנעס און געראווענט אויף זייער לשון מנחה.

דער וואלאזשינער האט זיך אפגעשטעלט און משה'ל איז אויך געבליבען שטעהן.

— לא'מיר זיך צוזעצען, האט דער וואלאזשינער געזאגט.

משה'ל, וועלכער האט זיך ניט אפגעשראקען פיר דער דריטער מכה פון מצרים, פאר די קהל'שע וואנצען אין בית המדרש, כאר די פרייסען אין אלע ארימע הייזלאך, וואו ער האט אמאל געגעסען טעג, האט מורא געהאט צו זעצען זיך אויפ'ן גראז צוליעב די קליינע פליגעלאך און זשוקלאך, וואס קריכען דארט ארום. ער האט זיך אלע ווייל ארומגעקוקט צו קריכט ניט א פליגעלע אויף איהם און געקראצט זיך פון געראנק, טאמער האט זיך איינס פערגנב'עט צו איהם אונטער'ן העמר.

— א שעהנער אבענד! — האט דער וואלאזשינער געזאגט.— ווען איך געה ארויס אויפ'ן פעלד, אויפ'ן גרינעם גראז, קעהרען

זיך מיר אום מיינע קינדערשע יאָהרען. און מיר וואָלט זיך וועלען לויפען, שפּרינגען... אך!

— משה'ל האָט איהם אַנגעקוקט פערוואונדערט: געהערט, וואָס אַ מענש רעדט! פון וואָס אַ מענש קריגט דאָ התפּעלות!

— און איהר פיהלט גאָר ניט? האָט דער וואָלאָזשינער נע־פרעגט.

— וואָס זאָל איך פיהלען? האָט משה'ל אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— אייך ווילט זיך גאָר ניט לויפען, שפּרינגען?

— וואָס בין איך משוגע, רחמנא לצלן, חסר דעה?... נאָר, מהיכא תיתא, מיר דאַרפען טאַקע אונטעראיילען זיך אביסעל, מיר קענען נאָך פערזאַמען מעריב.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט ער זיך געשווינט אויפגעהויבען פון גראָז.

דער וואָלאָזשינער האָט געמאַכט שהיות.

— וואָס איז די איילענים? האָט ער געפרעגט.

— אז מיר וועלען זיך צו איילען, וועלען מיר נאָך כאַפּען אַ ברכו.

— און „פאַר זיך“ קען מען ניט דאַווענען?

— אָבער בצבור?

— איהר ווייסט, איך וועל אייך זאָגען אַ סוד, אז איך וועל ניט געבען אַ שילינגער פיר'ן גאַנצען דאַווענען.

— וואָס הייסט, — האָט משה'לע געשטאַמעלט, — דאַווענען איז דאָס זעלבע וואָס קרבנות.

— און אז ווי קרבנות איז וואָס? קרבנות זיינען געווען אַ מין עבודה־זרה?

— אַ מין וואָס? האָט משה'ל געפרעגט און איז געבליבען שטעהן, ווי פון דונער געטראָפען. ער האָט ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויערן, — וואָס האָט איהר געזאָגט?

— דער רמב"ם איז געווען אַ כשר'ער איד, האַ? האָט דער וואָלאָזשינער געענטפערט מיט אַ פראַגע.

— אַנטקעגען וואָס פרעגט איהר?

— איך דארף דאס וויסען.

— פטור! נו?

— ווייסט איהר וואס פיר א ספרים ער האט געשריעבען?

— „יד החזקה“, „שמונה פרקים.“

— און מעהר ניט?

— דוכט זיך, ניט.

— פון „מורה נבוכים“ האט איהר געהערט?

—ניין: דער רמב׳ם האט דאס געשריעבען?

— איך וועל אייך מארגען ווייזען דעם „מורה נבוכים“, וועט איהר זעהן, וואס דער רמב׳ם זאגט וועגען קרבנות.

— אז זיי זיינען... ווי האט איהר געזאגט? האט משה׳ל מורא געהאט ארויסצוברענגען פון זיין מויל.

— קרבנות איז ריינע עבודה זרה.

— און דער רמב׳ם זאגט דאס אזוי?

— איהר וועט מארגען זעהן.

משה׳ל האט פערגעסען אן מעריב, פערגעסען אן אליץ. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם וואלאזשינער׳ס ווערטער וועגען רמב׳ם.

דעם גאנצען וועג האבען זיי געשוויגען און ווען זיי זיינען צוגעקומען נאהענט צום בית המדרש האט זיך משה׳ל געכאפט:

— אך, מיר האבען שוין פערזאמט מעריב.

אין קלויז זיינען נאך געזעסען עטליכע בעלי־בתים. משה׳ל האט געוואשען די הענט ביי׳ן כיור און האט זיי, געהענדיג, מיט׳ן פאלע אפגעווישט. נאך מעריב איז ער צוגעגאנגען צום וואלאזשינער, ער זאל איהם שוין ווייזען דעם „מורה נבוכים.“

— ווארט ביז דער עולם וועט זיך צוגעהן.

— און דער רמב׳ם אליין זאגט דאס? האט משה׳ל געפרעגט.

— דער רמב׳ם אליין.

— מאקע דברים ככתבם, אזוי ווי איהר האט מיר געזאגט.

— אזוי ווי איך האב געזאגט.

— פאר וואס ניט שוין?

— וואס איילט איהר זיך?

— גלאַט אַזוי: איך וואָלט וועלען זעהן וואָס גיכער.

ווען די עטליכע פערשפּעטיגטע בעלי־בתּים זיינען זיך צו־גאַנגען, האָט דער וואָלאָזשינער אַרויסגענומען פון זיין קעסטעל אַ דיקען ספר און אויפגעמישט, וואו עס ווערט גערעדט וועגען קרבנות.

— נאָט, לייענט.

משה׳ל האָט געלייענט און ניט געקענט גלויבען זיינע אוי־גען:

— עס קען ניט זיין.

— וואָס קען ניט זיין?

— וואָרט, פון וואַנען ווייס איך, אַז דער רמב״ם האָט דאָס גע־שריבען?

— קוקט איבער דעם שער, זעהט דורך די הקדמה, וועט איהר וויסען.

משה׳ל האָט אַזוי געטהאָן.

— שאַ, האָט משה׳ל נאָך אַ קורצען נאָכדענקען און שטאַמ־לען אויסגעשריען ערפרייט: מנלן, אַז דער פּשט איז אַזוי?

— קוקט איבער נאָך אַמאָל, האָט דער וואָלאָזשינער געענט־פערט קאַלט.

ער האָט איבערגעקוקט אַ צווייטען מאָל און האָט זיך פער־טראַכט.

— נו, און וואָס זאָגט איהר? האָט ער געפרעגט פערצווייפעלט.

— וואָס זאָל איך זאָגען?

— איך מיין, ווי לערנט איהר דעם פּשט?

— די ווערטער זיינען גאַנץ קלאָרע.

אלא מעתה קומט אויס, אַז וואָס? אַז דער רמב״ם זאָגט, אַז קרבנות זיינען געווען אַן עבודה זרה? און דאָס איז דאָך אַ זאַך, וואָס קען ניט זיין.

דער וואָלאָזשינער האָט ניט געענטפערט.

— פון וואַנען ווייס איך, אַז דאָס וואָס שטעהט אויפ׳ן שער איז אמת? טאָמער, פערשטעהט איהר מיך, טאָמער האָט גאָר אַן אַנדערער אונטערגעשריבען זיין נאָמען?

— נוט: און פון וואַנען ווייסט איהר, אז דאס, וואס שטעהט אין גמרא: אמר רבא, צי אמר אביי, אז דאס האט געזאגט רבא אדער אביי? טאמער, פערשטעהט איהר מיך, טאמער האט דאס נאר אן אנדערער אנגעשריבען?

— נאר א גלייכענים. מאי אריא חכא להתם!

נאר א חיבּשער צייט האט משה׳ל געפרעגט אזעלכע קשיות און מערקווירדיג, ווי זיי האבען זיך דא צוביטען מיט די ראַלען. משה׳ל דער מאמין, יעמעס געראַנק איז קיינמאל ניט געווען בעאונרוהיגט פון א ספק, האט ניט נעגלויבט דעם שיין, האט בודק געווען יעדעס [illegible], און דער וואלאזשינער, וואס האט איצט דורכגעלעבט דעם פעריאָד פון סקעפּטיציזמוס (ספקות), האט ארויסגעוויזען די גרעסטע אמונה אין א געשריבענעם ווארט. ענדליך האט זיך משה׳ל אויפגעהויבען און איז אוועק אהיים.

משה׳ל האט לאנג, לאנג ניט געהאט אזא צושטערטע נאכט. ער האט זיך א צייט געווארפען פון איין זייט אויפ׳ן צווייטען און ניט געקענט איינשלאפען.

א פּאר אפגעהאקטע געדאנקען האבען איהם געלעכערט דעם קאפ, פאר די אויגען האבען זיך איהם געטראגען אפגעריסענע ווערטער, זיי האבען ארומגעשוועבט אין דער לופט, און ער האט זיך פון זיי ניט געקענט אפּווענדען. רמב׳ם, עבודה זרה, קרבנות, ראוונען, וואלאזשינער — האבען זיך געדרעהט אין דער לופט א קאראהאר, און ער האט געקוקט און ניט געוואוסט, וואס מיט איהם מהוט זיך. ענדליך האט זיך דער שלאף אויף איהם מרחם געווען און האט איהם פערמאכט די אויגען.

נאר דא איז געקומען א מלאך, וואס איז ממונה אויף חלומות און האט מיט א פענזיל גענומען מאלען בילדער, וועלכע זיינען אויסגעקומען אלס א אילוסטראציאן צו די אפגעריסענע ווערטער, וואס האבען איהם פריהער געשוועבט פאר די אויגען. ער האט געזעהען א טאנץ פון געצענ־דיענער. דאס איז געווען א ווילדער טאנץ, מען האט זיך געדרעהט ווי רוחות, צווישען זיי איז איך געווען דער רמב׳ם מיט משה׳לען, זיי האבען איהם אריינגעשלעפט אין מיטען, און ער האט געמוזט מיטטאנצען. ענדליך זיינען אלע

פערשוואונדען, פערשוואונדען איז אויך די ערד און ער האט גע־
נומען פאלען ערגעץ אין א תהום, עס האט איהם פערכאפט דער
אטהעם, ער האט געוואלט אויסשרייען און האט זיך אויפגעכאפט.

א קאלטער שוויים האט בעדעקט זיין געזיכט: ער האט
א ווײַלע געקוקט צוטומעלט, האט אויסגעשפייט דריי מאל און איז
באלד געקומען צו זיך.

— א סימן, אז ער וועט עולה לגדולה זיין, האט ער זיך גע־
אײַלט אויסלעגען צו גוטען דעם חלום, האבענדיג אין זינען, אז
כל החלומות אחר הפה יהלוכון, א חלום ווי מען לעגט איהם אויס,
אזוי ווערט ער מקוים.

דאך איז ער א גאנצען טאג געווען אונרוהיג: „אז עס חלומ'ט
זיך איינעם, אז ער פאלט אין א תהום, איז א סימן, אז ער איז
זינדיג".

ער האט געקוקט אין גמרא, נאר ער האט פאר זיך די ווערטער
גיט געזעהען, זיינע אינערליכע אויגען האבען זיך בשום אופן ניט
געקענט אפרייסען פון יענער אונגליקליכער שטעלע, וואס דער
וואלאזשינער האט איהם בעוויזען אין מורה נבוכים.

פלוצלונג איז זיין געזיכט געווארען פריילעכער, א גליקלי־
כער געדאנק האט איהם א שיין געטהאן: דער וואלאזשינער האט
איהם געוויס בעוויזען אן עניין מקוטע, און דערפון קומט ארויס
די גאנצע צרה.

— פון אן עניין מקוטע קען מען קיין זאך ניט לערנען. אלא
אזוי קען אויסקומען, אז אין דער תורה שטעהט: ועבדתם אלהים
אחרים, און איהר זאלט דיענען פרעמדע געטער.

משה'לען איז איצט געווארען אזוי גרינג, אז ער איז אויפ־
געשפרונגען פון זיין ארט און איז צוגעלאפען צום וואלאזשינער.

— איצט פערשטעה איך שוין! האט ער געזאגט און געריי־
בען די הענט פאר שמחה.

— וואס פערשטעהסטו?

— איך פערשטעה שוין יענעם עניין.

— וועלכען עניין? — האט איהם דער וואלאזשינער אנגעקוקט
פערוואונדערט.

— יענעם ענין, מכח די קרבנות.
— הא ! נו, וואס פערשטעהסטו ?
— דאס איז אן ענין מקוטע.
— בכן ?
— בכן, אז מען וויל אזא זאך דערגעהן ריכטיג, דארף מען דעם גאנצען ספר איבערלייענען.
— ווילסטו דעם מורה נבוכים ?
— יע.
— דו ווייסט דארטען ווענינ פערשטעהן.
מען האט געקענט דענקען, אז משה'ל וועט זיך דערפון בעליידיגען, נאר ארויסגעוויזען האט זיך, אז ניט נאר האט ער זיך ניט בעליידיגט, זאנדערן ער האט זיך דערפרייט.
— אהא ! וואס האב איך געכטען געזאגט ? עס קען זיין, אז מיר פערשטעהען דארטען ניט.
— וואס איך האב דיר בעוויזען, איז א גרינגע זאך און א בר בי רב דחד יומא וועט דאס פערשטעהן, נאר דארט געפינען זיך שווערע שטעלען.
— און דו פערשטעהסט ?
— יע.
— פאר וואס וועל איך ניט פערשטעהן ?
— ווייל דו ווייסט ניט דעם לשון און דער ענין איז דיר א פרעמדער.
— און דיר ?
— איך בין אביסעל בעקאנט.
— פון וואנען ?
— פון אנדערע ספרים.
— גיב מיר יענע ספרים.
— יענע ספרים זיינען געשריבען ניט אין אידיש...
— ניט אין אידיש ! ?
— וואס וואונדערסטו זיך אזוי ?
— אין גויש ?
— אין גויש.

משה'ל האָט ניט פערשטאַנען, וואָס דער חבר רעדט צו איהם. א בעגריף פון גוים האָט ער געהאַט אזוי, אז זיי זיינען אן עם הדומה לחמור, אז זיי זיינען אייזלען אין דער געשטאַלט פון מענ־שען. ווער זיינען גוים? פויערים אין לאַפּטשעס און אין סערמי־געס, גנבים און שכורים. „זיי רואה, זיי זאָלען עפּעס ניט לאַט־כענען, מען דאַרף זיי היטען ווי דאָס ווייסעל פון אויג", זאָגט איהם אָן די שוויגער אדער דאָס ווייב, ווען ער קומט אמאָל אין קראָם און געפינט א פּאָר פויערים קונים — און ווען עס קומט אויס אמאָל מאָנטאָג פאַרנאַכט נאָכ'ן מאַרק אדורכגעהן די גאַס, זעהט ער, ווי אלע שיינקען זיינען אָנגעפילט מיט פויערים, און אלע רינשטאָקען קייקלען זיי זיך ווי חזירים. קען מען פון די גוים עפּעס לערנען? נאָר באלד האָט ער זיך געכאַפּט, אז מסתמא מיינט מען דאָס אנדערע גוים, און ער האָט געפרעגט.

— און דו קענסט גויש?

— איך פערשטעה א פּאָר שפּראַכען.

משה'ל האָט זיך פון איהם אינסטינקטיוו אביסעל אָפּגערוקט. ביז איצט איז דער וואָלאָזשינער געווען זיינער א חבר, א חבר, וואָס האָט צופעליגערווייזע אריינגעקוקט אין אזעלכע ספרים, וועלכע ער האָט ניט בעגעגענט. איצט אָבער איז פאַר איהם געשטאַנען א פרעמדער מענש, א מענש, ווענען וועלכען מען ווייס ניט, פון וואַנען ער איז געקומען, וואָס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען. ער האָט אויף איהם א קוק געטהאָן פערדעכטיג.

— און וואָס האָבען גוים צו טהאָן מיט'ן רמב'ם?

— מיט טהעאָלאָגיע האָבען זיך בעשעפטיגט ניט נאָר אי־דען....

— וואָס איז טהעאָלאָגיע?

— א תורה ווענען גאָטהייט.

— און וואָס ווייסען גוים דערפון?

— זיי אינטערעסירט דאָס פונקט אזוי ווי אידען.

— וואָס? ווענען א צלם איז אויך פאַראַן א תורה?

— דו רעדסט, משה'ל, ווי א קינד.

— פאַר וואָס? וואָס איז זייער גאָט — ניט קיין צלם?

— און דו ווייסט פון אפלטון, אריסטוטלוס? דו ווייסט ווער זיי זיינען געווען?

— פטור, געווים, פילאסופים.

און ווייסטו, אז זיי זיינען געווען געצענ־דיענער? דאס הייסט געצענ־דיענער, וואס האבען פילאזאפיש פערשטאנען גאט?

— ניין, איך ווייס דערפון נים.

— און אז דו ווייסט נים, טא שווייג בעסער. דאס פאסט פיר א אידענע, אבער נים פיר א מענשען, ווי דו ביזט.

משה'ל איז פון וואלאזשינעם אפגעטראטען א דערשלאגענער. זיין גאנצע תקיפות האט איהם אפגעלאזט. ער, דער וואויל־לערנער, וואס איז יומם־ולילה געזעסען על התורה ועל העבודה, ער, וואס האט נאר געהאט אין זינען מקיים צו זיין די מצוות פון דער תורה, ער וואס האט נאר געזוכט צו עררייכען דאס אידעאל: אדם כי ימות באהל — איז ער אזוי ווייט פון חקירה, אז ער קען אפילו נים פערשטעהן, וואס א געצענ־דיענער האט געשריבען!... א אידענע פון מארק קען זיך מיט איהם אויסגלייכען אין אזעלכע זאכען! און אויף וואס האט ער אפגעהארעוועט זיינע אלע יונגע יאהרען?

משה'ל האט זיך געזעצט צו דער גמרא. האט געדרעהט דעם משוב אויפ'ן קאפ, געקוקט מיט פערטראכטע אויגען אין דער לופט און געזעהען, ווי זיין גאנצקיים, זיין פאלקאמענהייט ווערט פערשוואונדען; ביז אהער א זוהן פון דעם קלינסטען פאלק ישראל, דער בעסטער יונגערמאן אין שטעדטעל, א ברכה ביי ווייבער, דער שטאלץ פון דער שווינער, א תכשיט ביי'ם ווייב, האט זיך פלוצלונג דערזעהען ניט אויסגעוואקסען גענוג צו פערשטעהן א געצענ־דיענער פילוסוף. ער האט געקוקט ווי זיין גרויסקייט ווערט פערשוואונדען און דאס הארץ האט איהם גענומען וועה טהאן, און וואס מעהר דער וועהטאג האט זיך פערשפרייט, אלץ מעהר איז אין זיינע אויגען געוואקסען דער וואלאזשינער.

עטליכע טעג האט ביי איהם אנגעהאלטען א שטארקער קאמף. א וועלט איז ניט משוגע, אז א שטעדטעל רעכענט איהם פיר'ן בעסטען יונגען־מאן, איז דאס ניט אומזיסט, אי וואס די נארישע

חקירה, דאַרף דאָס גאָר אַ איד ניט האָבען... נאָר וואָס הייסט, ער וועט ניט פערשטעהן, וואָס אַ געצענ־דיענער האָט געזאָגט אָדער געשריבען?

ער האָט ביי'ם וואָלאָזשינעם גענומען דעם מורה נבוכים און אין אַ קורצע ווײַלע האָט ער זיך געמוזט מודה זיין, אַז ער פערשטעהט פיעלע שטעלען לחלוטין גאָר ניט. דאָ האָבען איהם גע־פעהלט פשוט ווערטער, דאָ האָט ער בעגעגענט אַ זעהר דונקעלן ענין און נאָך דאָסגלייכען.

איצט זיינען געוואָרען זיינע ויכוחים מיט'ן וואָלאָזשינעם נאָר אין חקירה, און אַזוי ווי ער האָט איהם ניט געקענט נאָכ־האַלטען, איז שטענדיג דער זיעגער אַרויס דער וואָלאָזשינער.

אַליין ניט צו בעמערקען, ווי אַזוי דאָס איז איהם געקומען, האָט ער זיך ביסלאַכווייז אַריינגעצויגען אין אַן אַנ־דער וועלטעל, וואו עס האָבען געשיינט די ליכטיגע שטראַלען פון השכלה.

די נייע תורה איז ניט געווען קיין האַרבע, די גאַנצע חכמה איז בעשטאַנען אין אַ פּאָר ביכלאַך, משה'ל האָט איהם באַלד אָנ־געזאָגט און האָט זיך געשטעלט מיט איהם אויף אַ גלייכען פוס און זיי האָבען זיך ביידע געוואָרעמט פאַר די שטראַלען פון השכלה.

משה'ל איז ווייטער אויסגעוואַקסען אין זיינע אייגענע אויגען, ער איז איצט געוואָרען נאָך גרעסער, מעהר פאָלקאָמען און זיין איצטיגע גרויסקייט האָט איהם פערשאַפט פערגניגען, ווייל פריד־הער איז דאָס בעשטאַנען אין הכנעה און איצט אין הויבען דעם קאָפּ.

זיי האָבען ביידע געמאַכט לאַנגע שפּאַציער־גענגע און גע־שמועסט, דיספּוטירט וועגען רעפאָרמען אין דער רעליגיאָן, און אין די ווינטערדיגע לאַנגע, קאַלטע, פערשנייטע נעכט, ווען פון בית־המדרש זיינען זיך אַלע בעלי־הבתים צוגאַנגען און די איבריגע אָרים בחורים האָבען זיך צולעגט שלאָפען, זיינען זיי פערזעסען ביז ווייט נאָך חצות און געלייענט און איבערגעלייענט די עטליכע ספרי־השכלה, וואָס דער וואָלאָזשינער האָט געהאַט מיט זיך, און האָבען געטרוימט פון יענער גאָלדענער ליכטיגער צייט, ווען דער

איך וועט ערוואכען פון זיין לעטהארגישען דרעמעל, וועט זיך אפ־וואשען פון דעם שמוץ פון פאנאטיזמוס, וועט שוין אמאל עפענען זיינע אויגען און וועט דערזעהן דעם ריינעם שיין פון השכלה; ער וועט גלייך מיט אלעמען קענען הויבען א קאפ און לעבען מיט מענשען צו גלייך.

נאר אזא יאהר האט משה׳ל ניט געהאט אין זיין גאנצען לע־בען. אזוי פיעל זיסע האפנונגען, אזוי פיעל הויכע שטרעבונגען זיינען ביי איהם געבוירען געווארען. ער איז געגאנגען פון בית־המדרש אהיים און צוריק און האט געפיהלט די ערד אונטער די פיס. נאר עס איז געקומען פסח, און דער וואלאזשינער איז אפגע־פאהרען אהיים און האט זיך שוין מעהר ניט צוריקגעקעהרט און משה׳ל איז געבליבען אליין.

משה׳ל איז אהן דעם וואלאזשינער געבליבען ווי א קריעגער, וואס האט פערלארען זיין מחנה. דער בית־המדרש, די גאנצע שטאדט איז איהם איצט פרעמד; וואס האט ער מיט די פאנאטישע מענשען צו רעדען? דאס, וואס זיי אינטערעסירט, נעהט איהם גאר ניט אן און דאס, וואס ער פיהלט, קען ער זיי ניט זאגען. און זיינע געפיהלען זיינען געוועזען גרויס און שטארק און זיין מענשליכע הארץ האט זיי גאר ניט געקענט איינהאלטען. ער מוז האבען, פאר וועמען זיי אויסצוגיסען און איצט האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט א ווייב, און דוכט זיך, א גאנץ קלוגע. פאר וואס זאל ער זי ניט מאכען פיר קיין חבר? ער וועט פאר איהר עפענען זיין הארץ, וועט פאר איהר אויסגיסען זיינע געפיהלען און זי זועט איהם זאגען: יישר כח.

היינט האט ער געמאכט די ערסטע פראבע, היינט האט ער איהר גענומען עפענען די אויגען און דאס איז געוועזען דער געדאנק, וואס זי האט איהם געגעבען. „דערצעהלען דער שווינער" — מעהר ווי דאס פעהלט איהם ניט.

ער טרעט ווייטער פאזע מזרח־וואנט פון ארון־קדש צום פענס־טער און צוריק, רייסט דעם משוב און קלערט, וואס זאל ער טהאן. אויב דאס ווייב וועט דערצעהלען דער שווינער.

— ער וועט מוזן אנטלויפן, דאָס שטעדטעל וועט איהם ענג ווערען.

.2

שפרה האָט געהאַלטען וואָרט און דערצעהלט דער מוטער, וואָס משה'ל האָט איהר געזאָגט: זי האָט דערמיט ניט געמיינט צו טהאָן איהם שלעכטס, זי האָט נאָר געזוכט זיך צו ראַטעווען. די שוויגער האָט זיך אויף משהל'ען אַנגעוואָרפען ווי א בייזער רוח און האָט איהם געמאַכט קאַלט און וואַרם. א קויל האָט איהר איינגעשאָסען, אַז זי האָט איהר קינד חתונה געמאַכט פיר אַזאַ מענשען, וועלכען מען טאָר אין קיין אידישע שטוב ניט האַלטען. זי האָט געהאָפט צו האָבען אין איהם נאָך הונדערט־און־צוואַנציג יאָהר א קדיש, ער וועט נאָך איהר נשמה לערנען א פּרק משניות, ערסט קומט איהר גאָר אויס צו האָדעווען א גוי, וועלכער וועט איהרע זינד מאַכען נאָך שווערער. זיין אייגענע נשמה איז איהם קאַרג און ער וויל נאָך איהר טאַטער'ס נשמה אויך בעגראָבען. אנפאַנגס האָט משה'ל איינגעשטעלט דאָס לעבען און גענומען טענה'ן מיט זיין שוויגער, נאָר דאָס האָט צוגעגאָסען בוימעל צום פייער און איהר לייענים האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַזאַ שרייען, אַז ער האָט געמוזט מאַכען פּליטה און אָפּזאָגען זיך פון ווייטערע ויכוחים מיט איהר.

די שטעכיגע מוסר האָט איהם ענדליך דערעסען און אין א שעהנעם פריה־מאָרגען האָט ער זיך בעשלאָסען אוועקצופאָהרען ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, ווייט, ווייט פון די „פּלעדער־מייז", פון די „ווידערשפעניגער פון ליכט" און אריין אין א שטאָדט פון משכילים, חכמים.

וואָס וועט ער דאָרטען טהאָן? די פראַגע איז איהם זאָגאָר אויפ'ן געדאַנק ניט אַרויף. געוואוינט פון קינדהייט צו זעהן אָרים־בחורים, פּרושים קומען פון דער פרעמד, פערבלייבען א געוויסע צייט און האָבען אַלץ פאַרטיגעס אויפ'ן קהל'שען רעכנונג: ביז דער חתונה האָבענדיג זיך אליין אויך געוואַלגערט אין פרעמדע שטעדט אַהן א גראָשען געלט אין קעשענע, האָט ער געקוקט אויפ'ן

לעבען גאנץ רוהיג און האט וועגען אזעלכע נארישקייטען ניט נע־קלערט.

געפאהרען איז ער אין ווילנא. דער בעל־העגלה האט איהם פערפיהרט אין זייער שטערטעלדיגע אכסניא און בעוויזען איהם וויאו אריינצוגעהן, און משה'ל האט זיך פלוצלונג דערזעהן אין אן אונבעקאנטען הויז, פול מיט מענשען, וועלכע האבען זיך געשטופט, געדרעהט, געשטויסען און עפעס שטארק געאיילט זיך.

ער איז געבליבען שטעהן, דאס הייסט אויף אזוי פיעל ווי עס איז מעגליך געווען איינצושטעהן אין דער שפארינעס, שטויסענים און האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. ער איז אזוי אפגעשטאנען, ביז דער בעל העגלה האט אויסגעשפאנט דאס פערד, אנגעשאטען איהם האבער און איז ענדליך מיט'ן כאמוט אויף דער האנט אריין אין אכסניא.

— וואס שטעהט איהר עפעס, ר' משה'ל, אזוי? פאר וואס זעצט איהר זיך ניט? איהר זייט דאך עפעס נאר א קלויזניק.

די גאנצע השכלה האט זיך אין משה'לען געפונען בעליידיגט פון דעם ווארט „קלויזניק": דאס איז געווען א שטארקער פאטש פיר איינעם, וואס האט שוין דורכגעמאכט אלע השכלה'שע ביכלאך פון יענער צייט און האט שוין געזעהן זיין נאמען געדרוקט שווארץ אויף ווייס אין „הבוקר אור". נאר מערקווירדיג, ער איז איצט ניט ברוגז געווארען אויף איהם, דער בעל־העגלה איז איצט פיר איהם געווען א שטיק פון זיין „איך" און האט אנגענומען די בעליידיגונג פון איהם, ווי פון א גוטען פריינד.

— איך ווייס דא גאר ניט, האט ער געענטפערט און א ציה געטהאן מיט די אקסלען.

— געהט און זעצט זיך, וואו איהר ווילט.

מיט'ן בעל העגלה'ס הסכמה האט ער זיך געלאזט געהן אין די ווייטערדיגע צימערן און האט זיך געזעצט מיט פערלענגטע פיס אויף א זאפקע.

ער איז געזעסען, געזעסען און האט געקוקט אין דער לופט, און עפעס א זויערקייט האט איהם גענומען אריפטרעטען פון טיעף, טיעף אינווייניג. ער זיצט אליין און קיינער שענקט איהם

ניט דעם מינדסטען בליק, קיינעם אינטערעסירט צו וויסען, ווער ער איז, וואס ער איז. ער האט אנגעהויבען בענקען נאך דער היים, נאך שפרה'ן, נאכ'ן בית־המדרש, איהם האט איצט געדאכט, אז דארטען האט ער געלאזען אלץ, וואס איהם איז ליעב, וואס איהם איז טייער און וואס איז מיט איהם פערבונדען אזוי שטארק, אז זייז אפגעריסען פון דעם איז ווי זיך צושניידען אויף העלפט; איהם איז איצט אפילו ליעב געווארען די בייזע שוויגער מיט איהר מוסר, מיט איהרע קולות; יענע אינטערעסירט זיך דאך מיט איהם, פון יענע הערט ער פארט אווארט, און די אלע זיינען איהם עפעס אזוי פרעמד, בעליידיגענד פרעמד. ער איז געזעסען און האט געקוקט פערראומערט, פערחושכ'ט און צוואנציג מאל זיך געפרעגט, וואס יאגען זיי זיך אזוי, וואס יאגען זיי זיך אזוי, וואס האבען זיי דאס צו איילען זיך און אין דער ווײלע איז צו איהם צוגעגאנגען דער בעל אכסניא און געפרעגט:

— אן אורח?

— יע.

— נאט אייך שלום עליכם. פון וואנען?

— א ראפשאנסקער.

— א ראפשאנסקער? ווער זייט איהר פון דארטען?

— איך? איך? איך בין ביילקע די קרעמערקע'ס איידים.

— שוין ניט פאר מיינע יאהרען. ביילקען קען איך גוט, א מאדים א אידענע. מכה א געשעפט?

— מהע... מהע...

משה'ל האט ניט געפונען, וואס צו ענטפערן. נאך וואס איז ער געפאהרען? וואס דענקט ער דא צו טהאן? די פראגע האט זיך קלאר און דייטליך געשטעלט פאר זיינע אויגען איצט, ווען דער בעל אכסניא האט איהם מיט איהר צוגעשפארט צו דער וואנט.

וואס וועט ער דא טהאן? זעהענדיג די אלגעמיינע יאגענים, שטופענים, איז ער באלד געקומען צום שלום, אז ער איז דא א גאנץ איבריגער און ער האט דא גאר ניט וואס צו טהאן. דא איז א וועלט פון כאפ לאפ, פון האבענען, און פאר אזעלכע מענשען, ווי ער, איז דא קיין פלאץ ניט. מיט דער דאזיגער רעכנונג איז

ביי איהם אַרויסגעשוואומען אַ חרטה אויף זיין אונבעטראַכטען פֿאַהרען. און ווען איהם וואָלט ניט געווען מיאוס, וואָלט ער גלייך פֿערקירעוועט די לייטשעס און געפֿאָהרען צוריק אַהיים.

דאַס זיצען אַליין און קוקען אין דער לופֿט איז איהם באַלד מיאוס געוואָרען, און ער האָט פֿערלאָזט זיין פּלאַץ און געלאָזט זיך געהן צו דער טהיר. אין דעם ערסטען צימער האָט ער געטראָפֿען דעם בעל־העגלה, ווי ער צופּאַקט זיין סחורה.

— ווייסט איהר ניט, וואו אונזערע געסינען זיך דאָ? האָט ער געפֿרעגט דעם בעל העגלה, פֿערשטעהענדיג אונטער'ן וואָרט „אונזערע“ ראַפּשאַנסקער.

— פּטור! פּאָר וואָס זאָל איך ניט וויסען? וואָס איז? דאָס ערסטע מאָל בין איך דאָ? אויב איהר האָט חשק, וואַרט אויס, ביז איך וועל אויספּאַקעווען די סחורה און איך וועל אייך ווייזען.

משה'לען איז דער פּלאַן געפֿעלען געוואָרען, דערווייל האָט ער אַ מענשען, מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדען. אָנב דאַרף ער ניט זיצען לעדיג און קען העלפֿען דעם בעל־העגלה אין דערלאַנגען אַ מעסער צום איבערשניידען אַ שטריקעל, צורוקען אַ פּעקעל או. אז. וו. איצט האָט זיך די צייט ניט געצויגען אַזוי משוגה'דיג לאַנג און די טרויעריגע געדאַנקען האָבען ניט געלעכערט אַזוי שטאַרק דעם מוח.

ענדליך האָט איהם דער בעל־העגלה אוועקגעפֿיהרט צו אַ פּאָר לאַנדסלייט. אין זייער געזעלשאַפֿט איז דער ערסטער שלעכטער איינדרוק, וואָס די גרויסע שטאָדט האָט אויף איהם געמאַכט, שוואַכער געוואָרען און ער האָט זיך אומגעקעהרט ביי נאַכט צוריק אין אַכסניא אַ בערוהיגטער.

ער האָט צווישען די ראַפּשאַנסקער אויסגעפֿונען עטליכע, וואָס זיינען אַריינגעפֿאַהרען אין דער השכלה ווייט, דאָס הייסט זיי זיינען ניט נאָר קיינע פֿאַנאַטיקער, זאָנדערן זיי טהוען שוין אַזעלכע זאַכען, וואָס ער האָט זיך נאָך ניט געקענט ערלויבען. איינער פֿון זיינע לאַנדסלייט, שאַנערמאַן, אַ קרעמער פֿון טאַבאַק, האָט שוין זאָגאַר געגעסען אָהן נטילת־ידים און אָהן אַ היטעל.

יוען משה'ל וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט ער איהם דערפאַר צוקושט.

צו שאַנערמאַנ'ען האָט ער געקריגען צוטרוי און האָט איהם דערצעהלט, וואָס איהם האָט געטריבען אוועקצוואַרפען זיין שטעד־טעל און קומען אין ווילנא. שאַנערמאַן האָט איהם אָנפאַנגס שווער געמאַכט דאָס האַרץ און געזאָגט, אַז ער ווייס ניט, וואָס אַזעלכע ווי ער קענען דאָ טהאָן. דערנאָך האָט ער איהם צוגעזאָגט, אויסגעפינען פיר איהם העברעאישע שטונדען, כדי צו האָבען דערווייל אויף זיינע הצטרכות, אפשר וועט ער מיט דער צייט עפּעס אויס־געפינען אַ בעשעפטיגונג.

די ערסטע שטונדע האָט ער געקריגען טאַקע ביי שאַנער־מאַנ'ען גופא. די שטונדע האָט גענומען שאַנערמאַנ'ס אַ טאָכטער, אַ שעהן מיידעל פון אַ יאָהר אַכטצעהן. דאָס מיידעל האָט גערעדט גוט רוסיש און איז געווען בעלעזען. איהרע רוסיש און בעלעזענ־הייט האָבען איהם זעהר אימפּאָנירט, און ער האָט אויף איהר גע־קוקט פון אונטען אַרויף. איהם האָט גענומען זעהר לאַנג, ביז ער פלעגט קריגען זיין שפּראַך אין איהר געזעלשאַפט, יעדעס וואָרט זיינס האָט ער געמאָסטען און געוואויגען, און איהם האָט אַלץ געדוכט, אַז ער האָט געזאָגט עפּעס אַ נאַרישקייט, אַז ער האָט זיך געזעצט ניט גוט, אַז די הענט האַלט ער ניט, ווי געהעריג איז. פון יעדען איהרען אונשולדיגען שמייכעל איז איהם די נשמה אוועק אין די פּיאַטעס, איהם האָט געדוכט, אַז דאָס לאַכט זי פון איהם. און זאָגאַר, ווען אויף איהרע ליפּען איז ניט געווען צו בעמערקען קיין שמייכעל, האָט ער חושד געווען, אַז אינעווייניג לאַכט זי, און האָט אַלעווייל געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן שפּיעגעל צו זעהן, אויב אַלץ, וואָס אויף איהם געפינט זיך, איז אין אָרדנונג.

די ערסטע צייט האָט ער אויף דער שטונדע נאָר געזוכט צו רעדען וואָס וועניגער, אום ניט אַרויסצוכאַפּען זיך מיט אַ נאַרישען וואָרט, מיט אַן אָרים־בחור'שען שפּיצעל; שפּעטער איז דאָס איהם שוין געווען קאַרג און איהם האָט געפּוישט דערווייזען איהר, אַז ער קען רעדען, אַז ער איז אין וועלט־זאַכען אַ גרויסער חכם, אַז זיין נאָמען קלינגט פון איין עק רוסלאַנד ביז'ן צווייטען דורך די עט־

ליכע ארטיקלען, וואס ער האט געשריבען אין „חבוקר־אור". ער האט איהר געוואלט ווייזען, אז כאטש זיין צונג דרעהט זיך ניט ארויסצוברייגגען א רוסיישעס ווארט פון מויל, פערשטעהט ער דאך גוט די שפראך און ער האט געלייענט פיעלע רוסיישע שרייבער.

זי איז דאך נאך א קינד און וואס האט ער מיט איהר צו רעדען וועגען ליטעראטור. נאר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער האט זי אזוי מבטל געווען, האט ער דאך געוואלט מיט איהר פערציהען לאנגע שמועסען און זיין שטונדע פלעגט זיך אפט פערציהען שעה'ען־לאנג. איהם וואלט קיין מאל ניט מיאוס געווארען זיצען מיט איהר און רעדען, ווען זי זאל נאר האבען חשק דערצו.

מיט די געשפרעכען האט ער חלילה קיין זאך ניט געמיינט. זיי זיינען געווען ריינע ליטעראריישע און זיי האבען זיך אזוי לאנג געצויגען, ביז זי פלעגט אנהויבען צו גענעצען. די געשפרעכען האבען איהם פערשאפט א שטילען, רוהיגען פערגניגען. אנדערש אבער איז געווען דאס פערגניגען, וואס ער האט געהאט פון דיקטירען. דא פלעגט איהם אפט אויסקומען שטעלען זיך איבער איהר, דאלטען זיין קאפ לעבען איהרען און שלינגען איהר אטהעם. אין די מאמענטען פלעגען זיך זיינע אויגען אויסבעטען מיט א טומאן. אין קאפ האט געקלאפט אזוי שטארק, אז איהם פלעגט דוכטען, דאס מען קען די קלעפ הערען. ער וואלט זיין גאנץ לעבען אפגעגעבען, ווען ער זאל לענגער קענען שטעהן איבער איהר און שלינגען איהר אטהעם, נאר ליידער האבען אזעלכע מאמענטען לאנג ניט געקענט אנהאלטען.

ער האט באלד לכבוד איהר אנגעהויבען צו שרייבען לידער און דא האט ער אויפגעעפענט זיין הארץ און אויסגעגאסען פאר איהר אלע זיינע ברענענדע געפיהלען. דא האט ער זיך צו איהר געווענדעט ווי צו זיין געלוסטינקייט, צו זיין געליעבטע, נאר פערשטעהט זיך, אז איהרע אויגען האבען די לידער קיין מאל ניט געזעהען.

משה'ל האט געקריגען נאך עטליכע שטונדען און ער האט געהאט אויף זיינע הצטרכות. וועגען זיין ווייב האט ער ניט געדארפט טראכטען, — זי דארף זיין צופרידען, אז ער בעט ביי

איהר קיין געלט ניט, און אין זיינע בריוולאך צו איהר האָט ער ניט אויפגעהערט צו בעריהמען זיך, וואָס איצט קען ער אליין פערדינען זיין לעבענס־מיטעל, און מיט דער צייט וועט ער פערדינען גוטע געלט אויך.

זיין צופריעדענהייט מיט'ן אויסבייט פון גמרא אויף השכלה האָט דערגרייכט איצט צו דער העכסטער שטופע. פריהער איז ער געווען, ווי א וואָרים אין כריין, איהם האָט אויסגעוויזען, אז דאָרטען הויבט זיך אָן און ענדיגט זיך די וועלט. איצט אָבער איז ער א פולשטענדיגער מענש. איצט ווייס ער, וואָס א וועלט איז, ער זעהט מענשען, רעדט מיט זיי, דיספּוטירט מיט זיי, און מען קוקט אויף איהם אויך, ווי אויף א מענשען.

„זי" קוקט אויף איהם אויך, ווי אויף א מענשען, ער ווייס דאָס, עס מאַכט ניט אויס, וואָס זי שמייכעלט אַמאָל אין זיין געגענוואַרט, דאָס איז שוין א מיידעלשע נאַטור. וואָלט זי אויך אויף איהם אַזוי געקוקט, ווען זי זאָל איהם האָבען געזעהן מיט עטליכע יאָהר צוריק אין קלויז? צוליעב דעם אליין איז שוין ווערטה געווען צו מאַכען אַזאַ חלוף, ובפרט אז איצט ראַטעוועט ער דאָס יודענטהום.

זיין שמחה, וואָס „זי" קוקט אויף איהם, ווי אויף א מענשען און וואָס די השכלה וועט אויסלעזען די אידען פון פינסטערן פאַנאַטיזמוס, האָט אָנגעהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז שפרה האָט איהם אריינגעשריבען א שטרענגען בריעף (דאָס איז שוין פון דער שוויגעריל'ס קאָפּ!), אז ער האָט א ווייב און אַזוי לעבען איז קיין תכלית ניט. זי האָט פאַר איהם ניט חתונה געהאַט, אז זי זאָל זיצען אין ראַפּשאַנסק, און ער זאָל ארומשאַטאַיען זיך אין ווילנא. זי פערלאַנגט אז ער זאָל קומען אהיים און לעבען ווי אלע אידען לעבען. מילא, וויל ער ניט זיצען אין קלויז — קען זי ניט העלפען, נאָר מאַן און ווייב זיינען זיי, און אז ער וועט ניט קומען צו איהר, וועט זי קומען צו איהם.

דער בריעף האָט איהם אָפּגעגאָסען מיט א שטראָם קאַלטע וואַסער. דער ערסטער געדאַנק איז געווען, וואָס וועט זיין מיט זיין שילערין? זי איז איהם אַזוי איינגעבאַקען אין האַרצען, אז

שיירעז זיך מיט איהר איז איהם א טויט. דערנאך האט ער גענומען טראכטען, אז ער האט ניט וואס צו טהאן אין א קליין שטעדטעל, אז מיט די פלעדער־מייז וועט ער ניט קענען וואוינען צוזאמען. ער מוז בלייבען דא. און דאס ווייב? וועט ער זוכען עפעס א מיטעל צום לעבען. געפינען מעהר שטונדען אדער עפעס אנדערש און זי זאל קומען אהער.

אין דעם טאג האט ער געענטפערט זיין ווייב אויף איהר בריעף און האט גענומען זוכען א בעשעפטיגונג.

— אך, ווען איך זאל ניט זיין פערבונדען! ער האט מורא געהאט אליין זיך צו מודה זיין, וואס איהם ליגט פערבארגען אויפ'ן לונג. נאר דאס האט איהם דאך ניט געשטערט פארצושטעלען זיך, וואס פיר א גליקליכער מענש ער וואלט געווען, ווען ער וואלט געקענט חתונה האבען פיר זיין שילערין. פיר אזא ווייב וואלט ער זיך בארואי אויף אייביג פערשלאסען אין קלויז. נאר ניין, זי איז די ליכטיגקייט אליין, זי וואלט פון איהם אזא זאך קיין מאל ניט פערלאנגט, נאר א פלעדער מויז, ווי זיין ווייב, האט פון איהם געפאדערט אזא זאך, און אין דער מינוט האט איהם גע־דוכט, אז זיין ווייב זעהט אויס אין דעם גרויסען יאק, וואס זי טהוט אן ווינטער, און אין די גרויסע פאטשיילע, וואס זי פערבינט איבער'ן קאפ און איבער די הענט ווי א פלעדער־מויז.

איהם האט אן עקעל געטהאן פון דעם בילד, און ער האט דערפיהלט א האס צו זיין ווייב. יע, ער האט איצט דערפיהלט, אז ער האסט זי, האסט זי פון גאנצען הארצען; ביז אהער איז זי איהם געווען גלייכגילטיג, נאר איצט האט ער זי פיינט.

דאס געפיהל האט ער פון זיך ניט געלייקענט, און ער איז ארומגעגאנגען זוכען א בעשעפטיגונג, ער זאל קענען דאס ווייב אראפברייגנען צו זיך, בלייבען א טרייער מאן און זאל קענען גע־פינען זיך נאהענט פון זיין שילערין און שמועסען אמאל מיט איהר.

## .5

פינף יאָהר זיינען פערשוואונדען.

משה'ל האָט אין דער צייט אויסגעפונען אַ בעשעפטיגונג, וועלכע האָט איהם אריינגעבראַכט ביז פערציג רובעל אַ חדש: ער איז געוואָרען אַ בעל־מגיה אין אַ דרוק.

ער האָט אראָפּגעבראַכט דאָס ווייב און איז געוואָרען אַ בעל־הבית פאַר זיך. זיין לעבען איז איצט געוואָרען פול: אַ גאַנצען טאָג איז ער געזעסען אין דרוק און האָט געטהאָן זיין ארבייט אָדער געשמועסט מיט די משכילים, שרייבער, וועלכע פלעגען אהין אריינ־קומען. דאָ איז געווען גאַנץ פרעהליך, יעדען טאָג זיינען געקומען נייע מענשען, דאָ האָט ער בעגעגענט די גרויסע ליכט פון השכלה, דאָ האָט ער געזעהען יענע גרויסע קעמפּער מיט'ן פאַנאַטיזמוס, וועלכע ער האָט זיך אמאָל ניט געקענט פאָרשטעלען אהן הערנער אויפ'ן שטערן, ווי געוויסע חומשים מאָלען משה רבנו. אין דרוק האָט ער זיך געפיהלט, ווי אַ פיש אין וואַסער, איהם וואָלט ניט מיאוס געוואָרען צו זיצען דאָרטען טאָג און נאַכט, זיצען און הערען די קלוגע געשפּרעכען, די המצאות, די חכמות פון די משכילים. נאָר אין די אָבענדען האָט ער געהאַט אַ בעסערן אָרט צו פער־ברענגען די צייט. אין די אָבענדען פלעגט ער זיצען ביי שאַנער־מאַן אין דער געזעלשאַפט פון זיין געוועזענער שילערין, וועלכע איז שוין געוואָרען אַ צייטיגע בלום. דאָ ביי אַ גלאָז טהיי האָט ער איצט געהאַט די געלעגענהייט ארויסצו־ווייזען זיין שאַרפזי־ניגקייט, דאָס הייסט, איבערצוגעבען די בעסטע המצאות, וואָס ער האָט געהערט אין דעם פערלויף פון טאָג. די איינציגע זאַך, וואָס איהם האָט לייד געטהאָן, שטאַרק לייד געטהאָן, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט ניט געקענט איבערגעבען די ציינישע ווערטלאַך... ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיגען בעגער צו זאָגען אַ ציניש המצאה, איהם האָט געדוכט, אַז דאָרט ליעגט דער גאַנצער שאַרפזין און אויסער דעם האָט זיך איהם גלאַט געלוסט צו זאָגען אַ נבול־פּה, איבערהויפּט יענע נבול־פּה, וואָס זיינען איבערגעמאַכט פון אַ

שטיקעל גמרא און ווערען ארויסגעזאגט מיט א תמימות, נאר ענט־האלטען א שארפע אנציהערענים...

אחיים פלעגט ער קומען נאר דאן, ווען ער האט בעדארפט עפעס טהאן אדער אז איהם איז קיין אנדער ברירה ניט פערבלי־בען. דא איז ער געזעסען אליין אין זיין צימער און האט עפעס געלעזען אדער געשריבען, אדער געקוקט אויף די פיער ווענט און געטראכט סתם אין דער וועלט אריין.

— געבען דיר א גלאז טהיי? — עפענט דאס ווייב שטיל די טהיר פון זיין צימער און שמעלט זיך אויפ'ן שוועל מיט'ן קינד ביי'ן ברוסט און פרעגט איהם מיט א רחמנות קול.

— דול מיר ניט דעם קאפ מיט דיין טהיי! ענטפערט ער מיט כעס. — שטער מיר ניט, אז איך וועל וועלען, וועל איך בעטען.

— אבער דו האסט נאך פון פריה אן קיין גלאז טהיי ניט געהאט: איך האב בכיון געהאלטען דעם סאמאוואר א גאנצען אבענד, כדי דו זאלסט געפינען א פארטיגע גלאז טהיי.

— לאז מיר צורוה מיט דיין טהיי! א מינוט רוה קען איך ניט האבען! איהר מאכט מיר די שטוב ענג.

שפרה פערלאזט דאס צימער מיט א בעטריבטען הארצען. א גאנצען טאג זיצט ער געבאך אין ארבייט און צום סוף, אז ער קומט אהיים, קען מען ביי איהם ניט פועל'ען, ער זאל טרינקען א גלאז טהיי. זי וויים, ער איז קאפריזנע, זעהר קאפריזנע, ער האט אפשר געהאט הארץ־קלעמענים אין דרוק, ווער וויים, וואס אין א געשעפט קומט פאר? זי געהט ווייטער צו צום סאמאוואר, דער־גיסט וואסער, שיט צו קויהלען און זעצט זיך מיט'ן קינד אויף א שטוהל און הערט זיך צו צום טיק־טאק פון זייגער און צום שטילען רעדען פון סאמאוואר.

ווען משה'לען איז אויסגעקומען צו פערבלייבען א גאנצען אבענד אין שטוב, האט איהם געדרוכט, אז דער אבענד ציהט זיך א גאנצע אייבינקייט. דעמאלט האט ער זיך קיין ארט ניט געפונ־נען, עס איז איהם געווען ענג, און די לופט איז געווען שטיקענד. און פון קינד קען מען ניט אויסהאלטען, און דאס ווייב איז א

קליפּה, און יעדע זאַך, וואָס איז דאַן געטהאַן געוואָרען, איז געווען ווי איהם אויף צו להכעיס.

און דאַ האָט זיך איהם פאַר די אויגען געשטעלט זיין געווע־זענע שילערין.

— אך, ווי גליקליך וואָלט ער געווען, ווען ער וואָלט געהאַט אַזאַ ווייב! מיט איהר וואָלט ער געקענט זיצען כאָטש א גאַנצע נאַכט און רעדען, זי וואָלט איהם די שטוב געמאַכט א גן־עדן, עס וואָלט געווען פרעהליך אין אלע ווינקעלאַך. איצט דאַרף ער זיצען אליין, זיצען מיט די פיער ווענט און שטומען. וואָרום וואָס? וואָס זאָל ער מיט זיין ווייב רעדען? סיידען וועגען א טעפּעל אדער נאָך דאָס גלייכען.

ער האָט אויף זיין ווייב געקוקט עפּעס ווי אויף א נידריגע בעשעפענים. צווישען זיי ביידען שטעהט א גאַנצע וועלט, די השכלה'שע וועלט, נאָר דאָך האָט דאָס איהם ניט געשטערט דאָס ערסטע יאָהר נאָך איהר קומען צו איהם צו ווערען א פאָטער פון איין קינד און אין א יאָהר ארום פון א צווייטען, און אין פער־לויף פון די פינף יאָהר זיין א טאַטע פון פיער לעבעדיגע און איין געשטאָרבענעם קינד.

— די פּראָסטע ווייבער זיינען זעהר פרוכטבאַר, איבער־הויפּט נאָך די אידישע!

ווען ער האָט זיך היינט אין דער פריה אויפגעכאַפּט האָט ער אפילו זיין גלאָז טהיי ניט געוואָלט טרינקען. דאָס איז געווען געגען זיין רגילות, ווייל אין דערפריה פלעגט ער קיינמאָל ניט ארויס אָהן טרינקען און אָהן צובייסען. ער איז געווען אזוי צער־שטרייט, אז ער האָט פערגעסען אַנצוטהאָן זיין הוט און איז מיט א הוילען קאָפּ ארויס אין גאַס. געכאַפּט האָט ער זיך ביי'ם טהוי־ער, ווען דער דוואָרניק האָט איהם אָפּגעשטעלט און בעמערקט: קאַזשים, פּאַן טשאַפּקו זאַביל. ער האָט מיט אזא האַסט געגומען קלינגען דאָס גלעקעל ביי זיך אין שטוב, אז שפרה איז אַראָפּגע־פלויגען פון די טרעפּ ניט טוידט, ניט לעבעדיג.

— וואָס איז דאַ געווען? וואָס איז דאַ געווען? האָט זי

געשריען. רערוזעהענדיג נאך פון די טרעפ דעם מאן אתן א הוט אין הדויסען.

— טראג מיר אראפ מיין הוט, געשווינד!

דאס זיינען געווען די ערסטע ווערטער, וואס ער האט היינט געזאגט זיין ווייב. ער האט היינט מיט איהר נאך ניט גערערט, האט אפילו מיט א שאקעל פון קאפ ניט געענטפערט אויף איהר פראגע, פאר וואס נעהמט ער עפעס ניט אין מויל.

זי האט איהם געשווינד ארונטערגעטראגען זיין הוט און האט מיט א צושראקענעם, פראגענדען בליק אויף איהם א קוק געטהאן. נאר ער האט קיין ווארט ניט ארויסגעבראכט פון מויל און איז מיט א פינסטערען געזיכט אוועק אין דרוק. זי האט איהם נאך א לאנגע צייט נאכגעקוקט, חגם ער איז שוין געווען לאנג פערשוואונדען, ענרליך האט זי זיך אפגעזיפצט און פאוואליע מיט שווערע טריט אויפגעהויבען זיך אויף די טרעפ צו זיך אין וואהנונג.

— וואס איז איהם געשעהן? האט זי געטראכט ביי זיך. האט זי איהם מיט עפעס טרנז געווען?

זי געדענקט, אז נעכטען איז ער אהיים געקומען אין א שלעכטען מוטה, געקומען איז ער אנהויב אבענד און ביז שפעט אין דער נאכט איז ער אין זיין צימער ארומגעגאנגען הין און צוריק. א פאר מאל האט זי אריינגעקוקט פון דער עטוואס אפענער טהיר און האט געזעהן, ווי ער האט געריסען דעם טשוב אויפ'ן קאפ. ביי'ם מינרסטען גערודער, וואס א קינד האט געמאכט, האט ער גענומען טופען מיט די פיס און שרייען אזוי הויך, אז אויף אלעמען אין שטוב איז אנגעפאלען א מורא, דער עלטסטער אינגעלע, צו וועלכען ער איז געוועהנליך זעהר צוגעלאזט, איז צו איהם אריין אין צימער, נאר ער איז באלד ארויס מיט דעם רעכטען הענטעלע אויפ'ן רעכטען אויגעלע און מיט אנגעשטעלטע ליפעלאך צום וויינען. די מאמע האט עס קוים איינגענומען. שפרה איז פריה געגאנגען שלאפען. דאס איז געווען דאס איינציגע מאל

מעל איינצוהאַלטען די קינדער פון אַ ליאַרם. און, ליגענדיג אין בעט, האָט זי ביז שפּעט געהערט זיינע טריט אין צימער.

משה'ל איז אין דרוק געקומען און גלייך געזעצט זיך צו אַ קאַריקאַטור. ער איז געזעסען מיט אַן איינגעטונקטער פעדער אין האַנט און געקוקט אויפ'ן פּאַפּיר. ער האָט געלייענט די קאַריקאַטור פון דער ערסטער שורה ביז דער לעצטער און האָט ניט געוואוסט, וואָס ער לייענט. די אותיות האָבען זיך אויסגעמישט צוזאַמען און האָבען איהם געשיינט ווי אַ שוואַרצער פלעק אויפ'ן ווייסען פּאַפּיער. ער האָט מעכאַניש די ווערטער געלייענט, נאָר ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער האָט מיט דעם לייענען צו טהאָן. פּלוצלונג זיינען אַלע ווערטער פערשוואונדען און האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַ שוואַרצעם קייקעלע. דאָס קייקעלע איז אויך גלייך פערשוואונדען און פאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען פרייליין שאַנערמאַן, זיין געוועזענע שילערין, אין אַ חופּה קלייד, ביי איהר זייט שטעהט יאַקאָב גרינוואַלד, אַ שעהנער יונגער מאַן, נאָר ער האַסט איהם, ער האַסט איהם פון גאַנצען הארצען. זיין שנאה צו איהם האָט זיך אַנגעפאַנגען גלייך ביי דער ערסטער בעגעגעניס, שוין דעמאָלט ווען ער האָט איהם דאָס ערסטע מאָל דערזעהן אין שאַנערמאַנ'ס הויז. די שנאה איז געווען גאָר אַן אומזיסטע, נאָר משה'ל האָט זיך ניט געקענט העלפען. ער זעהט, ווי דער גרינוואַלד שטעהט לעבען איהר און קוקט איהר אריין אַזוי מילד, אַזוי ליעבליך אין די אויגען. דאָס איז אַ חוצפּה! וואָס פיר אַ רעכט האָט דער פרעמדער אריינצוקוקען איהר אַזוי אין די אויגען? ער איז מיט איהר שוין לענגער בעקאַנט, ער איז איהר געוועזענער לעהרער, און ער האָט קיינמאָל ניט געוואַגט אַזוי צו קוקען אויף איהר.

— די קאַריקאַטור פאַרטיג? הערט ער איבער זיך אַ קול.

משה'ל ערוואַכט ווי פון דרעמעל. ער הויבט אויף די אויגען און דערזעהט פון צווייטען זייט טיש שטעהט דער זעצער. ער פערשטעהט ניט גלייך, וואָס יענער פאָדערט פון איהם.

— נאָך ניט פאַרטיג? איילט צו אביסעל! איהר האַלט זי שוין אַ צייט.

משה'ל הויבט ערשט אן צו פערשטעהן, וואס מען פארערט פון איהם.

— באלד, באלד. איך מאך זי גלייך.

ער הויבט אן איבערצוקוקען די קארעקטור. די ערשטע צויי־לען נעהען כשורה. נאר אט שטויסט ער זיך אן אויף א ווארט חתונה און ווייטער שפרינגט ארויס זיין געוועזענע שילעריןן פון צווישען די צייטען. היינט איז ביי איהר חתונה. געוויס, ער איז איינגעלארען צווישען די ערשטע געסט, נאר דאס טרייסט איהם ווייניג. אמת, ער האט אויף איהר קיין אויסזיכט געהאט, אבער חתונה האבען האט זי ניט בעדארפט. וואס פעהלט איהר אין דערהיים און עס איז דאך אזוי אנגענעהם אריינגעהן צו זיי אין שטוב און טרינקען דארטען א גלאז טהיי! ער בענר־ענט זיך מיט'ן פערגניגען כאטש פון א פאר שטונדען פערברענגען אין איהר געזעלשאפט. איצט וועט שוין דער טהיי ביי שאנער־כאן ניט זיין אזוי געשמאק, אזא טהיי האט ער ביי זיך אין שטוב אויך און צו איהר געהן טרינקען וועט ער ניט, ער קען איהר חתן ניט ליידען און וועט איהם בעסער ניט בעגעגענען. און ווער איז אין דעם שולדיג? אליץ זיין ווייב. ווען ניט זי, קען זיין...

— די קארעקטור איז נאך אלץ ניט פארטיג? וואס איז דאס אייך געווארען היינט?

— הא? ווייטער די קארעקטור? עפעס א שווערע קארעק־טור, איך קען גאר ניט דורכקריכען.

— איהר האט דאך נאך ניט אנגעהויבען! ענטפערט דער זעצער האלב צארענדיג, — איהר האלט אונז אפ די ארבייט און דערנאך וועט דער בעל הבית אויף אונז ווארטשען.

— גלייך, גלייך, שטעהט דא א ווייל און איך מאך זי שוין.

אונטער'ן זעצער'ס השגחה איז די קארעקטור באלד פארטיג געווארען.



נאך דער שילערינס חתונה איז זיין הארץ ניט בעסער גע־ווארען צו זיין שפרה, נאר מיט דער צייט איז דער טיעפער אב־

גרונט צווישען זיי, ווי פערדעקט געוואָרען. זיי זיינען געבליבען צוויי בעזונדערע וועלטען און פון צייט צו צייט איז א שטראַל דורכגעלאָפען דורך ביידע, אָבער די ראָזינע שטראַלען זיינען געווען זעהר זעלטען.

# די אפיקורסים.

זילבאנסקי, דער פראשעניע־שרייבער, האט אויסגעריבען די אויגען, איז ארויסגעגאנגען אויפ׳ן גאנעק, האט א גענעץ געטהאן אויפ׳ן קול און אנידערגעזעצט זיך אויף דער באנק.

ער איז אווילע געזעסען מיט אן ארצפגעלאזטען קאפ, באַרענדיג זיך מיט׳ן שלאף, פערמאכענדיג און עפענענדיג די אויגען. דאן האט ער א כפל־שמונה׳דיגען גענעץ געטהאן און געגעבען זיך א געשמאקען קראץ מיט ביידע הענט מיט אמאל.

— גוט שבת, זילבאנסקי! איהר שוויצט גוט, הא? — האט ער דערהערט הינטער זיך א קול.

— גוט שבת, גוט שבת! — האט ער געענטפערט, אומקערענדיג זיך און דערזעהענדיג פסח דעם פעלשער. — ניין, דא איז גאנץ קיהל. קומט ארויף!

פסח דער פעלשער איז ארויף אויפ׳ן גאנעק און האט זיך אנידערגעזעצט אויף דער באנק געגענאיבער: זילבאנסקי האט זיך ברייטלער אויסגעצויגען אויף זיין באנק און איז געבליבען ליגען אנגעלעהנט ווי א איד צום סדר.

— אך, ווער וואלט איצט געווען אונזער גלייכען — ווען מען זאל דא קענען האבען א סאמאוואר? — האט בעמערקט זילבאנסקי.

— יא, יא, איצט א גלאז טהיי פון א סאמאוואר וואלט געווען א באלזאם, — האט אונטערגעהאלפען פסח דער פעלשער.

— א פערפלוכטע אמונה די אידישע: קיין זאך, וואס איז גוט, טאר מען ניט.

— געווים, געוויס: חמדה׳ן טאר מען אויך ניט...

דאס האט געזאגט א דריטער, וואס איז צוגעקומען צום גאנעק.

דער פעלשער און דער שרייבער האבען זיך אומגעקוקט און זיין איין קול אויסגעשריען:

— אָה, שפּיגעל!

שפּיגעל דער פּאַדוואַלסטשיק איז אַרויסגעקומען אויפ'ן גאַנעק און איז געבליבען שטעהען אין מיטען מיט די הענט אין די קעשענעס.

— וואָס דרשה'ט איהר דאָ אַזוי?

— וואָס ווילסטו, עס איז אַ קלאָג צו דיר אַ גוטער, וואָס דו ביזט געבאָרען געוואָרען אַ איד, — האָט געזאָגט זילבאַנסקי.

— וועלכע קריינק פעהלט דיר אין אידישקייט? — האָט זיך געוויצעלט שפּיגעל.

— די איינציגע זאַך וואָס איך האָב פון אידישקייט איז אַ קריינק, — האָט געענטפערט זילבאַנסקי.

— און מיר, גאָט צו דאַנקען, געהט קיין זאַך ניט אָפּ אין דער גוטער ליעבער אידישקייט, — האָט געזאָגט שפּיגעל.

— דו ביזט דאָך אַ וואָרעם אין כריין. דו ווייסט על כל פּנים וואָס גוט איז? — האָט געזאָגט זילבאַנסקי.

— און נאָך מיין מיינונג האָט מען בעדאַרפט אַלע אמונות אויסראַמען פון דער וועלט ווי אַ גוטע דיזינפעקציאָן ראַמט אויס די מיקראָבען. אַלע אמונות, גאַנץ עגאַל וועלכע עס איז, זיינען ניט מעהר ווי מיקראָבען, וואָס פערדאַרבען אונזער לעבען. — האָט געזאָגט דער פעלשער, ווי עס שיינט, ניט הערענדיג דעם גאַנצען געשפּרעך צווישען זילבאַנסקי און דעם פּאַדוואַלסטשיק.

— איך בין פאָלשטענדיג איינשטימיג מיט אייך, — האָט געזאָגט זילבאַנסקי דער שרייבער. — אויב מען זאָל קלייבען שטימען אָפּצושאַפען רעליגיאָן, וואָלט איך דער ערסטער זיך אונטערגעשריבען.

— ווי זשע, לעבען נאָר ווי בהמות? — האָט געפרעגט דער פּאַדוואַלסטשיק.

— ביזטו ניט טויזענט מאָל ערגער ווי אַ בהמה, אַז דו שטעלסט זיך אַוועק אַנטקעגען דער לבנה און שפּרינגסט חי וקים. ביזטו ניט ערגער צעהן טויזענט מאָל ווי אַ בהמה, אַז דו פערגלאָצסט דיינע אויגען צום בלויען אויבען, וואָס דו מיינסט, אַז דאָס איז אַ הימעל און אַ פּאַלאַץ פאַר גאָט און וואָס איז ניט מעהר ווי לופט. האָסטו

ווען געזעהן, אז א בהמה זאָל עס טהאָן? און דו געהמסט זיך נאָך איבער איבער בהמות!

זילבאנסקי האָט אויסגעשפּיגען, און דער קרים אויף זיין געזיכט האָט געוויזען, אז עס איז נאָר א חרפּה פאַר אזא געלערנטען מאַן ווי ער צו רעבאַטירען מיט אזא אוטווייסענדען מענשען ווי דער פּאַדוואַלסטשיק.

— איהר דאַרפט זיך מיט בהמות ניט שעמען, מיר שטעהען נאָר אין א נאָהענטע שייכות מיט זיי, — האָט זיך אריינגעמישט דער פעלשער. — מיר שטאַמען פון דעם זעלבען שטאַם, און איינער א גרויסער געלערנטער האָט שוין דערוויזען, אז מיר מענשען, שטאַמען פון אבעזיאַנעס. נאָר אין די אידישע ספרים גלויבט איהר דאָך געווים, און זעהט, וואָס אייער קהלת האָט געזאָגט: יתרון האדם מן הבהמה אין. איהר פערשטעהט, דער מענש האָט זיך נאָר ניט וואָס איבערצונעהמען איבער דער בהמה.

— אויב אזוי, איז דאָך נאָר הפקר? — האָט געזאָגט דער פּאַדוואַלסטשיק.

— נאָר פאַר דעם קלוגען. ער פערשטעהט דעם גאַנצען שווינדעל פון די רעליגיאָנען, — האָט זיך אנגערופען זילבאנסקי דער שרייבער. — ער פערשטעהט, אז מסתמא האָט זיך געלוינט א כיתרען, דורכגעטריבענעם חברה־מאַן צו מאַכען די אלע שטוטשקעס, וואָס אן אמונה ענטהאַלט, אום צו קענען רייטען אויף דער מאַסע.

— אמונה איז נאָר פאַר'ן בלינדען, דער זעהענדינגער אבער דאַרף קיין אמונה ניט האָבען, — האָט געזאָגט דער פעלשער.

דער פּאַדוואַלסטשיק איז א ווײַלע אנשווייגען געוואָרען. דאָן האָט ער לאַנגזאַם ארויסגערעדט.

— אי, וועט מען צימבלען!

— ווער וועט צימבלען, ווער? — האָט זיך אויפגעכאַפּט זילבאנסקי פון זיין האַלבען געלעגער און אנגעבויגען זיך אויפצוהויבען דעם פּאַנטאַפּעל וואָס איז פון איהם אראַפּגעפאַלען, וועהרענד ער האָט אראַפּגעלאַזט די פיס. ווער וועט צימבלען, פרעג איך דיך. פּרא אדם איינער? ווער?

הער פּאַדוואַלסטשיק האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ צום הימעל

און האָט דערזעהן, אַז די זון איז שוין באַלד פאַרטיג געוואָרען מיט איהר טעגליכע רייזע און ער האָט זיך געשווינד געווענדעט צו זיינע חברים:

— די זון האַלט שוין ביים פּערגעהן: מיר װעלען נאָך פּער־שפּעטיגען מנחה. מאַך דאָס אביסעל גיכער, טהו אָן דעם קראַגען און כאַפּ אַרויף אויף זיך אַ רעקעל און מיר װעלען איילען אין בית־המדרש.

זילבאַנסקי איז אויף אַ װיילע פּערשוואונדען, דאָן איז ער אַרויסגעקומען אָנגעטהאָן אין אַ שוואַרצען ראָק מיט אַ צילינדער. און די אַפּיקורסים צוזאַמען מיט׳ן פּאַדרוואַלסטשיק האָבען זיך גע־לאָזט געהן צום שול־הויף מיט גיכע טריט.

# די אבדה.

— טויבע מערען האבען שוין די אויגען אויסגעטריקענט פון וויינען. אנפאנגס, ווען זי האט זיך געכאפט, איז זי געבליבען שטעהן ביים אפענעם קאמאד, ווי פון דונער געטראפען. דאס געזיכט אויסגעצויגען, די אויגען נאך אמאל אזוי גרויס, דאס מויל אפען, דאס הארץ אפגעשטארבען. נאר אין א ווייל'ע ארום האט זי זיך געטרייסט, אז מסתמא האט זי ניט גוט געזוכט.

— עס, וואו האט עס געקענט אנטרונען ווערען! קיין גנבים קריכען ניט צום קאמאד.

זי האט ווייטער גענומען זוכען אין די פאפירען: לייענען געשריבענע קען זי אפילו ניט, נאר דאס מאכט ניט אויס, זי קען שוין יעדעס פאפירעל אויף אויסווענינ. „אט דאס איז די כתובה" „אט דאס איז דער קנין פון שטוב". „אט דאס איז א נאלאג צעטעל... אויף וואסערע צרות ליגט עס דא?" „ווייטער א נאלאג־צעטעל! צום אלדע שווארץ־יאהר! קען מען דא דערגעהן א טאלק, א לאד, אז אלץ איז דא אנגעפורעט?" „דאס איז א מעטריקע" „דאס איז א פאספארט"... אלעס איז פאראן, אבער דאס, וואס זי זוכט איז ניטא.

— ניטא! רייסט זיך ביי איהר ארויס א פערצווייפעלטער קול, און זי לאזט זיך ארונטער אויפ'ן ביינקעל.

זי וויינט ניט, זי שרייט ניט, זי טענה'ט ניט. איהר בראך איז צו גרויס, אז זי זאל עס קענען אויסדריקען אין טרערען. זי זיצט נאר, ווי פער'גולם'ט, אנגעשפארט מיט די הענט אויפ'ן שויס און זעהט פאר זיך קיין זאך ניט. ענדליך האבען אנגעהויבען אפלעבען אין מוח איהרע געדאנקען, און צוזאמען מיט זיי האט זיך גענומען פארנאנדערגליהען א פונק פון האפנונג אין איהר הארצען.

— וואו האט עס געקענט נעלם ווערן? מען דארף אקארשט נאך אמאל א זוך טהאן.

זי האט זיך אויסגעהויבען פון איהר געזעס און איז ווייטער צוגעגאנגען צום קאמאד. איצט ביים איבערקוקען די פאפירען האט זי ניט געגלויבט איהרע פינגער; זי האט יעדעס פאפירעל פריהער גוט דורכגעטאפט און אז פון דעם איין פאפירעל איז פארט ניט געווארען צוויי, האט זי אויף איהם געבלאזען פון אלע פיער זייטען, און אז נאך דער רעוויזיע האט זיך אלץ דאס גע־זוכטע פאפירעל ניט געפונען, האט זיך נאך אלץ דער פונק האפנונג ניט אויסגעלאשען, און ביי איהר אין הארצען איז פער'גנב'עט גע־ווארען א ספק, אויב די אויגען נארען איהר ניט אפ? אמת, זי וויים יעדעס פאפירעל אויף אויסוועיניג, אבער זי איז דאך מעהר ניט, ווי א „בלינדער מענש", לייענען געשריבענע קען זי ניט, קען דאך מאקע זיין, אז זי האט א טעות. א חוץ דעם איז זי דאך ניט מעהר ווי א אידענע, זי האט פארט ניט אזא קאפ, ווי א מאנסביל. יע, עס איז גיכער צו גלויבען, אז זי האט א טעות...

אין שכנות מיט טויבע מערען וואהנט א ווייבעל, וואס קען לייענען און שרייבען. ביי איהר האט מען געקענט פרעגען. נאר טויבע מערע וויל זיך איצט ניט פארלאזען אויף ווייבערשע קענט־ניס. זי ווארפט אויף זיך ארויף די פאטשיילע און לויפט אין דער צעהנטער גאס צו בעריל זלמן'ס דעם שרייבער. אז ער וועט אי־בערקוקען, וועלען שוין פערשווינדען אלע ספקות, און זי וועט ווי־סען אויף וואס'ער וועלט זי איז. זי ברענגט אריבער בערלען און לעגט ארוים פאר איהם אלע פאפירען און קוקט איהם נאך, ווי ער לעגט איין פאפירעל נאכ'ן צווייטען. ביי איהר וואקסט דער שאטען אלץ גרעסער, דאס געזיכט ווערט אלץ דונקעלער און פאר די אויגען ווערט איהר אלץ פינסטערער און פינסטערער. בעריל לעגט אוועק דאס לעצטע פאפירעל.

ניטא! רייסט זיך ביי איהר ארויס א פערשטיקטער קול, און דער קול קלינגט איהר פרעמד אין די אויערן. איצט האט זיך ביי איהר נעעפענט א קוואל טרערען אין די אויגען; די טרערען האבען גערונען איבער איהרע איינגעשרומפענע, צוקנייטשטע באַ־

קען, געקאָפּעט אויף איהרע פערבראָכענע אויסגעדאַרטע הענט און אַראָפּגעפאַלען אויפ'ן שוים.

*   *   *

טויבע מערען האָבען שוין די אויגען אויסגעטריקענט פון וויינען און דאָך פיהלט זי, אַז דער קוואַל טרערען האָט זיך נאָך ניט אויסגעשעפּט. די טרערען רינען איהר יעצט ניט אַרויס פון די אויגען אויף די באַקען; זיי טרעטען נאַר צו ביז די אויגען, פון דאָרטען פאַלען זיי אַרונטער צום צינגעל, און זיי וואַרגען איהר און קאָפּען אַרונטער אינעווייניג. אַזעלכע טרערען ערלייכטערען ניט דעם וועהטאָג, פערקעהרט, זיי פערשאַרפען די יסורים און מאַכען זויער און ביטער.

און טויבע מערע האָט געהאַט אויף וואָס צו קלאָגען. צו איהר אונגליק איז גאַר קיין גלייכען ניטאָ. דאָס פערפאַלענע פּאַפּיר איז געווען די איינציגע בעלוינונג פאַר איהר שווער און ביטער לעבען. און פאַרבראַכט האָט זי אַ לעבען זעהר אַ שווערען. גלייך נאָך דער חתונה האָט זי זיך איינגעשפּאַנט, ווי דער אָקס אין סאָכע און אויף זיך אַליין אַרויפגעצויגען דעם עול הפרנסה. פון אַ שפּראָץ אויף טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט איז זי געזעסען אין קרעמעל, און איהר זעליג־אשר איז דעם גאַנצען טאָג געזעסען אין קלויז. אמת, זי איז דערפון געווען צופרידען. זי האָט געקליבען נחת, ווען, אַ שטייגער, שבת ביים אויסנעמען, אַרויסרוקענדיג דעם קאָפּ פון עזרת נשים, האָט זי דערהערט די בעקאַנטע ווערטער: „יעמוד רבי זעליג אשר... שלישי". זי האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז שלישי גיט מען ניט אבי וועמען, און דאָס הארץ איז איהר צוגאַנגען פאַר פרייד, וואָס „איהרער" איז כמעט איינער צווישען אַזאַ עדה אידען... אדער, אַ שטייגער, ווען זי פלעגט אַרויסקוקען שבת ביי טאָג נאָכ'ן שלאָף צום גרויסען טיש און זעהן „איהרען" אויבען־אָן, ווי ער זאָגט פאַר'ן עולם „עין־יעקב". זעליג־אשר האָט געהאַט ניט קיין שעהנעם קול, עפּעס איז ער געווען דין און קוויט־שיג, וואָס פאַר אַ סטאַלנעם מענשען און נאָך פאַר אַזאַ געזעצטען, ווי איהר זעליג אשר איז, איז גאַר ניט שעהן, עפּעס קינדערשעס האָט זיך געהערט אין דעם קול, ס'האָט דעם פרעמדען שטענדיג

געדוכט, אז א איינגעל מאכט תאוואיעס אדער קרימט אימעצען נאך: נאר דאך האט דער קול געקלונגען אין איהרע אויערען ווי די בעסטע שפילעריי. הערענדיג, ווי ער זאגט פאר'ן עולם, האט טויבע מערע שטענדיג פארגעסען אן דאגות הפרנסה, האט אין גאנצען פערגעסען, אז זנטאג דארף זי איינצאהלען דעם „שווארצען" פאר הערינג, דעם „גרויסען" פאר זאלץ און זי האט אויף עס נים דערוייל קיין צוברעכענעם שילינגער. אלע וואכעדיגע געפיהלען פלעגען אין איהר איינשלאפען און איהר איז געוועזען אזוי וואויל, אזוי אנגענעהם, אזוי גוט, אז זי פלעגט אפילו פערגעסען אן צאינה וראינה, וואס איז איהר געלעגען אויפ'ן שויס. אמת, זי האט געהאט נחת, זי האט געוואוסט, אז אין גאנץ עזרת נשים איז ניטא נאך איינע, וואס זאל אזוי קענען שטאלצירען מיט איהר מאן, ווי זי, נאר זיין אליין די פרנסה געבערקע, אליין פיהרען די שטוב, און אליין ערציהען די קינדער איז זעהר שווער און ביטער. מילא שבת איז פטור, דעמאלט האט זי אפגעלעבט, אבער ס'איז אנגעשטאנען די וואך, א וואך מיט קאפרייענים, שווינדעל, זוכענים און יאגענים און דא איז ניטא ווער עס זאל איהר אומבייטען „אפילו ווען די נשמה זאל ארויסשפארען". אמת, דער קונה איז זעלטען, מען זיצט אמאל אפ שעה'ן־ווייז און קיינער פערשמעקט נים אין קראם, נאר די קראם קען מען פארט נים איבערלאזען אליין. דו שטעלסט אוועק אין טהיר א בינטעל קינעלאך און געהסט אויף איין מינוט אוועק, — אהא ! דארט איז שוין א רייסעריי. איהר זעליג אשר קומט יע אמאל אין קראם, ער קומט זיך גלאט אזוי, נאר קען זי דען זיך אויף איהם פערלאזען ? געזונט זאל ער זיין, זיינע הענט קלעפען גאר נים צו אזעלכע זאכען. מען װאלט גום מאכען, מען זאל זיך אויף איהם פערלאזען מים א קונה. זאלץ דארף מען קאנען מעסטען, מען דארף דעם טאפ האלטען איינגעבויגען און דעם פויער טאר מען נים לאזען צוריהרען זיך: אז דער פויער נעהמט דעם טאפ זאלץ, װאלט ער אין איהם אריינגעקראכען מים די הענט און מים די פיס... ווענען דארף מען אודאי קאנען... טויבע מערע האט נאר פון איהם, ווען ער קומט אין קראם, מעהר נים ווי שברת הלב. שטענדיג ביי־

זערט ער זיך, וואָס ביים ווענגען גיט זי אַ שנעל דאָס שעלכעל... פֿאַר'ן טאָפּ איז שטענדיג ירידים. דער ברעג איז עפּעס אויסגע־שטעשערבעט.

— דער גיהנם איז דאָך קאַרג פֿאַר אזעלכע עברות.

אָהן איהם ווייס זי אויך, וואָס הייסט אַ פֿאַלשע וואָג און אַ פֿאַלשע מאָס געבען... נאָר אז ער איז ניטאָ, איז פּטור, גאָר ניט, מען קאָן די צווינגער אויפ'ן פּאַליצע ניט לעגען. „איהם" מוז מען געבען עסען, די קינדערלאַך אודאי, און אליין קאָן מען אויך די נשמה ניט אויסשפּייען, און אז דער פֿויער באָט שטענדיג אונ־טערן מקח, מוז מען זיך אן עצה געבען... „ער" ווייס, על כל פּנים, וואָס הייסט אַ שטוב, וואָס הייסט אַ הוצאה. איהם ווענען די קינ־דער ניט קומען רייסען ביי די פּאָלעס עסען! קומען קומט מען צו איהר. זי איז קלאָר אין איהר חשבון. זי ווייס, וואָס זי טהוט, ערגער, חס ושלום, פֿאַר אנדערע איז זי ניט, און דאָס איז פֿאַר איהר גענוג. נאָר אז ער הויבט אָן צו רעדען איבער איהר, מאַכט ער איהר מעהר ניט ווי אַ וואונד אין הארצען. עס ווערט איהר פֿער־לעגט אין האַלז, די אויגען ווערען פֿערלאָפֿען מיט טרערען און זי ווייס ניט, וואָס מיט איהר איז.

פֿערשטעהט זיך, אז דאָס געדויערט מעהר ניט, ביז וואנען אַ קונה קומט אריין, דעמאָלט פֿערגעסט זי אָן אַלץ. זי פֿערגעסט אפילו וואָס פֿאַר אַ „שעטנז" עס שטעהט איצט אין קראָם, נאָר ווי דער קונה געהט ארויס, איז ווייטער די זעלביגע מעשה.

און אזוי האָט זי אליין אויף זיך געטראָגען דעם עול הפּרנסה. אליין פֿערשוואַרצט געוואָרען, אליין ארויסגעצויגען געוואָרען, אליין געזאָרגט וועגען אַלץ אין קראָם און אזוי אליין אויך געהאָ־רעוועט אין שטוב, געקאָכט, געראָמט, געוואַשען, געלאַטעט, גע־משירעוועט. אָפֿט פֿלעגט נאָך טרעפֿען, אז זי איז שוין פֿון קראָם געקומען, די וועטשערע אָפּגעקאָכט, אנגעקאָרמעט די קינדערלאַך און אליין אויך אָפּגעגעסען און געפֿאַלען אין בעט שלאָפֿען, ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף איהם און נאָר וואָס זי פֿערמאַכט די אויגען און שלאָפֿט איין מיט'ן ערשטען, פֿעסטען שלאָף, ערשט בראַזג אין טהיר.

זי גיט זיך עמוואס א טשוכע פון שלאף, גיט א רייב די אוי־
גען מיט'ן האנט און שלאפט ווייטער געשמאק.

— עסען, טויבע מערע, עסען!

זי גיט זיך ווייטער א טשוכע און פרעגט פערשלאפען: האַ־
א־א? און קעהרט זיך איבער אויף דעם צווייטען זייט.

— עסען, טויבע מערע, עסען, שרייט זעליג אשר העכער און
קלאפט שטארקער.

זי ערוואכט, ווארפט ארויף אויף זיך א קליידעל און לויפט
צוהאלטענדיג דאס קליידעל אין די הענט, א בארוועסע, עפענען.

— אוראי לאנג געלאזען דיך קלאפען. נו, א שלאף אויף מיר
אנגעפאלען! רעדט זי מיט א הייזעריג, פערשלאפען קול און זאגט
איהם, אז די וועטשערע שטעהט אויפ'ן פריפעטשאק, די טעלער
אויפ'ן טיש און פאלט ווייטער, ווי א סנאפ.

און די קינדער אויך אליין דערצויגען. זי האט בעשטעלט די
בעסטע מלמדים פאר די איינגלאך, די מיידלאך געשיקט צו א שריי־
בער. „זיין" עיבֿרא איז נאר געווען שבת אין דער פריה, נאכ'ן
דאווענען, פערהערען די איינגלאך, ווען דער רבי איז געקומען מאכען
קרוש. און גאט צו דאנקען, איהר עלטערער זוהן איז א פיינער
יונגער מאן, לערענט אין קאוונע און זוכט שוין א שטעטעל: א
טאכטער אויסגעגעבען פאר א בן תורה, אויסגעהאלטען עטליכע
יאהר דעם איידים אויף קעסט און פערזארגט איהם מיט א גע־
שעפט. — א פיינער יונגער מאן. דער איינגערער זוהן לערענט
אין וואלאזשין און האט א פיינעם שם. מיט קיין שדוך, וועט שוין
קיין דאגה ניט זיין, א נדן וועט אויך זיין א פיינער. ער איז שוין
אפילו אביסעל א היינט־וועלטינער, נאר חס ושלום פון דרך ניט
אראפ, דער מאמען די אויגען וועט ער ניט פערשווארצען. מיט
איין ווארט, זי האט צו גאט קיין טענות ניט. איהר וואלט שוין
געווען גאנץ גוט. נאר אין די לעצטע יאהרען, ווען די זארג וועגען
די קינדערלאך איז געווארען קלענער און אין שטוב איז שוין געווען
א טאכטער, וואס זאל איהר אויסבייטען און זי האט שוין ניט גע־
דארפט זיין אזוי פער'הב'עוועט, האבען איהר אנגעהויבען קוועלען
רעיונות וועגען איהר לעבען, ווי זי האט פערבראכט. ווי זאגט

מען דאָס, מען איז שוין נעהענטער א ה י ן אלס אהער: מען שטעהט שוין כמעט מיט ביידע פיס ד אָ ר ט ע ן. און וואָס וועט זי ענטפערען דאָרטען. א שטייגער. אז מען וועט איהר א פרעג טהאָן: עסקת באמונה?

„עסקת באמונה"? האָסטו געהאַנדעלט עהרליך? אוי וויים זי, אז איהר נשמה איז גענוג זינדיג, זינדיג דערפאַר אליין, וואָס איהר נשמה איז געזעסען אין א בשר ודם ובפרט נאָך אין א קרע־מערקע, וואָס האָט געגעבען א פאַלשע וואָג און א פאַלשע מאָס... זי וויים, אז זי האָט עס געטהאָן ניט פאַר זיך, אז אנדערש האָט זי ניט געקאָנט טהאָן. נאָר דאָרטען הפנים וועט מען דען אננעהמען תירוצים?... און נאָך אזא שווערען און ביטערען לעבען, אויב זי וועט נאָך דאַרפען חס ושלום ברענען אין דעם פייער פון גיהנם אדער געהן נאָר כף הקלע איז ערגער ווי שלעכט. איהר איינציגע טרייסט איז איצט געווען זעליג־אשר, ער וועט דאָך מסתמא דאָרטען זיין א היימישער, א איד א לערנער, כל ימיו ניט ארוים פון זיינע ד' אמות און אין דעם האָט זי דאָך א גרויסען חלק. זי איז דאָך ניט נעווען ווי אנדערע ווייבער, וואָס טרייבען די מאַנען פערדיענען און רייסען זיי אָפּ פון גאָטס דיענסט. אדרבא, זי האָט איהם שטענדיג געטריבען אין קלויז און איז געווען צופריעדען, וואָס ער לערענט. ער וועט דאָרטען געוויס זיין דאָס אויבערסטע פון שטייסעל און ער קען איהר טאָקע דאָ אויסהעלפען... עס איז אבער דאָך ניט דאָס, איהרע עברות זיינען אזוי גרוים און שווער. איהר נשמה אזוי פערזינדיגט!

א שעה פאַר זיין טויט האָט זי ביי איהם געפּועלט, אז ער זאָל איהר אָפּגעבען האַלב מצות פון זיין לערנען. און האָט ביי איהם אויף דעם ארויסגענומען א צעטעל, שוואַרץ אויף ווייס, מיט זיין אייגענע האַנט געחת'מעט, און דער דאָזיגער שטר איז דאָס איצט פערפאַלען געוואָרען...

# די טהי׳ר.

איטשע דבורה זעלדעס איז כמעט געווען צופריעדען, וואס מען האט אויף איהם געקוקט, ווי אויף א שוואכען מענשען. דאס האט פון איהם ארונטערגענומען דעם גאנצען עול פון פרנסה און אלע זארגען וועגען די קינדער און וועגען דער שטוב. און ער האט געהאט אויף וועמען צו פערלאזען זיך: דבורה זעלדע איז געווען א בריה א אידענע, זי האט געפיהרט די פרנסה, זי האט אכטונג געגעבען אויף די קינדער, פאר די איינגלאך בעשטעלט מלמדים, די מיידלאך געשיקט צו א רבי׳צען, און האט אויפגע־פאסט אויפ׳ן מורה אני זאגען, ברכה מאכען, בענשען און קריאת שמע לייענען פון די קינדער.

אין אמת׳ן, האט דאס אויפפאסען אויף אידישקייט מעהר בעלאנגט צום מאן, ווי צו איהר. נאך אלעמען, האט ער זיך מעהר פערשטאנען אויף די שווארצע פינטלאך ווי זי, הגם ער איז קיין גרויסער למדן ניט געווען, און זי האט געוואוסט, וואס דער בחיי שרייבט און נאך אזעלכע גרויסע אידישע אויטאריטעטען, וואס ווערען געבראכט אין טייטש חומש. ווען עס איז געווען עפעס א פראגע וועגען א ברכה מאכען, האט זי זיך געווענדעט צו איהם. ווען עס איז געקומען אן ערב יום־טוב, און מען האט געדארפט וויסען וועלכען פיוט מען דארף זאגען איין טאג און וועלכען מען דארף אויסלאזען דעם צווייטען טאג, האט ער פאר איהר גע־מאכט סמנים אין איהר מחזור, אז ניט וואלט זי זיכער מבולבל געווארען. זי האט אויף איהם דערפאר געקוקט מיט גרויס דרך ארץ, נאר מיט פראקטישע זאכען האט זי זיך אויף איהם ניט גע־קאנט פערלאזען.

אבער ער האט געגען דעם גאר ניט געהאט. ער איז דער־

מיט אזוי געוואוינט געוואָרען, אז ווען די קינדער זיינען אביסעל אונטערגעוואקסען און האָבען אנגעהויבען ארויסצואווייזען קונדס׳־עריי און ער האָט זיי געכאפּט ביי דער האנט, האָט ער אליין גאָר ניט געזאָגט. ער איז אוועק צום ווייב, דערצעהלט איהר, וואָס ער האָט געזעהן און האָט זיך פערלאָזען אויף איהר, אז זי וועט שוין וויסען, וואָס צו טהאָן מיט זיי.

איטשע דבורה זעלדעס איז קיין גבור ניט געווען, נאָר ער איז אויך ניט געווען אזא חלוש, אז ער זאָל זיין פּטור פון אלע זארגען וועגען חיונה. עס וועט קיין גוזמא ניט זיין צו זאָגען, אז יעדער צווייטער אין שטעדטעל איז געווען ניט געזינטער און ניט שטאַרקער פון איהם, און דאָך האָבען אלע אָדער געארבייט, אָדער געהאנדעלט, אָדער געשטאַנען אין קראָם. אָדער ארומגעפאָהרען אויף ירידים. לייט האָבען טאַקע געמורמעלט, אז דבורה זעלדע קיכעלט איהר מאַן און מאַנסביל האָבען ניט איין מאָל געזאָגט מיט קנאה צו זייערע ווייבער:

— אַט, אז מען האָט אזא ווייב, ווי דבורה זעלדע, איז ניט שייך.

און איטשע האָט בעגריפען, אז ער דאַרף עפּעס ווייזען פאַר זיין חולשת. ער האָט אויסגעארבייט א חזנ׳ישען הוסט, דאָס הייסט אזא, וואָס הויבט זיך אָן און ענדיגט זיך ארום דעם קליי־נעם ציננגעל. פון אזא הוסט שפּאַרט ניט אריין דאָס בלוט אין פּנים, מען כאַפּט זיך ניט פאַר׳ן הארצען, די אויגען סטאַרטשען ניט ארויס, נאָר אין דער זעלביגער צייט ווייזט עס, אז עפּעס איז ניט גלאַט אין הארצען, און דבורה זעלדע האָט פאַר א הוסט מורא געהאַט סכנות נפשות. דער דאָזיגער הוסט האָט איהם ניט געשטערט צו סמאַטשקען דעם גאַנצען טאָג דעם ליולקע־ציבעק, און דער רויך איז געווען אזא שאַרפער און אזא ביטערער, אז דבורה זעלדע פלעגט זיך שטענדיג צו־הוסטען, ווען ער איז צו איהר געקומען געוואָהר־ווערען אין קראָם אָדער ווען זי איז פון קראָם געקומען אהיים.

דבורה זעלדע האָט איטשען שטאַרק אבגעהיט, נאָר ניט זעל־טען האָט זי איהם געגעבען א נאָב. דאָס האָט פּאַסירט, א שטייגער־

ווען א קונה האט איהר „אויסגעפוילט דעם לונג און לעבער“ און האט זיך פון איהר ארויסגעריסען, ניט קוקענדיג קיין זאך, און גראד איז אימישע דערביי געשטאנען מיט דער פיפקע אין מויל.

— הפנים דיר הארט עפעס? פלעגט זי אויף איהם אנפאלען. דיר ליגט דאך נאר אין זינען די פיפקע.

ער פלעגט געוועהנליך ניט ענטפערן אויף דעם. ער פלעגט אויסטרייסלען דעם טאבאק פון דער ליולקע, ארייגלעגען איהר אין קעשענע און לאזען זיך נעהן מיט שוואכע טריט פון קראם אהיים. צו ער האט זיך געפיהלט שולדיג, פאר וואס ער קען ניט העלפען, ווי אנדערע מאנסבילען אין קראם, צו ער האט פערשטאנען, אז אויס׳טענה׳ן זיך מיט איהר וועט ער ניט קאנען. ווי עס זאל ניט זיין, האט ער אויסגעקליבען דעם גרינגסטען אופן און האט זיך אפגעטראגען. נאר אוועק איז ער מיט אזעלכע טריט, וואס האבען דבורה זעלדען געראפט ווייזען, אז זי איז בעגאנגען אזי אונרעכט נעגען א שוואכען מענשען.

און עס איז טאקע געווען עפעס אומערינעס אין זיין גאנג. די הענט פערלענט אין די ארבעל, דער רוקען אנגעבויגען, די פיס קוים וואס זיי האבען זיך געשלעפט. ווען ער פלעגט אזוי א בעטריב־טער אוועקגעהן, האט זי זיין פנים ניט געזעהן. זי האט נאר געזעהן דעם רוקען און עס פלעגט איהר א ריס טהאן אין די אויגען זיין נאקען. עס האט אויסגעזעהן, ווי זיין קאפ האלט זיך אויף די פלייצעס אויף צוויי אדערן, וואס ציהען זיך פון ביידע זייטען פאטילניצע ארונטער און אין מיטען איז אייגגעפאלען. ווען זי פלעגט קוקען אויף זיין נאקען, פלעגט זי זיך דערמאנען אן א רייניקייט ווי זי זעהט אויס א שבת סוף ווינטער צו הנבה. איהר כעס פלעגט באלד פערשווינדען און, קוקענדיג אויף איהם, ווי ער דערווייטערט זיך, האט זי מיט א פערקוועטשטען הארצען גע־טראכט מיט זיך:

— ראכט זיך, וואס פעהלט איהם. מען פילענגעוועט איהם אזוי, און ער זעהט אויס אזוי חרוב.

און, ריכטיג, ווערליג אין ארימען קרעטערשען אופן האט מען איהם זעהר אפגעהיט. אין דער צייט וואס דבורה זעלדע האט ניט

פערזוכט קיין ווייס־ברויט פון שבת צו שבת, האָט אויף איהם געוואַרט יעדען פריהמאָרגען אַ ווייסער קוכען מיט מאָן און ציבעלע, דין און טרוקען ווי צונטער אין מיטען און אויפגעבלאָזען ארום. דער קוכען האָט געקאָסט זעקס גראָשען במזומנים און דבורה זעלדע האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז ער דאַרף צוגעהן אין מויל. פון דעם גאַנצען הויזגעזינד האָט נאָר דוד'ל, דער מיזיניק, געהאַט אַזאַ וואויל־טאָג און געהאָרעוועט זיך אויף קוכעלאַך, אמת, ניט קיין זעקסערנע, נאָר די עקאָנאָמיע איז ניט געווען דערפאַר, וואָס מען האָט פון איהם געוואָלט אָפּשפּאָרען, נאָר פּשוט דערפאַר. וואָס ער איז נאָר קיין עסער ניט געווען. די איבעריגע האָבען אַלע געגעסען שוואַרץ־ברויט.

נאָך זיין שטאַנד האָט איטשע בעלאַנגט צו יענע, וואָס טראָגען שטיוועל, ניט קיין קאַמאַשען, נאָר טאַקע שטיוועל מיט דיקע זוילען, מיט פּאַדקאָוועס. נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, האָט ער מקפּיד געווען, אז די כאָלאָוועס זאָלען זיין לענגער ווי געוועהנליך. פון פאָרענט האָבען זיי דערגרייכט ביז'ן קניע און פון הינטען זיינען זיי אויבען געווען חנ'עוודיג אויסגעגאָרסעוועט. און האָבען אפילו געהאַט חנ'עוודיגע קנייטשלאַך, ניט קיין רייפעלאַך נאָר פיינע קנייטשען. דאָס איז אָבער געווען זיין אייגענער אויפטהו און ווייטער פון דעם וואָלט ער ניט געגאַנגען. וואָס דבורה זעלדע האָט פאַר איהם געטהאָן אין דער הינזיכט, איז געווען עפּעס אַנדערש. זי האָט איהם בעזאָרגט מיט קאָלאָשען און זי פלעגט זיך אויף איהם שטאַרק בייזערען ווען ער פלעגט זיך ארויסכאַפּען אין אַ רעגען אָדער אַ קעלט אָהן זיי.

די דאָזיגע לאַגע איז איטשען כמעט געפעלען געווען. ניט נאָר איז דאָס געווען אַ גרינג לעבען, דאָס האָט איהם אויך געגעבען די מעגליכקייט צו בעפריעדיגען אַ געוויסען געפיהל פון שעהנקייט. ער האָט ניט געדאַרפט הב'עווען און האָט געהאַט צייט אָפּצוגעבען זיך מיט זיין פערזאָן: זיין באָרד איז שטענדיג געווען פערקאָמט, זיינע לאַנגע האָר זיינען אויפ'ן נאַקען און ארום די אויערען געווען פערקרייזעלט אין בויגעלאַך. זיינע בגדים ווי פראָסט זיי זיינען ניט געווען האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ

רײנסקײט. זײן ליולקע איז געװען עפּעס נאַר אַן אַנטיקעל און דער געפּלאַכטענער ציבעק איז געװען אַזױ לאַנג, אַז ער האָט זיך מיט איהם געקענט אַרומנאַרטלען און אַזױ רױכערען.

די ראָזינקע לאַנגע איז איהם געפעלען געװען. נאָר דערפאַר האָט זי אױך געהאַט איהרע אונאַנגענעהמע זײטען. די װײב'ס קרובים האָבען אױף איהם געקוקט קרום און אַפילו די שטובינע האָבען זיך צו איהם פערהאַלטען מיט עפּעס אַ טאָלעראַנטער גרינג־שעצונג. די קינדער האָבען נאָר געװאָוסט „מאַמע" און „מאַמע". און ער האָט אױף זײ קײן שום אײנפלוס ניט געהאַט. די אײנ־ציגע בעשעפענים אין שטוב, װאָס איז צו איהם געװען צוגעבונ־דען, איז געװען די קאַץ.

ער האָט, ראַכט זיך, קײן מאָל ניט אַרױסגעװיזען קײן שום צערטליכקײט דער קאַץ. ער האָט איהר קײן מאָל קײן גלעט ניט געשענקט, און די אײנציגע צײט װען ער פלעגט זיך צו איהר צוריהרען איז געװען װען ער האָט עפּעס געטהאָן און זי איז אַרױפ־געקראָכען אױף זײן בײנקעל און געזעצט זיך איהם סאַמע אונטער דער האַנט. ער פלעגט דעמאָלט איהר אַרונטערשטופּען מיט'ן עלענבױגען, װײל הגם זי איז געװען אַ נע'פסל'טע, האָט ער איהר מיט דער האַנט בשום אופן ניט אַנגעריהרט. און װען ער פלעגט איהר נעהמען אַרונטערשטופּען, האָט זי זיך ממש ניט געלאָזען, אַזױ װי זי װאָלט ניט װעלען גלױבען, אַז ער מײנט עס מיט אַן אמת. די קינדער האָבען איהר אָפט דוקא געגלעט און זי האָט דערפון הנאה געהאַט, און פלעגט אױסבױגען דעם רוקען הױך. הױך. און זי איז געװען מעהר אָדער װעניגער צוגעלאָזט צו זײ. זי פלעגט פילאָזאָפיש זיצען בײ דוד'לען אױף די קניע מיט דרײ־פיערטעל פערמאַכטע אױגען און געדולדיג איבערטראַגען. װי ער פלעגט װײזען זײנע חברים, אַז זי פערשטעהט, װאָס מען רעדט צו איהר און אַז זי ענטפערט „נײן", װען זי איז ניט מסכים. עס האָט איהר אַפילו ניט געהאַרט, װאָס דערבײ האָט ער איהר אַ בלאָז געטהאָן אין אױער. נאָר אַזױ גיך װי זי איז אַראָפּ פון זײנע קניע, װאו ער האָט איהר אַלײן אַנידערגעזעצט, איז געװאָרען צװישען זײ אָפּ־תּכף. אַנדערש איז אָבער דער פאַל געװען מיט איטשען.

אַזוי גיך ווי זי האָט דערהערט זיינע טריט, איז זי שוין געלאָפֿן צו דער טהיר און ממש געשפּרונגען אויף איהם מיט שמחה, אַזוי ווי זי וואָלט מיט איהר שפּרינגען וועלען אויסדריקען, אַז זי האָט געבענקט נאָך איהם און ניט געקענט זיך אויף איהם דערוואַרטען. און ער איז טאַקע געווען דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט אין זינען, אַז אַ קאַץ דאַרף אויך עסען, און אויב ער האָט פֿאַר איהר ניט געהאַט וואָס צו געבען עסען אין שטוב, האָט ער איהר גע־בראַכט עפּעס פֿון גאַס.

מען קען ניט זאָגען, ער האָט אויך געהאַט מאָמענטען אין שטוב, וואָס אַלע קינדער זיינען געשטאַנען מיט אָפֿענע מיילער און פּשוט בעוואונדערט איהם. ווען, אַ שטייגער, עס האָט עפּעס פּאַסירט מיט'ן וואַנט־זייגער, איז מען גלייך ניט געלאָפֿען צום זייגער־מייסטער. דעמאָלט האָט איטשע געוויזען, אַז אַ מענש מעג ניט זיין קיין געשעפֿטס־מאַן אָדער קיין בעל־מלאכה, און דאָך צו עפּעס טויגען אויף דער וועלט. ער האָט אַהן אַ שום מורא, מיט אַ גענייטער האַנט אַרונטערגענומען דעם זייגער פֿון וואַנט, אַנידערגעלעגט איהם אויפ'ן טיש, צונומען איהם אויף בעזונדערע חלקים, און געפּורקעט זיך מיט די רעדלאַך און שרייפֿלאַך. נאָר דעמאָלט האָט קיין שטוביגער פֿאַר קיין מייל ניט געטאָרט צוקומען צום טיש, אַפֿילו די קאַץ האָט דעמאָלט געהאַלטען זיך אויף אַ דרך ארץ'דיגען שטח פֿון איהם. עס פֿערשטעהט זיך, ער איז קיין זייגער־מאַכער ניט געווען און האָט זיך ניט אַרויסגעגעבען פֿאַר קיין זייגער־מאַכער. און ווען ער האָט צוריק אויפֿגעהאַנגען דעם זייגער און דער זייגער איז אַלץ געבליבען איינגע'עקשנ'ט און ניט געוואָלט זיך ריהרען, האָט מען שוין געמוזט אַנקומען צום אמת'ן זייגער־מאַכער. נאָר ווי דער סוף איז ניט געווען, האָבען אַלע בעשייןפֿערלאַך געזעהן, אַז ער ווייסט וואָס אַ זייגער איז. ווען ער איז אַזוי געשטאַנען אויף אַ ביינקעל אין דער הויך, מיט'ן קאָפּ כמעט ביז דער סטעליע און האָט מיט אַ כשופֿ'דיגען פֿינגערל עפּעס געריהרט אינווייניג, און דער זייגער האָט געשלאָגען פֿיעל ער האָט געוואָלט, און ער האָט אַפֿילו די ווייזערס ניט אַנגעריהרט דערביי, האָבען אַלע אין שטוב אויף דער הייסער מינוט פֿערשטאַ־

נעז, אז ער מעג בשעת מעשׂה אהנטערקוקען אויף אונז מיט'ן גאנצען שטאָלץ, וואס זיין פּנים האט רעמאָלס אויסגעדריקט. און דבורה זעלדע'ס הארץ האט אין די מינוטען געשלאָגען מיט בשוואונדערונג פאר איהם. ווערלכער האט פערמאגט אזעלכע גאָלדענע פינגער.

אבער ווי אויף צו להכעיס פלעגט דער זיינער משונה ווערען אפשר איין מאָל אין א שטיקה און איטשע האט זעלטען געהאט א געלעגענהייט צו בעווייזען אזוי פיעל בריה'שקייט און געניטקייט און ארויסרופען כאטש אויף א מינוט בעוואונדערונג.

און אויב די לאַנגע פון א חלוש איז געווען א גאנץ בעקוועמע פאר איהם, איז זי אבער ניט געווען זעהר קיין אנגענעהמע. אפגע־רעדט פון זיין ווייב, וואס האט אויף איהם געקוקט ווי אויף אזוי־נעם, וואס איז נעבאך געשטראפט געווארען פון גאט, האבען זיך אנדערע אויך פערגונען צו רעדען וועגען איהם אין זיין געגענווארט ווי וועגען איינעם, וואס קען א קאץ דעם עק ניט פערבינדען. אויס־געצייכענט דערמיט האט זיך זיינער א שוואגער, לייבע דער סוחר. ער איז שוין געווען אן עלטערער מענש, א הויכער און ברייטער איד, מיט א געריכט פערוואקסענעם פּנים און זעהר קלוגע אויגען. ווען ער האט גערעדט מיט איטשע'ן האט ער זיך ניט געקענט איינ־האלטען ארויסצואווייזען די גרינגשעצונג פון דעם בריה געגען דעם נעבאכעל, און ארויסגעוויזען האט ער עס אהן א שום מיין, אהן א שום כונה צו בעליידיגען. און דעריבער האט דאס איטשען טיעפער געטראפען.

ווי דורכגעטריבען לייבע איז ניט געווען, פלעגט ער אמאל אריינקומען צו דבורה זעלדע'ן אין קראם און פרעגען ביי איהר אן עצה. ער האט אויף איהר געזאגט, אז זי האט אויף זיך א מאנסביל־שען קאפ און ווען זי האט איהם איבערראשט מיט א גוטען איינפאל, האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און אויסגעדריקט זיין בעוואונדערונג פילאזאפיש:

— זעהסטו, ווי דער וואס זיצט אויבען ווייסט וואס ער טהוט. זיינע דרכים טאר מען גאר ניט קלערען. אין פלוג קען אויסווייזען, אז די אוגים וואס ווערען דארטען אנגעחתמ'עט זיינען ניט

גוט אויסגערעכנט. א פּראָפעסאָר חי וקים וואָלט געזאָגט, אז דו וואָלסט געווען א בעסערע פּאָר פאַר מיר ווי מיין ביילע. און ביילע וואָלט געווען א גלייכערע פּאָר פאַר דיין איטשען. נאָר אין דער אמת'ן שטעקט דערין א טיפע השגחה. ווען א שטייגער איך וואָלט חתונה געהאַט מיט דיר, וואָלטען מיר דאָך ביידע א וועלט איבערגעקעהרט, מיר וואָלטען אלץ פערזשאַריעט. און דאָס איז ניט קיין דרך, דאָס איז ניט קיין יושר. ווארום וואָס וואָלטען גע־טהאָן אזעלכע צוויי שלים־מזל'ניקעס ווי דייגער און מיינע? וואָס זשע טהוט דער אויבערשטער? האָב איך חתונה מיט מיין שלים־מזל'ניצע און דו האָסט חתונה מיט דיין שלים־מזל'ניק. און א דאַנק און א לויב זיין ליעבען נאָמען, קיינער פון אונז האָט זיך ניט צו קלאָגען נו, איז דאָס ניט קיין השגחה?

און אויב לייבע האָט דערין געפונען נאָך א בעוויז, ווי צו בעוואונדערען די דרכים פון דער השגחה, האָט דאָס גאָר ניט גע־שמעקט איטשע'ן צו זיין אין דער צאָהל שלים־מזל'ניקעס. נאָר ער האָט קיין זאַך געגען דעם ניט געקענט זאָגען. און ער האָט אָפּט געמוזט צושמייכלען דערצו.

דערפאַר ווען עס איז געקומען ווינטער און עס האָבען זיך אנגעהויבען די פרעסט, האָט זיין ערנידריגטער „איך" געפונען א בעפריעדיגונג. און ער פלעגט דעמאָלט אויסוואַקסען מיט צוויי קעפּ העכער.

די שוואָגערס האָבען געוואָהנט אין איין שטוב און האָבען געהאַט זייערע בעזונדערע קאַמערען. אזוי גיך ווי די פרעסט האָבען זיך אנגעהויבען האָט די טהיר אנגעהויבען צו קווע׳לען. יעדען ווינטער האָט זיך אנגעהויבען א סדרה פון ארומהאַקען דעם אייז פון שוועל און פון דער טהיר. נאָר ווי גוט דער אייז איז ניט ארומגעהאַקט געוואָרען, איז דאָך שווער געווען צו פערמאַכען די טהיר. יעדער איינער האָט געדאַרפט לאַנג קלאַפּען מיט דער קליאַמקע, ביז זי איז אריין אין דעם האַטשעק. עס פערשטעהט זיך, אז וואָס לענגער מען האָט געדאַרפט קלאַפּען מיט דער טהיר און פיהרען זיך מיט דער קליאַמקע, אלץ מעהר קעלט איז אריין איז שטוב. און אלץ מעהר האָבען אלע אין שטוב גענומען זיך

קארטשען און קוקן בייזער אויף דעם, וואס האט די קעלט אריינ־געלאזט. פונם האט די קליאמקע אפגעגארט. איינער איז אריין אין שטוב און איתם האט געראכט, אז די טהיר איז פערמאכט, און ווען ער איז שוין אפגעגאנגען פיינע עטליכע טריט האט זיך די טהיר ברייט געעפענט, און א ווייסער קאלטער פראסט האט זיך אין דער פארם פון א רויך געטומען קייקלען איבער דער פארלאנג פון דער טהיר צום אויבען אן, און פון אלע זייטען אין שטוב האט מען גענומען שרייען:

— די טהיר, די טהיר! איהר האט די טהיר געלאזט אפען!

און דער אריינקומענדינגער האט זיך ווידער געדארפט האס־טיג צוריקקעהרען און אנהויבען צו קלאפען מיט דער טהיר און פיהרען זיך מיט דער קליאמקע.

און די טהיר האט געהאט איהרען א שגעון. זי האט פיינט געהאט אז מען זאל איהר בעהאנדלען מיט בייזען. און וואס מעהר רונזה איינער האט ארויסגעוויזען ביים פערמאכען איהר, אלץ לענגער האט ער געדארפט שטעהן לעבען איהר און פיהרען זיך מיט דער קליאמקע. נאר אפילו מיט גוטען האט אויך ניט אלע מאל געהאלפען. די טהיר האט געפאדערט א בעשטימטע מאס העפליכ־קייט, ניט מעהר און ניט וועניגער, אזוי האט זי זיך איינגע'עקשנ'ט און מען האט איהר געמוזט נאכגעבען.

דער ערשטער און איינציגער וועלכער האט אויסגעפונען די ריכטיגע מאס העפליכקייט איז געווען איטשע. ער האט עס אויס־געזוכט ביז א האר, און ער האט נאר געדארפט אנריהרען די קליאמקע מיט די פינגער, און די טהיר איז שוין געווען פערמאכט. די אנדערע מיטגליעדער פון דעם הויז־געזינד האבען מעהר אדער וועניגער געכאפט דעם שניט און אמאל האבען זיי זיך לענגער געפיהרט מיט דער קליאמקע און אמאל קירצער.

שווער צו פערמאכען די טהיר איז אנגעקומען דבורה זעלדען. זי איז געווען געוואהנט צו טהאן איהר ארבייט מיט א ברען, אהן שהיות, דערצו זייענען איהרע פינגער געווען צוקאליעט פון פראסט און נאכדעם ווי זי האט צוויי־דריי מאל א קלאפ געטהאן מיט דער קליאמקע, האט זי אונגעדולדיג א רוף געטהאן:

— איטשע, איך קען ניט פאַרמאַכן די טהיר!

מיט אַ זעלטענע צופריעדענהייט פלעגט זיך איטשע לאָזען געהן צו דער טהיר. דעמאָלט האָט ער געפיהלט דעם נחת, אַז זיין ווייב, די בריה, איז אַמאָל אָפּהענגיג פון איהם און ער קען טהאָן עפּעס אַזוינס, וואָס די אַנדערע קענען ניט. זיין טראָט איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי עלאַסטיש ווי אין יענע מינוטען, ווען ער האָט גערדאַרפט אַרויסהעלפען זיין ווייב. און ער האָט עס געטהאָן מיט גרויסמוטה, און אַפילו געסטאַרעט זיך צו פאַרענטפערען איהר אין איהרע אייגענע אויגען מיט אַ בעמערקונג:

— די טהיר מאַכט שוין ווידער איהרע הינטישע שטיק.

דאָס האָט אַזוי גוט ווי געדאַרפט הייסען, אַז ניט זי, דבורה זעלדע, איז שולדיג, נאָר די טהיר גופא מיט איהרע משוגעת'ן.

נאָך דעם גרעסטען פאַרגעניגען האָט איטשע געהאַט, ווען לייבע איז געקומען אין אָבענד אַהיים און די גאַנצע הויז־געזינד איז געווען אין שטוב.

לייבע האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרמאַכען די טהיר. ער איז ניט געווען דער מענש נאָכצוגעבען קאַפּריזען, בפרט אַ נאַרישער טהיר. ער איז גלייך צוגעטראָטען מיט רוגזה און דאַר־טען וואו עס האָט זיך געפּאַדערט אַ לייכטער ריהר מיט דער קלי־אַמקע, האָט ער אָנגעווענדעט אַ כח, וואָס איז געווען גענוג אויפ־צוברעכען אַ טהיר. און וואָס מעהר ער האָט געבראַזגעט, אַלץ ווע־ניגער האָט זי זיך פאַרמאַכט.

און בשעת לייבע איז אַן אונגעדולדיגער געשטאַנען און איז אַלץ מעהר אַרויס פון די כלים, האָבען זיך די אויגען פון דער הויז־געזינד אָפּט אַ קעהר געטהאָן צו איטשע'ס זייט. נאָר קיין מאָל איז איטשע ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען, ווי גראָד אין יענע מינוטען. פון אונטער דער ערד האָט ער אָפּגעזוכט עפּעס אַן אַר־בייט, און די בראַזגערייי פון דער טהיר איז געווען די זיסטע מוזיק פאַר זיינע אויערען. און ווען ער האָט געפונען, אַז לייבע איז שוין גענוג געשטאַנען ביי דער טהיר, האָט ער זיך אָפּגעריסען פון זיין אַרבייט, געלאָזט זיך געהן צו איהם, און מיט אַ ווייכען קול,

אונטער וועלכען עס איז געווען בעהאלטען א לייכטער שפאס, האט ער געזאגט:

— לאזט מיר, רבי לייב, איך וועל פערמאכען די טהיר.

און אז לייבע האט מיט פערדרוס געוואלט לאזען זיך שוין געהן צו זיך אין קאמער, האט איהם איטשע אפגעהאלטען און גע־זאגט:

— געזונט זאלט איהר זיין, רבי לייב. ווארט, איך וועל אייך ווייזען, ווי מען דארף פערמאכען. איהר זעהט? גרינג ווי א חטא.

און איטשע האט דעמאנסטרירט פאר איהם און געוויזען איהם בעשיינפערליך, ווי גרינג עס איז צו פערמאכען די טהיר. ער האט פערמאכט און געעפענט, וויעדער פערמאכט און געעפענט און פער־מאכט.

— איהר זעהט, רבי לייב, עס געדויערט נאר א רגע, כימ כשהר. מען דארף נים קלאפען. עס קאן גאר גרינגער נים זיין. אדרבה, פרובירט איצט, רבי לייבע.

און לייבע האט פרובירט און איהם איז איצט נים געלונגען בעסער ווי פריהער.

איטשע איז אין די מינוטען אויסגעוואקסען מיט פינף קעפ העכער. ער איז איצט געווען פיעל העכער ווי דעמאלט, ווען ער פלעגט שטעהן איבער דעם זיינער. ער וואלט איצט מיט פערגני־גען געשטאנען א גאנצע נאכט און דעמאנסטרירט פאר איהם, ניט מיט'ן צוועק אויסצולערנען איהם צו פערמאכען די טהיר, נאר מיט דער איינציגער כונה צו ווייזען איהם, דעם גרויסען כוואט, אז אזא קלייניגקייט קען ער ניט טהאן. און ער האט משונה הנאה געהאט דערפון. זיין גאנצע איינגעווייד האט ממש געלאכט אין איהם. און וואס מעהר ער האט אין זיך געלאכט, אלץ ווייכער איז געווען זיין קול און אלץ געלאסענער זיינען ארויסגעקומען זיינע ווערטער.

און לייבע איז געשטאנען א ווייל, אויסגעהערט דעם לייכטען בעהאלטענעם פארוואורף, דערנאך האט ער זיך אהן ווערטער א קעהר געטהאן, א ציה געטהאן מיט די אקסלען און געלאזט זיך געהן צו זיך אין קאמער.

איטשע האָט קיין פּירוש דערפון ניט געמאַכט, נאָר אין די מינוטען האָט זיך קיינער מיט איהם ניט געקענט גלייכען. ער איז פול געווען מיט אַזא געפיהל פון חשיבות פאַר זיך, וואָס ער האָט אַ גאַנץ יאָהר ניט געהאַט.

דבורה זעלדע האָט אין אַזעלכע מאָמענטען אפילו דעם קאָפּ ניט אָפּגעקעהרט, נאָר איטשע האָט גרינג געזעהן דעם לייכטען שמייכעל אויף איהרע ליפּען.

# פערלע די גבאי'טע.

פערלע האט אויפגעעפענט די אויגען און דערזעהן, אז פון איבער דעם ווייסען פארהאנג, וואס איפ'ן פענסטער, פלייצט אין שטוב א העלע ליכטיגקייט.

— שוין גרויסער טאג! ניט זי א מורמעל צו זיך.

נאר דער קאפ איז איהר ווי מיט בליי אנגעגאסען און זי קען איהם ניט א הויב טהאן. זי דרעמעלט נאך א ווײלע איין. אנגע־שפארט מיט'ן עלענבויגען פון דער רעכטער האנט אן קישען און מיט'ן קאפ אן דער רעכטער האנט. אבער זי דרעמעלט זעהר אונ־רוהיג. זייענדיג האלב וואך, האלב פערשלאפען. גערענקט זי אבער אז היינט איז מאנטאג, א מארק־טאג, היינט קומען אן פיעל ישובניקעס און אויפיאגען קען מען זיי נאר ביי די טנינים. דער ערשטער מנין שטעלט זיך א שפראץ אויף טאג... זי זאל נאר ניט בערשלאפען... אבער דער פריהמארגעדינער אנגענעמער שלאף קלעבט צו איהרע אויגען שטארק און גיסט פערנאנדער איבער איהרע אלע צובראכענע אויסגעהארעוועטע גליעדער אזא זיסע פוילקייט, אז זי קען מיט זיי ניט א קעהר טהאן. נאר באלד טהוט זי' אן איבער זיך א כח, ניט זיך מיט גוואלד א הויב אין בעט, ווארפט ארויף אויף זיך דאס קליידעל און מיט פערשלאפענע אוי־גען הויבט זי אן טאפען צוקאפענס צו געפינען דאס קענדעל און גיסט אב, זיצענדיג נאך אין בעט, נעגעל וואסער און בענעצט דאס פנים, די אויגען.

דאס קאלטליכע וואסער פערטרייבט איננאנצען איהר שלאף: איהר זיסע פוילקייט רופט נאר ארוים ביי איהר א געניין, אבער זי האט קיין צייט ניט אויסצוגעניצען זיך. דאס הארץ קלאפט איהר

שטאַרקער: טאָמער האָט זי שוין פֿערזאַמט צום ערשטען מנין. זי האָט מורא, אַז דער „הירופּיצער" וועט זיך היינטיגע וואָך ווידער אַרויסדרעהען פֿון איהרע הענט: זי קען זיך נאָך ביז איצט ניט שענקען, פֿאַר וואָס ער האָט זיך פֿאַריגע וואָך אַרויסגעמאַכט פֿון איהר. זי אַליין איז שולדיג אין דעם: אַז מען כאַפּט איהם, קען ער ניט מעיז זיין, און אַז זי האָט איהם ניט געכאַפּט, האָט צוליעב דעם געבער אַן אָרימער געליטען.

„אַ, אַ, נישקשה, פֿאַר זיך אַליין וואָלסטו שוין ניט אַזוי גע־געניצט! באַשר פֿאַר פֿרעמדע מאַכען זיך אַזעלכע סבות!"

און זי האָט שטאַרק מורא, אַז זי האָט שוין היינט ווידער פֿער־זאַמט. אין איינע אייל־ענים זוכט זי אָפּ איהר שטעקען, איהר טאַ־באַקערקע, כאַפּט אַרויף אויף זיך די פּאַטשיילע, נעהמט אַ גרויסען שמעק טאַבאַק און קלאַפּענדיג מיט'ן שטעקען איבער'ן ברוק, לאָזט זי זיך געהן אין שוהל אַריין.

אין שוהל דאַווענט מען שוין אפילו, נאָר איצט געהט „אַנ־הויבענס". פּערעלע קלאַפּט פֿריהער מיט צוויי פֿינגער אין זייט טאַבאַקערקע, ציהט אַריין אַ גרויסען שמעק טאַבאַק, קוקט אַרויס אַ ווייל־ע פֿון עזרת־נשים צו די מאַנסבילען, זעהט, ווער עס איז דאָ און שטעלט זיך אויך דאַווענען.

זי דאַווענט אָבער אָהן כונה, זי מוז אַלע ווייל־ע אַרויסקוקען צו די מאַנסבילען, זעהן אויב פּנים חדשות זיינען ניט אַריין. אַט איז אַריינגעקומען בעריל דער זאַרעטשער, אַן איינגעפֿונדרעוועטער בעל־הבית, חוץ זיין שאַדען אויף אַלע אידען געזאָגט געוואָרען, אָבער אַרויסצוקריגען ביי איהם אַ נדבה דאַרף מען האָבען המצאות, אַזוי איז ער גאָר אַ קנאַפּער „פּותח יד". פּערעלע אָבער ווייסט זיין שוואַכקייט, ער האָט ליעב זיך אויסצופּיינען, און אַז זי געהט אונ־טער צו איהם נאָך אַ נדבה, טהוט זי עס ניט אַנדערש ווי פֿאַר מענ־שען אין די אויגען. אין בית־המדרש, אויבען־אָן, איז אַ גוטער אָרט. זי ווייסט, אַז דאָ וועט זי כאַפּען ביי איהם אַ גוטע פּויטיקע... און געלט דאַרף זי טאַקע איצט חיות ניט זיכער... ניט זינדיגען זאָל מען, די לעצטע צייט האָט זיך דער דלות שרעקליך פֿערשפּרייט... דוכט

זיך. נאר סיינע בעלי־בתים — און דער דלות פייפט אין אלע ווינ־קעלאך.

„ברכו את ד׳ המבורך" דערגרייכט צו איהר דעם בעל־תפילה׳ס קול.

„ברוך ד׳ המבורך לעולם ועד", ענטפערט איהר מויל מעכאַניש, און איהר אויסגעבויגענער רוקען גיט זיך א טיפען רוק צו דער זייט פון ארון־קודש נאר אהן איהר ידיעת, און איהרע געדאנקען ארבייטען ווייטער... דא נים לאנג געבער, ווערען איצט געהמער... זי האט זיך שוין מאוס פערשוולדינגט... נאר האט זי דען געקענט מהאן אנדערש? קען מען דען לאזען א מיידעל זיצען ביז׳ן גרויען צאפ?... אמת, דאס מיידעל איז נים קיין גאטספארכטיגע, נאר א היינטוועלטיגע, דער עולם זאגט, אז זי איז נאר א וואויל קענעווידיגע... ער, ווידער, איז נאר אן אפיקורס... ביי איהר איז א גרויסער ספק, אויב ער וועט נאר דאווענען אין דעם טלית, וואס זי האט איהם געקויפט. נאר וואס וואלט געוועזען דער תכלית פון זייער זיגען?... צוויי מתים, אהן א גראשען געלט ביים לייב און זעעל. גאט ווייסט, וואס ביי זיי וואלט ארויסגעקומען... פאר די כלה׳ס קלייד האט זי נאך ער היום נים בעצאהלט. שווערע צייטען!... זי ווייסט נאר נים, ווי זי וועט זיך דא אויספלאנטערן פון די חובות. איצט פון חובות־צאהלען איז נאר ניטא וואס צו ריידען... זי קען זיך נים צורייסען אויף דאס נויטיגע פאר אלע אביונים... און גראד האט זי איצט שווערע „קונדען"... נים־דריי קימפעטארינס — זייי מ ו ז מען צוזעהן: א פאר היהנער, פוטער, פוטערקוכען, ווי איז אנדערש?... נים־זעקס חולים, דא מוז מען ווייטער נעהען ארום זיי... א נס, וואס דאקטוירים קאסטען איהר קיין געלט נים, אז זי רופט א דאקטאר וועט ער אפילו אין האלבע נאכט נעהן אומזיסט. אז נים, ווייסט זי טאקע נים, ווי זי וואלט זיך אויסגעקרעצועט.

„ונאמן אתה להחיות מתים" האט דערגרייכט דעם בעל־תפילה׳ס קול פון דער מאנסבילשער שוהל, און זי האט זיך גע־שטעלט קדושה.

נאך קדושה האט זיך פערעלע געכאפט, אז זי האלט ביים אנ־הויבענס.

— נ—נאָ! דאַוועגען אפילו, ווי גאָט האָט געבאָטען, קען מען ניט! מעהר ווי מיט קדושות לאָבט מען זיך ניט... שבת נאָר קען זי אמאָל אָפּדאַווענען ווי געהעריג איז, מיט אַלע תחנות און מעמדות. אָבער איז דאָס אויך נאָר אמאָל... עס ווערט זיך שוין געפינען איי־נער, וואָס וועט איהר שטערען, און עס איז זיך גאָר ניט צו ב ע־ה א ל ט ע ן... געהט זי אַוועק אין שוהל, געפינט מען איהר אין שוהל, פערבלייבט זי אין שטוב — זוכט מען איהר דאָ אויך אָפּ... און וואָס איז מען אויף איהר אזוי אָנגעשטאָנען?... וואָס האָט מען צו איהר נשמה?...

„ויהי בנסוע הארון“.

פּערעלע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן ניט טויט ניט לעבעדיג:

„מען נעהמט שוין אויס“.

און זי האָט געשווינד אַ נעהם געטהאָן דעם שטעקען אין איין האַנט, די טאַבאַקערקע און דאָס רויטע נאָז־טיכעל אין דער צוויי־טער און געלאָזט זיך אַראָפּגעהן צו די מאַנסבילען.

זי געהט נאָר צו די ישובניקעס, די שטאָדטיגע דאַרף זי ניט זוכען אין שוהל. זי געהט צו צום ערשטען רייכען ישוב'ניק, פאַר־שטעלען דאַרף זי זיך ניט, מען קען איהר אַרום און אַרום, פון קליין ביז גרויס, פון יונג ביז אַלט, סיי אידען סיי קריסטען, ווי אַ בייזען שילינגער. זי געהט צו, שפּאַרט אָן דעם שטעקען אָן עלענבויגען, נעהמט טרייסלען מיט גרויס אַפּעטיט די טאַבאַקערקע, ציהט אַריין אַ כפול־שמונה'דיגען שמעק־טאַבאַק, גיט אָפּ אַ גוט־מאָרגען און בעמערקט אויפ'ן קול:

שוין אַ צייט ניט געזעהן... זי זאָגט אין דער הויך, כדי די דער־בייאיגע זאָלען הערען.

— ס'טייטש, שוין אַ צייט ניט געזעהן! וואָס רעדט איהר, פּערעלע? פאַר צוויי וואָכען האָבען מיר זיך דאָך געזעהן, געזונט זאָלט איהר זיין, פּערעלע, ענטפערט דער ישוב'ניק אונטערשפּרינ־גענדיג.

— געזונט זאָלען מיר אַלע זיין... נאַר, מחשבות'ן, ביי אייך איז צוויי וואָכען אַ קנאַפּע צייט, און ביי מיר, זעהט איהר, איז דאָס

נאָך, נאָך אַ לאַנגע צייט. איך האָב זיך שוין טאָקע שטאַרק פאַר־בענקט נאָך אייך...

דער ישוב'ניק נעהמט קאַשערען די פעלע. בעקוממ פון די פלודערען דעם טייסטער און גיט אַ פיינע נדבה.

פערעלע נעהט אַרום אַלע בענק, בלייבט נאָר שטעהן, וואו זי דאַרף, וואַרפט אריין, וואו זי נעפינט פאַר נויטיג, אַ וואָרט, און לאָזט זיך געהן איבער די קלויזען זוכען די אַנדערע ישוב'ניקעס...

איהר אייניציגע גאַהרונג, ווען זי דרעהט זיך אַזוי אַרום אַי־בער'ן שוהל־הויף, זיינען די ברכו'ס און די קדושות.

און זי איז מיט זיי זאַט...

# שמואל יאנקעלס הייב־מוטער.

נאך א לאנג־יאהריגען ארומוואגלען איבער פערשיעדענע שטעדט האב איך זיך צוריקגעקעהרט אהיים.

ביי אונז אין שטוב איז געוועזן א ליהודים. לכבוד מיר האט מען אראפגענומען דעם סאמאוואר פון פאליצע, אפגעפולעט איהם און אנגעשטעלט טהיי. די מאמע האט גענומען האקען צוקער, די שוועסטער האט געוואשען גלעזער, און קרובים זיינען געקומען אפ־געבען מיר שלום עליכם.

מיינע צוויי קליינע פלימעניקעס זיינען אויך געווען בתוך הבאים, זיי האבען ניט אפגעטראטען ווייט פון זייער מאמעס פארטוך, האבען זיך צוגערוקט צו מיר בשתיקה און גענומען טא־פען די סחורה פון מיין ראק, און ווען איך האב זיי בעמערקט און געוואלט א גלעט טהאן, זיינען זיי ביידע אפגעשפרונגען צו דער מאמען און איינגעדרעהט זיך אין איהר קלייד.

גאר די נאהענטע קרובים האבען זיך ארומגעזעצט ארום מיר, די ווייטערע האבען נאר געגעבען שלום עליכם, אפגעטראטען עט־ליכע טריט, פערלעגט די הענט אהינטער, געשטאנען אווילע מיט אויסגעשפיצטע אויערען און געזאגט א גוטע נאכט.

ענדליך איז אריינגעקומען מיין פעטער שמואל יאנקעל, איינ־געבויגען אין דרייען מיט די הענט אויפ׳ן בויך.

— וואס האסטו זיך איצט געדארפט שלעפען? האט איהם די מאמע געפרעגט. — כא׳וואלסטו בעסער ליגען.

— און דו מיינסט, אז פון ליגען ווערט מיר בעסער? האט ער געענטפערט, ניט אפנעמענדיג די הענט פון בויך.

— זעצט זיך, פעטער, האב איך איהם אפגעטראטען מיין שטול, — זעצט זיך.

— זיץ, זיץ, נישקשה, איך קען בעשטעהן.

איינער פון די געסט האט זיך אויפגעהויבען און אפגעטראטען איהם זיין פלאץ. ער האט זיך געזעצט אויף יענעמס פלאץ און ניט אפגענומען די הענט פון בויך.

— וואס איז אייך, פעטער, אזוינס געשעהן?

— פרעג נאר נים. דאס איז אן אלטע קריינק. עס כאפט מיר אן ציימענווייז.

— וואס פארט איז דאס אזוינס?

— אט, דו ביזט איצט פון וועג און איך וועל דיר דרייהען א קאפ מיט קראנקהייטען. נאר נים.

— האט איהר געפרעגט וועגען דעם ביי א דאקטאר?

— וואס איז פאראן צו פרעגען ביי א דאקטאר? זיי זיינען אויף אזעלכע זאכען קיין מבינים נים.

ער האט מיך פאראינטערעסירט מיט זיין קראנקהייט, און איך האב גענומען צו איהם צושטעהן.

— וואס הייסט א דאקטאר איז קיין מבין נים? ווער דען, אז נים א דאקטאר קען פארשטעהן א קריינק?

— יא, דו ביזט גערעכט, א קריינק פערשטעהען זיי, און אויף זיין געזיכט האט זיך בעוויזען א קראנקער שמייכעל.

— איך מיין ערנסט. וואס איז אייך אזוינס?

— די הייב־מוטער איז ביי מיר נים אויף אן ארט...

— די וואס? האב איך געפרעגט פערוואונדערט.

— די הייב־מוטער.

— די הייב־מוטער? — האב איך איבערגעפרעגט און נים גע־גלויבט מיינע אויערען.

— יע, די הייב־מוטער. עס טרעפט מיר זעהר אפט, אז די הייב־מוטער הויבט זיך אן צו דרייען און מיר קעהרט איבער די גאנצע איינגעווייד.

— ווער האט דאס אייך אזוי געזאגט?

— וואס הייסט, ווער האט מיר געזאגט? וואס בין איך אן עיפעלע, וואס מען דארף מיר זאגען? האט ער מיר געפרעגט, ווי בעליידיגט און אפגענומען איין האנט פון בויך און א גלעט געטהאן

זיין לאַנגע באָרד, ווי ער וואָלט מיר מיט דעם וועלען ווייזן, אַז ער איז שוין אַ בעיאהרענטער איד.

— אָבער ווי קומט איהר צו אַ הייב־מוטער? — האָב איך געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

— סטייטש, וואָס הייסט, ווי קום איך? וואָס בין איך קיין מענש ניט?

— איהר קענט דאָס ניט האָבען, ווייל דאָס געהערט צום ווייבליכען געשלעכט.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

איך האָב ווידערהאָלט.

— איך פערשטעה ניט, וואָס דו מיינסט, האָט ער געענט־פערט.

— הייב־מוטער׳ס האָבען נאָר נקבות, אָבער ניט קיין מאַנס־ביל.

מיין פעטער האָט זיך צולאַכט.

— ווי קומסטו צו זאָגען אַזאַ נאַרישקייט? אויף דיר וואָלט איך זיך אסור, ניט ריכטען. וואָס בין איך איינער וואָס איך האָב עם?

עטליכע געסט האָבען פּאַטאַקעוועט זיינע ווערטער און דער־צעהלט מיר, אַז זיי טרעפט דאָס אויך.

— אָבער איך זאָג אייך, אַז איהר קענט אַזאַ זאַך ניט האָבען.

— אָבער זיי זיינען אַלע מיט איין שפּרוך, האָט ער זיך גע־ווענדעט צו דער מאַמען. דערצעהל אַ דאָקטאָר, אַז די הייב־מוטער האָט זיך געריהרט, לאַכט ער דיר אויס.

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו מיר:

— פרעגט ניט דעם רופא, פרעגט בעסער דעם חולה. מיר איז דאָס ניט דאָס ערסטע מאָל, אין אַ גוטע שעה צו רעדען און אַ בייזע צו שווייגען, ווי נאָר דאָס כאַפּט מיר אָנעט, שיק איך רופען זעליג איציג דער בעדער און ער שטעלט מיר אַ גלאָז און דאָס נעהמט אַוועק די ווייטאָגען, ווי מיט דער האַנט. ער ברענגט גלייך די הייב־מוטער אויף אָן אָרט. ער האָט אַ גרינגע האַנט...

— פאַר וואָס האָסטו איהם היינט ניט גערופען? פרעגט איהם די מאַמע.

— איך האָב איהם געשיקט רופען. איז ער ניט געווען אין רערהיים. ער וועט מסתמא באַלד קומען.

אין דער מינוט האָט זיך די טהיר געעפענט און איינער א אינ־געל איז אריינגעקומען. ער איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— מאַמע, זעליג איציק איז געקומען. ער וואַרט אויף דיר.

ער האָט מיר גלייך געזאָגט א גוטע נאַכט און איז אַרויס.

ווען אלע איבעריגע געסט זיינען זיך צוגאַנגען, האָט זיך די באָמע צו מיר געווענדט און געזאָגט:

— זאָג דאָס ניט ווייטער, קינד מיינס, מען וועט פון דיר לאַכען. מיר האָט פשוט דער פנים געברענט פאַר בזיון. ווען דו האָסט דאָס געזאָגט... מען טאָר אוים'ן איינעגעם שכל ניט שטע־לען, א וועלט איז ניט משוגע און אז שמואל יאַנקעל דערצעהלט, אז ביי איהם דרעהט זיך די הייב־מוטער, וועט ער פון קאָפ ניט אויסקלערען. ניט ער איז דער ערשטער, ניט ער איז דער לעצטער. וואָס ליידט דערפון, זאָג דאָס ניט ווייטער...

# פערשאָלטען געלט.

מיר זיינען געזעסען אין א קאַוויאַרנע נאָך א טהעאַטער פאָר־שטעלונג און האָבען דעבאַטירט וועגען דעם נייעם שטיק. דער זייגער האָט שוין געוויעזען אויף נאָך צוועלף נאָך האַלבע נאַכט, נאָר אין קאַוויאַרנע האָט אויסגעוויעזען, אַז דאָ האָט זיך ערשט דער טאָג אָנ־געהויבען. אַלע טישלאַך זיינען געווען פערנומען, די געסט האָבען ניט געוויעזען קיין שפור פון מיעדקייט, פערקעהרט, די אויגען האָבען געבליצט ווי די דימענטען ביי די אַקטריסעס, די פּנים׳ער זיינען געווען דערוואַרעמט, די בעוועגונגען פריש און מונטער, הייסע דעבאַטען האָבען אָנגעפילט די לופט מיט קולות, און סאַטירישע בעמערקונגען זיינען געשפּרונגען פון איין טישעל צום צווייטען. און די פערזאַמלונג האָט אויסגעזעהען ווי איין גרויסע פאַמיליע.

די לעבעדיגקייט און די מונטערקייט פון די געסט האָט אויך אָנגעשטעקט דעם ווירט, וועלכער איז געשטאַנען מיט פערלעגטע הענט אהינטער, מיט א פרעהליכען פּנים און געוויעזען א שמייכעל ביי יעדער בעמערקונג פון אַן אנגעזעהענעם אַקטיאָר. אויך די קעלנער האָבען זיך געדרעהט ארום די טישלאַך מיט א גרעסערער ריהרעוודיגקייט און געוויעזען מעהר העפליכקייט ווי געוועהנליך.

די הענגערס האָבען אויסגעזעהען גאָר יום טוב׳דיג, צוליעב די עטליכע צילענדערס וואָס זיינען אויף זיי געהאַנגען, און בכלל האָט דער עולם געהאַט א מעהר יום־טוב׳דיגען אויסזעהען.

ארום אונזער טישעל, וואָס איז געווען וויטליך פון טהיר איז געווען רוהיגער. מיינע שכנים פון טישעל זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען בייגעוואוינט די געבורט פון דער ביהנע, און אַלץ וואָס זיי האָבען איצט געזעהען האָט ניט מעהר ווי געדיענט אַלס א פאָר־גלייך מיט די אַמאָליגע צייטען.

— נו, האבען מיר זיך נערעכט, — האט זיך אנגערופען איי־נער מיט איינגעשרומפענע באקען און איינגעגראבענע אויגען. וועל־כער איז געוועזען עפעס א מין חפץ אין די אידישע טהעאטערס — אז אמאל וועט קומען א צייט ווען א אידישע אקטריסע וועט זיין בערעקט מיט אזוי פיעל דימענטען און אמת'ע דימענטען. דו גע־דענקסט ווי נ... האט ארומגעטראגען אין רומעניען לימאנאר? זי איז געוועזען א שעהנע ווייבעל!

— אט שטעהט א גרויסער אטאמאביל און ווארט אויפ'ן שטערן — האט זיך אנגערופען א צווייטער, א געוועזענער אקטיאר און אין אונזער צייט האט אפילו א שטערן ניט געקענט דערוויזען צו פאהרען פון איין שטאדט אין דער צווייטער מיט א פוהר און ער האט געמוזט איינשפאנען זיינע אייגענע צוויי פערד.

— זעהט איהר, דערפאר זיינען די צילינדערס אזוי אלט ווי די אידישע ביהנע, — האט זיך אריינגעמישט א דריטער. — פורציעס האבען זיך שוין דעמאלט פערגינגען צו טראגען צילינדערס. ארער ווי מיר פלעגען זיי דעמאלט רופען: „טשאלענט טעפ", און זיי זיינען דעמאלט טאקע געווען אזוי פערשמאלצען ווי טשאלענט טעפ.

— און דאך איז דעמאלט געוועזען א גוטע צייט, — האט ווי־דער געזאגט דער ערשטער. — איהר גערענקט, ווי אין בוקארעסט האט זיך אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה געשא־טען געלט איבער די גאסען. אט דאס איז געוועזען א גאלדענע צייט. די פאדריאטשיקעס פלעגען אראפקומען אין טהעאטער מיט אזעלכע געשוואלענע גארטלען (ער האט דערביי אפגעמאסטען מיט ביידע הענט, האלטענדיג איין האנט ווייט פון דער אנדערער), א רובעל האט געהאט א סך א קלענערען ווערטה ווי דא א גראשען.

— א פראגע צו איך גערענק, — האט געזאגט דער געוועזענער אקטיאר און עטוואס אנגעבויגען דעם קאפ אז א זייט און לאנגזאם גערערעהט מיט איהם, אזוי ווי ער וואלט וועלען געבען דערמיט צו פערשטעהן אז דעמאלט האט ער געשמאליעט א מדינה.

— צו וואס מען האט זיך צוגעריהרט איז דערפון געווארען גאלד. מען האט ניט געדארפט האבען קיין בריות, קיין קאפ־

דרעהער, יעדער האָט געקענט מאַכען געלט, האָט ווידער געזאָגט דער ערשטער מיט אַ בעהאַלטענעם זיפּץ, פאַר וואָס ער האָט ניט גע־וואוסט ווי אויסצונוצען אזא גאָלדענע געלעגענהייט.

— יאַ, מען האָט געמאַכט געלט, — האָט זיך אָנגערופען אַ דריטער, ציהענדיג די ווערטער, ווי ער וואָלט זיך בשעת מעשה עפּעס דערמאָנט. — יאַ, מען האָט געמאַכט געלט, נאָר דאָס געלט איז געווען פערשאָלטענס.

— אמת, ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען, — האָט אונטער־געכאַפּט דער געוועזענער אקטיאָר מיט אַ ווארעמקייט. איך האָב שטענדיג געטראַכט, אַז דאָס איז געווען פערשאָלטען געלט.

— אויב איהר מיינט, אַז דאָס געלט האָט קיין קיום ניט גע־האַט, — האָב איך געזאָגט צום דריטען, — איז דאָס גאַנץ נאַטיר־ליך. געלט וואָס קומט אָן גרינג געהט אוועק גרינג.

— ניין, איך מיין טאַקע פערשאָלטען געלט. עפּעס אַ קללה איז געווען אויף דעם געלט. איך רייד ניט וועגען דעם תכלית, וואָס ביעלע פּאַדריאַטשיקעס האָבען געמאַכט פון זייערע לייכטע פער־דיענסטען. איך געדענק, ווי פיעלע זיינען געקומען פון סיסטאַוואַ אַ לעב צו טהאָן אין בוקארעסט, זיי האָבען געבראַכט אָנגעשטאָפּטע גאַרטלען און אין וועלכע עטליכע טעג זיינען זיי אוועק בשן ועין. איך האָב אליין געזעהען איינעם, וואָס האָט געמאַכט אין דער מלחמה אודאי הונדערט טויזענד רובעל, און דער סוף איז געווען, אַז ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָהרען אהיים, און דאָס ווייב האָט איהם געמוזט שיקען אויף הוצאות. נאָר וועגען דעם רעד איך ניט. איך מיין טאַקע פערשאָלטען געלט.

— יאַ, יאַ, — האָט ווידער אונטערגעכאַפּט דער געוועזע־נער אקטיאָר, טאַקע אמת פערשאָלטען געלט.

דער דריטער איז אויף עטליכע סעקונדען אַנטשוויגען געוואָ־רען, האָט גענומען זיין האַלב אָפּגעטרונקענע גלאָז טהיי, עטליכע מאָל אַ זופּ געטהאָן און דאַן געזאָגט:

— איך וועל אייך דערצעהלען אַ טראַגעדיע וואָס איהר האָט נאָך אויף דער ביהנע ניט געזעהן, און דאָס איז אַן אמת'ע מעשה, ביי מיר אין שטעדטעל האָט עס פּאַסירט, און אַז איהר וועט הערען

די מעשה, וועט איהר אליין זאגען, אז עפעס א קללה איז געווען אויף יענעם געלט.

דער געוועזענער אקסיאר האט זיך אנגעהויבען צו דרעהען אין זיין שמוהל פון געשפאנטער אונגערוהר און האט אויסגע־שפיצט נאז און אויערען.

— איך בין אליין א ק...גער. פאלטאווער גובערניע, — האט אנגעהויבען דערצעהלען דער דריטער. — און ווען די מלחמה האט זיך אנגעהויבען, האט יעדער ביי אונז אין זיך רוסלאנד דערפיהלט עפעס א מין פיעבער. וואו צוויי האבען זיך בעגעגענט, האט מען קיין אנדער זאך ניט געהערט, ווי ארמיע און ארמיע. מיט יעדער נייער דיוויזיע וואס איז פארביי אונז דורכגעגאנגען איז אלץ שטאר־קער געווארען דער באנגעהר צו געהן נאך דער ארמיע. די סאלדא־טען און אפיציערען האבען אלץ פערצוקערט, מען האט ארום זיי געמאכט געלט ווי בלאטע און מען האט זיך געדארפט פיהלען א קאליקע, אז מען זאל ניט וועלען פערזוכען פון דעם גרינגען געלט.

ער האט אנגעקלונגען מיט'ן טהיי־לעפעלע אן טעצעל און ווען דער קעלנער איז צוגעגאנגען האט ער בעשטעלט א ציגאר.

פון אונזער שטעדטעל איז מען געלאפען נאך דער ארמיע, ווי מען לויפט איצט קיין אמעריקא. קיינער האט זיך ניט געפרעגט, וואס וועט ער טהאן. דער וואס האט געהאט אביסעל געלט, האט געגלויבט, אז ער וועט וועלטען איבערקעהרען, און דער וואס האט קיין געלט ניט געהאט, האט געגלויבט אין זיין חכמה, בריה'שאפט. איך בין נאך דעמאלט געווען א שנעק, און איך האב אויך געמיינט, אז מען דארף נאר געהן נאך דער ארמיע און קלייבען דאס געלט וואס וואלגערט זיך דארטען.

ער האט גענומען דעם ציגאר, וואס דער קעלנער האט גע־בראכט, אפגעביסען דעם שפיץ מיט די צייהנער און נאכ'ן פאר־רויכערען גענעבען א פאר ציה און ווייטער דערצעהלט.

— ביי אונז אין שטעדטעל איז געווען א יונגער מאן, ער האט געהאנדעלט מיט תבואה. אט שטעהט ער פאר מיינע אויגען: א הויי־כער, א דארער, מיט א קליין שווארץ בערדיל, זיין באלאט שטענדיג פערנאנדערגעשפילעט, זיין היטעל אריבערגערוקט איבער'ן שטערן

און וואו נאָר ער האָט געזעהן אַ וואַגען איז מארק, פלעגט ער צו־געהן, אַ טאַפּ טהאָן די סחורה, און אַז קיין תבואה איז ניט געווען, האָט ער פון אונטען בעקומען אַ שטרוי, אָפּגעבראָכען אַ שטיקעל, אריינגעשטעלט עס צווישען די צייהנער און אַזוי מיט'ן שטרוי ארומ־געגאַנגען, ביז ער איז צוגעקומען צו אַן אנדער פוהר. דאָרטען פלעגט ער דעם שטרוי אַוועקוואַרפען, אָנשפּאַרען איין פוס אויפ'ן ראָד פון וואַגען, אויספרעגען דעם פויער וואָס פאַר אַ סחורה ער האָט, ווידער ארויסשלעפּען אַ שטרוי פון אונטען און לאָזען זיך ווייטער געהן מיט'ן שטרוי אין מויל.

— איך ווייס ער היום ניט, צי דאָס איז געווען אַ רגילות אָדער דער שטרוי אין מויל איז געווען אַ מין שילד פון אַ תבואה־הענדלער. קיין גרויסע געשעפטען האָט ער ניט געמאַכט, זיין גאַנצער געשעפט איז געווען מאָנטאָג אין מארק־טאָג, און ער האָט מסתמא קוים געמאַכט אויף זיין הוצאה. קיין גרויסער בעל הוצאה איז ער ניט געווען. עס איז געווען אַ יאָהר פיער נאָך זיין חתונה און ער האָט געהאַט איין קינד, אַ מיידעלע. פון דעם נדן איז איהם מסתמא געבליבען עטליכע הונדערט רובעל, און ווען עס איז געוואָרען די מהומה פון לויפען נאָך דער ארמיע, איז ער געווען פון די ערשטע צו לויפען.

— איך האָב איהם די ערשטע צייט געזעהן אין בוקארעסט. ער האָט נאָך דעמאָלט אויך געהאַלטען אַ שטרויעלע צווישען די צייה־נער, זיין כאַלאַט איז נאָך אַלץ געווען פערגאַנדערגעשפּיליעט און זיין היטעל אראָפּגערוקט איבער'ן שטערען. די עטליכע הונדערט רו־בעל האָט ער גע'פּטר'ט גלייך. איהר ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ יקרות דאָרטען איז געווען. מען האָט געריסען אַ פּאַס אויף וואָס די וועלט שטעהט, און עטליכע הונדערט רובעל האָבען ניט געקלעקט אויף אַ צאָהן. ער האָט דעמאָלט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ הונגעריגען וואָלף. איך האָב מסתמא אויך געמאַכט דעם דאָזיגען איינדרוק אויף אנדערע, עס האָט געקענט ביי אבי וועמען ארויס־רופען אַ שארפען אַפּעטיט. ווען מען האָט געזעהען, ווי גאָלד איז געפלאָסען אין אלע זייטען, און מען האָט נאָר געדאַרפט כאַפּען דעם קונץ, ווי אַזוי איינצובויגען זיך און שעפּען דאָס גאָלד.

שפעטער האב איך איהם פערלארען פון די אויגען און איך האב איהם אין א היבשע צייט ארום ווידער געטראפען אין בוקא־רעסט. ער האט זיך אין גאנצען געענדערט. ער איז איצט שוין געווען א גאנצער פראנט, קיין שטרויעלע אין מויל האט שוין ניט געשטעקט, דאס היטעל איז איצט שוין געווען ווייט ארויסגערוקט, די עלענבויגענס זיינען געווען אויסגעשטעלט. איך האב איהם גע־זעהן אין אידישען טהעאטער. איך האב איהם געזעהן אין טראקטי־רען, נאר ניט דער זעלבינער שמואל בעריל, וואס איך האב גע־קענט. האב איך אייך געזאגט, אז ער האט געהייסען שמואל בעריל? דאס איז געווען זיין נאמען. איך וואלט קיינמאל ניט גע־גלויבט, אז א מענש קען אין אזא קורצער צייט אזוי געענדערט ווערען. ער איז פאר מיר געווען פשוט א וואונדער.

ער האט א פאר מאל א ציה געטהאן דעם ציגאר. נאר ער איז שוין געווען אויסגעלאשען. ער האט מיט'ן לעפעלע אנגעהויבען קלאפען אן טעצעל, און דער געוועזענער אקטיר, האט פון אונגע־דולדיגקייט אויך אנגעהויבען צו קלאפען אן זיין טעצעל און אן גלאז, כדי גיכער צו ציהען די אויפמערקזאמקייט פון דעם קעלנער און מאכען די הפסקה וואס קירצער. ווען דער קעלנער האט גענומען די בעשטעלונג אויף טהיי, האט דער דריטער ווייטער דערצעהלט.

— פון זיין געשוואלענעם גארטעל איז געווען גרינג צו זעהען, אז ער האט געכאפט דעם קונץ ווי צו מאכען דאס געלט. דער איינדרוק וואס ער האט אויף מיר געמאכט איז געווען, אז ער איז ניט געקומען, ווי די אנדערע, צו לעבען א גוטען טאג און אויס־ברייגגען געלט, נאר צו ווייזען אז ער האט שוין די ממתקים. ער איז געווען זעהר קארג מיט'ן רובעל, אין קארטען האט ער ניט געשפיעלט און ער האט זיך פערגונען נאר אזעלכע פערגניגענס, וואס האבען קיין סך ניט געקאסט.

דער קעלנער האט געבראכט פיער גלעזער טהיי, און אזוי ווי דער דערצעהלער האט אנגעהויבען זופען זיין טהיי. האבען מיר אלע געפאלגט זיין ביישפיעל. דער געוועזענער אקטיאר איז געווען אביסעל ענטטוישט. ער האט ערווארט צו הערען עפעס איבערנא־

טירליכעס, און צום סוף איז דאָס דערוויייל געווען אַ גאַנץ געוועהנ־ליכע מעשה.

— מיין לאַנדסמאַן איז באַלד ווידער פערשוואונדען, און איך האָב זיך מיט איהם געטראָפען שוין ביים צוריקקעהרען זיך אַהיים, און אַזוי ווי מיר זיינען געווען לאַנדסלייט, זיינען מיר געפאָהרען צוזאַמען. אויפ׳ן וועג האָבען מיר זיך גוט בעפריינדעט. ער האָט געפיהרט מיט זיך אַ היבשען קאַפּיטאַל, און אַזוי ווי איך בין צו־ריקגעפאָהרען כמעט ווי מיט לעדיגע הענט, האָט ער מיר אָפּט אויפ׳ן וועג מכבד געווען מיט דער ברייטער האַנט. ער איז גע־ווען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל. וואו נאָר מען האָט עפּעס געקאָנט צובייסען פלעגט ער מיר אויפ׳ן פּאַני בראַטסקי׳ן אופן אַ קלאַפּ טהאָן אין אַקסעל און זאָגען: „נו, שלים־מזל׳ניק, קומט, מיר וועלען עפּעס אַ כאַפּ טהאָן". דערביי איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז ביים אָנהויב פון דער נסיעה איז ער געווען אין גאַנצען דורכגע־דרונגען מיט׳ן גייסט פון דעם גרינג פערדיענטען געלט, און זיין אָפּענע האַנט איז גע׳ועזן ברייט פערנאַנדער־געעפענט. דאָס הייסט אַזוי ברייט, ווי ער האָט זיך פערגונען אין סיסטאַוואָ אָדער אין בוקאַרעסט בשעת דער מלחמה, ווייל איך האָב שוין אייך פריהער געזאָגט, אַז אַנטקעגען די אַנדערע פּאָדריאַדטשיקעס איז ער געווען אַ קמצן. זיינען מיר פערפאָהרען אין אַ האָטעל אָדער אָפּגעשטעלט זיך אין אַן אכסניא און מען האָט אונז גערעכענט אַ מענשליכען פּרייז, פלעגט ער ענטהוזיאַסטיש בעמערקען: „דאָ קען מען זיך דאָך פערגינען אַ לעב טהאָן", און וואָס פאַר פּרייזען מען האָט ניט גע־רעכענט איז אַלץ אויסגעקומען אַ גוואַלדיגע מציאה. נאָר וואָס נעהענטער מיר זיינען צוגעקומען צו דער היים, אַלץ שטייפער האָט זיך פערמאַכט זיין האַנט און אַלץ ווייניגער האָט ער זיך געוואונ־טערט זיך אויס פון דער שכרות פון די גרינגע פערדיענסטען. אפילו
טערט זיך אויס פון דער שכרות פון די גרינגע פערדיענסטען. אפילו
דאָס היטעל האָט זיך גענומען אַלץ מעהר אַרונטעררוקען צום שטערן.

אויפ׳ן וועג האָט ער אָנגעקויפט היבשע מתנות פאַר דעם ווייב און פאַר זיין מיידעלע. „זי דאַרף שוין זיין אַ גרויסע מויד!" האָט

ער צו מיר געזאגט. ווען ער האט פאר איהר געקויפט א גאנצען גארדעראב.—„הא, וואס זאגט איהר? האט מען ביי אונז ווען געזעהען אזעלכע אטלאסענע שיכעלאך, אזעלכע זיידענע זעקעלאך?“ האט ער מיר זיי געוויעזען און האט פון זיי משונה הנאה געהאט, א סך מעהר ווי פון די שטיקער זייד און לייוואנד און טוך און קרעלען וואס ער האט איינגעקויפט. „נאר וואס קען א בחור פערשטעהען פון אזעלכע פערגעניגענס“, האט ער מיך גע'מוסר'ט. „ווען איהר וואלט געווען א בעווייבטער, וואלט איהר איצט ניט צוריק געקעהרט זיך „מיט'ן בייטש“ אהיים. מען ארבייט נאר אנדערש און מען ווייסט פאר וואס מען ארבייט“.

— אין אונזער שטעדטעל זיינען מיר אנגעקומען שוין שפעט אין דער נאכט. קיין באהן איז דורך אונזער שטעדטעל ניט נעגאנגען, און מיר זיינען געקומען אויף א שליטען. איך געדענק די נאכט ווי איצט. א שטילע פראסטיגע נאכט. דער שניי איז געלעגען טיעף אויף די גאסען און אויף די דעכער. אנטקעגען דעם ווייכען הינטערגרונט פון דעם שניי האבען די קליינע הילצערנע הייזלאך אויסגעזעהען ווי שווארצע קברים. די שטעדטעלדיגע האבען שוין לאנג געשלאפען אונטער ווארעמע פערינעס. די גאסען זיינען געווען אויסגעשטארבען. קיין לעבעדיגען מענשען האט מען ניט געזעהען. ערגעץ האט א הונט פויל געבולען, דערהערענדיג, ווי אונזער שליטען האט געשניטען דעם איינגעפראהרענעם שניי. ווען דער שליטען האט זיך אפגעשטעלט פאר שמואל בעריל'ס הויז, האט זיך אין שטוב גלייך בעוויעזען א ליכט, און איידער שמואל בעריל איז ארויסגעקראכען פון שליטען און אויסגעגלייכט זיינע ביינער, האט זיך די טהיר געעפענט און שמואל בעריל'ס ווייב האט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל.

— קומט אריין צו מיר! — האט זיך צו מיר געווענדעט שמואל בעריל. — מיין ווייב האט מסתמא אנגעגרייט כבוד. דאס שטעדטעל וועט זיך דערוויייל אויפכאפען — און איהר וועט נאכדעם אריבערגעהן אהיים.

— דאס שלאפענדע שטעדטעל האט אויף מיר געמאכט א שווערען איינדרוק. איך האב געפיהלט ווי דער פליגעל פון מלאך

המות האָט איבער מיר אַ פּאַך געטהאַן. עס האָט אויף מיר שטענדיג געמאַכט אַ שווערען איינדרוק אַ ווינטער־נאַכט אין אונ־זערע מקומות, ווען אומעדום זיינען די ליכט אויסגעלאָשען. אַ חוץ דעם האָב איך דערפיהלט די חרפה דערפון, וואָס איך האָב זיך צו־ריקגעקעהרט מיט'ן בייטשעל. איך האָב זיך דאריבער ניט געלאָזט בעטען און בין אריין צוזאַמען מיט שמואל בערלען צו איהם אין שטוב.

— זיין ווייבעל איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל פון שמחה. זי האָט זיך ווי אַ ווינט ארומגעדרעהט איבער'ן שטוב און האָט אנגעשטעלט אויפ'ן טיש אלץ, וואָס זי האָט געהאַט אין שטוב. זי האָט זיך גערעכט אויף איהר גאַסט און האָט שוין געוואוסט, אַז ער פיהרט מיט זיך אַ פיינע פּוטיקי. אַזוי גיך ווי ער האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפען דעם פּוטער, האָט ער זיך געווענדעט צום ווייב און געזאָגט: „איצט האָב איך פאַר דיר אַ שטיקעל ארבייט: בינד פערנאַנ־דער מיין גאַרטעל, און שלעפּ ארויס וואָס דו וועסט געפי־נען", און מיט אַ וואונק האָט ער צוגעגעבען: „דו וועסט זיך ניט נאַרען". זי האָט מיט ציטערענדע הענט אָפּגעבונדען דעם גאַרטעל און ארויסגעשלעפּט אַ פּאַק אסיגנאַציעס, איבערגעבונדען מיט אַ שנירעל, און דערביי האָט זיך ביי איהר ארויסגעריסען אַ זיפץ פון ערלייכטערונג. „קלענערע ווי הונדערטער זיינען אין דעם פּעק־קעל ניטאָ. מיר וועלען האָבען אַ שווערע ארבייט, אַז מיר וועלען דאַרפען דאָ בייטען אַזעלכע אסיגנאַציעס". ער האָט איהר גע־לאָזט אַ ווײַלע האַלטען דאָס פּעקעל, דאַן האָט ער עס גענומען פון איהרע הענט, געדרעהט עס אין דער לופטען, געוואָרפען עס אין דער הויך און אונטערגעכאַפּט און אויף אלערליי אופנים ארויסגע־וויזען זיין שמחה מיט'ן פּעקעל אסיגנאַציעס. דערנאָך האָט ער אנידערגעלעגט דאָס אויפ'ן טיש און, ווענדענדיג זיך צו מיר, גע־זאָגט: „וואָס שטעהט איהר ווי אַ פּער'חלום'טער, זעצט זיך צום טיש און לאָמיר מאַכען לחיים".

„איך האָב זיך ניט גערעכט, אַז דו וועסט אַזוי שפּעט קומען,— האָט די ווייב געזאָגט צו שמואל בעריל — און איך האָב אָפּגע־

לאזט דאס פייער אין אייוועלע. איך וועל אריינוואַרפן א פּאר פּאלענעס און עס וועט באלד ווערן ווארעם.

— עס האט לאנג נים נערוויערט און דאס פרעהליכע קנאקען פון דעם האלץ האט זיך געהערט פון דעם אייוועלע. וואס איז גע־שטאנען נים ווייט פון טיש.

„זאל איך אויפוועקען דאס קינד? — האט די ווייב נעפרעגט.

— דו האסט בעראכט זעהן ווי זי איז, אהן עין הרע, אויסגעוואק־סען. זי האט אלץ געפרעגט, ווען וועט דער טאטע קומען?“

„א רחמנות אויפ'ן קינד, זאל זי שלאפען“ האט שמואל בעריל געענטפערט.

— נאר דאס ווייב האט נים נעקאנט איינרוהען. דער אנבליק פון דער פעקעל אסיגנאציעס האט איהר ווי שכור געמאכט פון פרייד. זי האט זיך ענדליך נים געקאנט איינהאלטען און האט אריינגע־בראכט דאס קינד, א מיידעלע פון א יאהר דריי, א פערשלאפענע און דערלאננט עס דעם טאטען.

— און ווען די ערשטע שמחה איז אריבער, האט זיך שוין דאס קינד אויסגעטשוכעט און די שמחה פון די ארומיגע האט זיך אויך אנגעשטעקט אן איהר. זי איז געלאפען פון טאטען צו דער מאמען, און פון דער מאמען צום טאטען און אין שטוב איז געווא־רען א ליהודים.

— איך בין נאך געזעסען א היבשע צייט און אונטערגעהאל־פען שמואל בעריל, ווען ער האט דערצעהלט, וואס פאר פרייזען מען האט געריסען פון די אנגעלאפענע, און זי האט יעדע מינוט פערביסען די ליפען פון פערוואונדערונג און געשאקעלט מיט'ן קאפ, ווי וועלענדיג ווייזען, אז דאס איז שווער צו גלויבען, אז מענ־שען זאלען זיין אזעלכע בייטעל־שניידער און רעכענען 10 רובעל פאר א קליינעם צימער צום שלאפען, צוויי—דריי און פינף רובעל פאר א פארציע פלייש. א רובעל פאר א סאמאוואר וואסער, און נאך א רובעל ווען מען האט געדארפט דעם סאמאוואר דערגרי־טען. „וואו איז דאס געהערט געווארען אזא זאך אין דער וועלט!“ האט זי אלע ווייle אויסגעשריען. און ווען איך האב זיך געזעגנט, און בין אוועק צו מיינע עלטערן, איז דאס פעקעל אסיגנאציעס גע־

לעגען אויפ׳ן טיש איבערגעבונדען מיט׳ן שנירעל, דאָס פייער אין אייוועלע האָט געברענט פיין, א ווארימקייט האָט זיך פערשפרייט איבער׳ן גאנצען הויז, די מיידעלע האָט זיך געשפּיעלט לעבען איי־ווערע און שמואל בעריל האָט געהאלטען אין דערצעהלען זיין ווייב, ווי אזוי אין סיסטאַוואָ האָט ער אָנגענומען א פּאָדריאד צוצושטעלען שטיינער, צו לעגען א וועג פאר דער ארמיע, און ווי אזוי אנשטאָט צו האקען די שטיינער פון פעלזען, האָט ער געהייסען זייערע „פּאָגאַנצים" אז זיי זאָלען בעסער פערנאנדערנעהמען די שטיינערנע הייזלאך, פון וועלכע די טערקען זיינען אנטלאָפען, און אוועקפיהרען די דאָזיגע שטיינער, וואו מען דארף.

— ווען איך בין ארויס אין גאס, האָט זיך שוין אין עטליכע הייזער געזעהען א ליכט און שמואל בערעלס שכנים האָבען זיך שוין מסתמא געקליבען לויפען צו איהם הערען נייעס.

— איך האָב נאָך ניט איינגעדרעמעלט, ווען איך האָב דערהערט משונה׳דיגע קולות אין גאס. דאָס גאנצע שטעדטעל האָט באלד ערוואכט, אומעדום האָט זיך בעוויעזען א ליכט, טהירען האָבען זיך געעפענט און פערמאכט האסטיג און יעדער האָט געפרעגט: „וואָס איז געשעהען? וואָס איז געשעהען?" איבער׳ן איינגעפראָרענעם שניי האָט זיך געהערט א געלאָף פון פיעלע פיס.

איך בין אויך ארויסגעלאָפען. די ערשטע עטליכע מינוט האָב איך בשום אופן ניט געקאָנט דערגעהן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. מענער, ווייבער, קינדער זיינען געלאָפען, אייניגע האָבען געהאלטען אין פערשפיליען זייערע קליידער, אייניגע האָבען זיך לויפענדיג געמאטערט ארייננפאלען מיט דער האנט אין אן איבערגעקעהרטען ארבעל, דער האָט פערגעסען אָנצוטהאָן א היטעל און יענע האָט זיך ניט דערמאָנט, אז זי טראָגט ניט דעם פארוק און אז די גרויסע פאטשיילע פערדעקט ניט דעם גאנצען קאָפּ און פון פאָרענט זעהען זיך ארויס האר, וואָס זיינען אלט צוויי־דריי וואָכען. אויף מיין פראַגע, וואָס איז געשעהען, האָט זיך קיינער ניט אָפּגעשטעלט צו ענטפערען, און אייניגע האָבען לויפענדיג געענטפערט: „מען לויפט" אזוי ווי דאָס וואלט געדארפט געבען אן ענטפער אויף דער פראגע. א אידענע האָט אויסגעסאָפּעט: „עס ברענט", א אינגעל

האט אויסגעשריען : „נע'חרת'עט" און ניט וויסענדיג, וואס עס
טהוט זיך, בין איך אויך נעלאפען גלייך מיט אלעמען.

— פאר שמואל בערעלס שטוב איז געווען פערזאמעלט דאס
גאנצע שטעדטעל. מען איז געשטאנען פאר'ן הויז, מען איז גע־
שטאנען אין טהיר, און עס איז געווען גריננ צו זעהן, אז אין שטוב
איז אויך געווען פול. ליפא דער שניידער, שמואל בערעלס נא־
הענטסטער שכן, א דאר אידעל מיט א שיטער בערדעל, איז גע־
שטאנען מיט'ן ווייבס זאק ארומגעבונדען ארום האלז און האט
שטארק געמאכט מיט די הענט און עפעס דערצעהלט. ארום איהם
האבען זיך געשפארט אלע פערזאמעלטע, און ווער עס האט גע־
שאקעלט מיט'ן קאפ ווער עס האט פערבראכען די הענט און ווער
עס האט געשמוצערט מיט די ליפען. וואס איז געשעהן? וואס איז
געשעהן? האב איך אהן א נשמה געפרעגט. נאר מיר איז געווען
שווער עפעס צו דערגעהן, יעדער האט אויסגעשטעלט נאז און אוי־
רען, אום ניט צו פערהערען א ווארט פון דעם, וואס ליפא דער־
צעהלט. איך האב קוים מיט צרות ארויסגעקראגען אפגעהאקטע,
אפגעריסענע ווערטער. „דאס מיידעלע דער'הרג'עט". „שמואל בערל
דעם האלז איבערגעשניטען", די ווערטער האבען מיך געטראפען ווי
א דונער. די פיס האבען זיך מיר אונטערגעהאקט. „ס'טייטש, ווי
אזוי? וואס? ווער?" האב איך קוים ארויסגעשטאמעלט, נאר יע־
דער האט זיך פון מיר אפגעקעהרט, ווי פון א דאקוטשליווער פליעג.
און ליפא האט אלץ גערעדט מיט א וואקסענדער אויפרעגונג. „ניין",
האט ער עמיצען געענטפערט און ענערגיש א מאך געטהאן מיט'ן
קאפ. „ניין, קיינער איז ניט געווען דערביי. איך בין געווען דער
ערשטער, יא דער ערשטער, וואס איז אהער אריינגעלאפען. מיר
האבען געהערט, ווען דער שליטען איז צוגעפאהרען און איך בין שוין
ניט געשלאפען. ווען איך האב דערהערט זיין געשריי „אי" בין איך
אויפגעשפרונגען ניט טויט און ניט לעבעדיג. צייט איך וועל לע־
בען וועל איך ניט פערגעסען דעם „אי". א לייב ברומט ניט אזוי.
עס איז מיר אוועקגענאנגען שטעכענדיג איבער אלע גליעדער. דע־
מאלט, מסתמא, האט ער דערזעהן דאס פעקעל געלט אין אייוועלע.
און תיכף נאכדעם האבען זיך דערהערט איהרע קולות. די קולות

געהען מיר ניט ארויס פון די אויערען. איך האב זיך געלאזט לוי־לויפען אהער ווי א משוגע'נער. איך האב מסתמא אויך שרעקליך געשריען, לויפענדיג אהער, אזא שרעק האט מיך ארומגעכאפט. און דערפון בין איך דאס הייזעריג געווארען. איך בין געווען דער ער־שטער, ווי איהר זעהט מיך א לעבעדיגען, דער ערשטער. און ווען איך האב אריבערגעטראטען דעם שוועל, האב איך שוין געטראפען דעם גאנצען חורבן.

—איך האב מעהר ניט געווארט, דורכגעשפארט זיך דורך דעם עולם און בין אריבערגעטראטען דעם שוועל. א דאקטאר האט גע־ארבייט אין א צווייטען צימער איבער שמואל בערעל, און די פער־זאמעלטע מיט ערנסטע צושראקענע פנים'ער האבען זעלטען זיך דורכגעווארפען מיט א ווארט, בעמערקונג.

— איך האב זיך דערוואוסט, אז נאך מיין אוועקגעהן האט זיך שמואל בערעל אזוי ארייגגעלעבט אין זיינע זכרונות, און זיין ווייב איז געווען אזוי פעראינטערעסירט אין זיי, אז זיי האבען ניט בעמערקט, ווי זייער קליינע טאכטער איז צוגעגאנגען צום טיש, האט ארונטערגענומען דאס פעקעל אסיגנאציעס און האט זיך דערמיט אזוי לאנג געשפיעלט, ביז זי האט עס ארייגגעווארפען אין אויווען. ווען שמואל בערעל האט זיך געכאפט, האט זיך שוין דאס פעקעלע פערוואנדעלט אין אש. מיט אן אונמענשליכען געשריי האט ער א כאפ געטהאן זיין קליינע טאכטער, וועלכע איז געזעסען ביים אויווען, האט איהר א הויב געטהאן אין דער הויך און א זעץ געטהאן אז דער ערד. מעהר האט זי ניט געדארפט. די מוטער האט אוועק־גע'חלש'ט, און ווען איהם איז קלאר געווארען, וואס דא איז געשעהן, האט ער זיך איבערגעשניטען דעם האלז.

דער דאקטאר איז ארויס פון צווייטען צימער מיט א פער־שנירטען מויל, דער פעלדשער איז איהם נאכגעגאנגען מיט אן אראפ־געלאזענעם קאפ, דער עולם האט געמאכט א וועג פאר'ן דאקטאר און אהן ווערטער פערשטאנען, וואס דער סוף איז געווען.

— זיינע קרובים און איהרע קרובים האבען איצט אויסגע־בראכען אין א ביטערען יאמער, און טרערען האבען זיך געשטעלט ביי אלעמען אין די אויגען. די פערזאמעלטע ווייבער האבען אונ־

טערנעכאַפּט דעם יאָמער און די יללה האָט זיך געהערט איבער׳ן גאַנצען שטערטעל.

— פון צייט צו צייט האָט יעדער א קעהר געטהאָן דעם קאָפּ צום אייזועלע און געוואָרפען א בליק אויפ׳ן פּעקעל אש און נאָך אזא בליק האָט זיך א פּחד אויסגענאָסען ביי יעדען אויפ׳ן געזיכט, אזוי ווי פון דאָרטען וואָלט ארויסגעקוקט דער מערדער. איך האָב אויך א קוק געטהאָן אהין. דאָס פּעקעל אש האָט אנגעהאַלטען די זעלבינגע פאָרמע פון דעם פּעקעל אסיגנאציעס. און וואָס מיר האָט א ריס געטהאָן די אויגען, איז געווען דער שנירעל, מיט וועלכען דאָס פּעקעל איז געווען איבערגעבונדען. דער זעלבינער שנירעל מיט׳ן קניפּעל האָט זיך איצט אויך געזעהן אזוי בולט ווי פריהער, און מיר איז דערפון איבערגעגאַנגען א קעלט איבער׳ן גאַנצען לייב. עפּעס האָט אויסגעזעהן, ווי ניט גוטע שטעקען דאָרטען און רייצען זיך מיט אונז.

„פערשאַלטען געלט!“ האָט זיך געהערט א מורמעל צווישען די פערזאַמעלטע, און דער פּחד האָט אַלץ מעהר און מעהר ארומגע־כאַפּט דעם עולם.

דער דערצעהלער איז אויף א ווײַלע אנטשוויגען געוואָרען. זיינע אויגען האָבען געקוקט אויף עפּעס אין דער לופט. נאָר זיין בליק איז געווען ווייט. ער האָט ווידער וואַהרשיינליך איבערגע־לעבט יענעם מאָמענט און ווידער געזעהן דאָס פּעקעל אש אין איי־וועלע, מיט׳ן איבערגעבונדענעם שנירעל און מיט׳ן קניפּעל. דאָן האָט ער ווי ערוואַכט און געזאָגט שאַרף:

— יא, דאָס איז געווען פערשאַלטען געלט!

דער געוועזענער אקטיאָר האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געגעבען א תוקף:

— יא, א שרעקליכע טראַגעדיע. אמת, פערשאַלטען געלט.

ביי אונזער טישעל איז געוואָרען שטיל. קיינער האָט מעהר קיין וואָרט ניט געזאָגט. מען האָט געקענט הערען, ווי מיר אַלע פיער האָבען אויסגעזופּט און ארונטערגעשלונגען דעם פערבליבענעם אָפּ־געקיהלטען טהיי.

# די אונרוהיגע נאַכט.

זי איז געשטאַנען מיט'ן קאָפּ ארויסגערוקט פון פענסטער אין גערטעל. נאַכ'ן רעגען האָט געגומען ווייהען מיט פרישען גראז, מיט א זיסען ריח פון די בלומען. זי איז געשטאַנען אנגעשפּארט מיט'ן קאָפּ אַן ביידע הענט און מיט גרויס דורשט געשלונגען די אָפּגע־פרישטע לופט! איהרע אויגען האָבען געקוקט דאָ אויפ'ן הימעל, דאָ אויף דער ערד. דאָרט אויבען זיינען די וואָלקענס, ווי צושראָ־קענע קינדער צולאָפּען זיך אין אַלע זייטען, און דער הימעל, דאַכט זיך, איז נאַכ'ן רעגען געוואָרען איבערגעצויגען מיט א פרישער בלויקייט; די אָפּגע'טובל'טע זון שיינט, שטראַלט ליכטיגער, העל־לער. און דאָ אונטען הענגען אראָפּ די טראָפּענס רעגען ווי שעהנינקע פערלאַך אויף די בלעטלאַך; די צונויפגעקארטשעטע, פערשלאָסע־נע בלומעלאַך עפענען צוריק פערנאַנדער זייערע מיילכעלאַך, שפּריי־טען פערנאַנדער רייך־קאַלירטע בלעטעלאַך און ציהען זיך צו דער זון און פּיעסטשען זיך פאר איהר, און זי גלעט זיי, האַלובעט זיי מיט איהרע שטראַלען. אבער אָט גיט זיך א רוק א צושראָקענע כמארע גלייך אויף דער זון און א חושך ווערט אויסגעגאָסען אויף אַלץ ארום. די בלומעלאַך הויבען אַן צו ציטערען, איילען זיך צו פערשליסען זייערע מיילכלאַך, די בלעטלאַך קארטשען זיך ווידער צונויף.

זי קוקט און דאָ הויבט אַן איהר האַרץ צו צאַפּלען אזוי האַס־טיג, אזוי געשווינט, אז עס ווערט איהר ענג אין ברוסט, עפּעס א פערבאָרגענער אונבעקאַנטער געפיהל שווימט ביי איהר ארויף פון טיעף, טיעף אינערווייניג, דאָס בלוט אין די אָדערען פליסט שנעל, די שלייפען האַקען, און דאָ ווידער שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ, דאָס

בלוט אין די אָדערן ווערט ווי פערגליווערט און זי קארטשעט זיך אויך אזוי צונויף, ווי די בלומעלאך.

נאר אט רוקט זיך אראפ די צושראקענע כמארע, און די זון, א פרעהליכע, א שיינענדיגע קוקט ווידער ארונטער פון דעם בלויען הימעל, און די בלומעלאך עפענען ווידער פערנאנדער די טיילכעלאך, שפרייטען אויס די בלעטעלאך אין איהר זייט. איינצעלנע טראפענס רעגען בליסטשען אנטקעגען דער זון ווי בריליאנטען, און ביי איהר הויבט ווידער אן דאס הארץ צו צאפלען, אין די אויגען ווייזט זיך א טיעפע ביינקעניס און דאס ניי־געבארענע געפיהל וואקסט און וואקסט.

זי שטעהט און קוקט, קוקט און טראכט און ווייסט אליין ניט וועגען וואס. עפעס שטיקלאך, פיצלאך ערינערונגען לויפען פון צייט צו צייט אדורך איהר מארך, און זי ווייסט ניט, פון וואנען זיי זיינען געקומען און וואוהין זיי ווערען פערשוואונדען.

און דאס הארץ וויל זיך ניט איינגעהמען. די נאכט האט שוין אנגעהויבען צו צופאלען, געדיכטע שווארצע שאטענס האבען זיך אויסגעלעגט אומעדום, און זי קען זיך פון פענסטער ניט אפרייסען. די שטוב איז איהר ענג און אלץ דאס אינערווייניג שיינט איהר אזוי וואכעדיג, אזוי פראסט.

וואס אזוינס איז מיט איהר? וואס אזוינס האט זיך ערוועקט ביי איהר אין הארצען? ווייס זי ניט. זי ווייס נאר. אז זי וויל עפעס, באגערט עפעס, זוכט עפעס, פערלאנגט עפעס. עפעס פעהלט איהר און עפעס נעהמט איהר אפ.

דאכט זיך, גאט צו דאנקען, פעהלען פעהלט איהר קיין זאך ניט. אליין א גביר'שע טאכטער און רבי אליקום'ס א שנור. ביים אויסגעבען האט איהר דער טאטע געגעבען דריי טויזענד רובעל, זי האט פון כל טוב, זי האט אי נחת, אי גדולה, אי כבוד. און זי איז טאקע געווען צופריעדען. א האלז פערעל און אין עזרת נשים דער אויבען־אן האבען עפעס צו זאגען. אלע מאמעס פון טעכטער און דערוואקסענע מיידלאך זיינען איהר שטארק מקנא, וואס גאט האט איהר געבענשט מיט אזא זיידענעם מאן, אזא תכשיט, ווי איהר בענציע איז. אמת, זי קען איהם כמעט ניט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס

נאָך זייער חתונה איז שוין פינף יאָהר. דאָס הייסט, קענען קען זי איהם זעהר גוט, זי זעהט איהם אַלע טאָג, נאָר זייער בעקאַנטשאַפט פון ערשטען טאָג נאָך דער חתונה ביז היינט האָט זיך כמעט ווי ניט פערגרעסערט... נאָר דאָס האַרט איהר דוקא ניט. אין אָנהויב האָט זי זיך יאָ אביסעל געשעמט פאַר איהם, פאַרט חתונה געהאַט אויפ'ן אכטצעהנטען יאָהר, נאָר איצט איז זי שוין געוואוינט מיט איהם... יאָ, דאָס איז אַלץ גוט, אַזוי ווי עס בעדאַרף צו זיין. און דאָך פיהלט זי איצט אַזוי ווי עפּעס פעהלט איהר.

זי האָט זיך אַפּגעריסען פון פענסטער, ווען עס איז שוין גע־וואָרען גוט פינסטער. זי איז אַווײלע געשטאַנען און ווי מישב גע־ווען זיך, וואוהין צו ווענדען איהרע טריט, און באַלד האָט זי זיך געלאָזט געהן צום צימער, וואו איהרער איז געזעסען. זי איז צוגע־גאַנגען צו דער טהיר און האָט דערהערט, ווי בענציע און דער שווער שרייען ביידע מיט משונה'דיגע קולות, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך גע־קריגט, נאָר זי ווייס שוין, אַז דאָס איז ניט קיין קריג: זיי לערנען דאָס אַזוי.

זי בלייבט אונצופריעדען. אריינגעהן אין צימער האָט זי ניט נאָך וואָס, און זי איז דאָרטען אין גאַנצען איבריג. זי בלייבט ווי־דער אַווײלע שטעהן פערטראַכט און קלערט, וואָס זי זאָל איצט טהאָן? נאָך אַ קורצען ישוב הדעת בלייבט ביי איהר אריינצוגעהן גאָר צו דער דיענסט אין קיך.

ביי דער דיענסט הינטער'ן טהיר איז זי ווידער שטעהן גע־בליבען. זי האָט דערהערט, אַז מען רעדט דאָרטען. אַ סימן אַז זי איז ניט אַליין. זי האָט וואָס גיכער געאײלט זיך אַפּצוטרעטען פון דאָרטען, כדי ניט צו הערען וואָס מען רעדט, נאָר די פּאָר ווערטער וואָס האָבען צו איהר דערגרייכט האָבען איהר קלאָר געמאַכט, ווער דער צווייטער איז אין קיך און וואָס דאָרטען קומט פאָר. זי האָט דערקענט דעם צווייטענס קול. דאָס איז געווען משה'ל, רבי אַליקום'ס אינגערער זוהן, און ער האָט אַנגעבאָטען דער דיענסט אַ קוש.

— וואָס ווערט איהר האָבען דערפון? — פרעגט די דיענסט

מיט א געלעכטער, און דער גערויש וואס האט זיך ביז דער סעקונדע געהערט פון וואשען געשעס איז מיט אמאל שטיל געווארען.

איהר האט פערקוועטשט אין הארצען. איהר האט איצט ניט געהארט, וואס משה'ל קושט זיך דארטען מיט דער דיענסט: איצט נעהם עס איהר ניט אן. אבער זייער קושען האט דערוויילן א נאמען נעגעבען דעם געפיהל, וואס האט זיך פריהער אנגעהויבען צו שטויסען ביי איהר אין הארצען. איצט האט זי פלוצים דערפיהלט, וואס איהר פעהלט, און עס האט איהר גענומען נאגען אין הארצען.

זי איז מיט האסטיגע טריט אפגעטראטען פון קיד־טהיר און האט זיך באלד געכאפט, אז זי שטעהט ווידער ביים אפענעם פענסטער, וואס קומט ארויס אין גערטעל. דאס ווינטעל וואס האט נעבלאזען פון דרויסען האט אביסעל אפגעקיהלט איהר הייסע געזיכט, נאר אין הארצען האט ניט אויפגעהערט צו נאגען.

זי האט דערהערט, ווי עמיצער שלאנדערט אין טופלעס איבער'ן ציממער. דאס איז בענציע ארויסגעגאנגען פון פאטער און איז אריין אין שלאף־צימער. ער האט זיך צוגעלעגט אוויילע אין בעט, ניט צו שלאפען, נאר צו בעטראכטען אליין דעם ענין, מכח וועלכען ער האט ערשט זיך מפלפל געווען מיט'ן פאטער. זי איז אויך באלד אריין אין שלאף־צימער, האט זיך אוויילע ארומגעדרעהט, האט עפעס כלומרשט געזוכט, נאר איהר האט באלד אפגעשמעלט זיין קול:

— וואס דרעהסטו זיך דא ארום? שטער מיר ניט!

זי איז געווארען ווי אפגעגאסען מיט אן עמער קאלטען וואסער. זי איז ארויס פערשעמט, בעליידיגט. דאס הארץ האט איהר געבראכען, צו די אויגען זיינען איהר צוגעטראטען טרערען פון ווייהטאג, חרפה און בושה.

זי איז נאך א לאנגע צייט געזעסען ביים פענסטער. ענדליך איז זי אריין אין שלאף־צימער און געלעגט זיך שלאפען.

אבער דער שלאף איז געלאפען פון איהרע אויגען. אומזיסט האט זי זיך געווארפען פון איין זייט אויפ'ן צווייטען, אומזיסט האט זי געגראבען דעם קאפ אין קישען, אומזיסט האט זי געשליידערט

פון זיך און באלד צוריקגעצויגען די דעקע. אומזיסט! קיין זאך האט ניט געהאלפען.

שפעטער איז אויך בענציע אריין אין שלאף־צימער און האט גענומען לייענען אויפ׳ן קול קריאת שמע. זי האט זיך אין זיין זייט ניט אומגעקוקט, נאר באלד האט זי געהערט ווי זיין בעט האט א סקריפע געטהאן און אין עטליכע מינוט ארום האט זיך דערהערט זיין כראפען.

זי איז געלעגען און איהר האט געדאכט, אז די נאכט איז לאנג ווי דער אידישער גלות און וועט זיך קיין מאל ניט ענדיגען. זי האט זיך געמאטערט צו פערטרייבען אלע רעיונות פון קאפ, וועגען קיין זאך ניט צו קלערען, נאר ווי אויף צו להכעיס איז איהר אלע ווייל ארויף אויפ׳ן געדאנק די דיענסט־מיידעל און משה׳לע. האט איהר מאן אויך אמאל געקושט א מיידעל? זי ענטפערט „ניין“ און דאס גיט ניט צו קיין איבריגען חן בענציע׳ן אין איהרע אויגען.

זי דערמאנט זיך, אז זי האט אויך פון קיין מאנסביל אויסער דעם טאטען, קיין קושען ניט געהאט. זי האט זיך גאר מיט קיין מאנסביל ניט געקענט. טאטע־מאמע האבען קיין צייט ניט געהאט און געאיילט חתונה צו מאכען איהר — פרעג, פאר וואס? פאר ווען? איהרע חברת׳עס זיצען נאך איצט אויך מיידלאך. איהר נאר האט מען געאיילט אנצוטהאן א פארוק אויפ׳ן קאפ.

זי גיט א שאר מיט דער האנט איבער׳ן שטערן. זי וויל פערטרייבען די געדאנקען. א אידישע טאכטער טאר אזעלכע רעיונות ניט האבען. ס׳איז אן עבירה אזוי צו טראכטען... זי האט א פיינעם מאן... אלע זיינען איהר מקנא...

נאר דער מאן האט אן איינגערען ברודער, און דעם ברודער רופט מען משה׳לע, און דער משה׳לע האט זיך געקושט מיט דער דיענסט־מיידעל... דאכט זיך, משה׳לע און בענציע זיינען צוויי ברידער פון איין טאטע־מאמען, פאר וואס איז איינער אזא פלאם און דער צווייטער אזא קראך? פאר וואס איז בענציע ניט אזא ווי משה׳לע?

זי כאפט זיך ווידער ביי זינדיגע רעיונות און פערטרייבט זיי ווידער אמאל און וואונדערט זיך, ווי אזוי זי קעהרט זיך צוריק צו זיי.

ענדליך האט זי בעמערקט, אז אין שטוב ווערט עפּוואס ליכטי־
גער. זי איז ארונטער פון בעט און איז צוגעגאנגען צום פענסטער.
פון הינטער דעם פארהאנג האט זי דערזעהן, ווי די גאס, די הייזער
ארום זיינען בעגאסען מיט א בלויקייט. זי האט אריינגעשטעקט די
פיס אין די טופליעס, ארויפגעווארפען אויף זיך א קליידעל און איז
ארויס אין דרויסען.

דרויסען איז געווען שטיל. עס האט זיך נאר געהערט פון
דער זייט וואו דאס שטעטעל איז געווען א קוקעריקו פון העהנער,
דאס פייפען און קנאקען מיט'ן בייטש אין דער לופט פון דעם פאס־
טוך, וואס האט צוזאמענגעקליבען די טשערעדע, זעלטען א הוסט
פון אן אלטען מאן און די שווערע טריט מיט אייזערנע פאדקאוועס
פון דעם וואסער־טרעגער ועלכער איז שוין געווען ביי זיין ארבייט.

דאס גראז איז געווען נאס פון טהוי, און די נאסקייט האט דורכ־
געדרונגען די דינע טופליעס. נאר זי האט קיין זאך ניט געפיהלט און
האט זיך געלאזט געהן ווייטער. דער ברעג פון דעם מזרח זייט
הימעל האט זיך גענומען בעגיסען מיט א פורפור־רויטער פארב. דאס
ערשטע מאל אין איהר לעבען האט זי געזעהן, ווי די זון געהט
אויף און זי איז געבליבען שטעהן אויילע, ווי פאר אן אונבעקאנ־
טער ערשיינונג, איינגעגעסען מיט די אויגען אין יענער זייט הי־
מעל. באלד איז יענע זייט פערפלייצט געווארען מיט א ים פייער,
אין די ערשטע שטראלען פון דער אנקומענדער זון האבען גענומען
שטיפען, שפרינגען ארום און ארום. זי האט א היבשע צייט די אוי־
גען ניט געקענט אפרייסען פון דארטען און ווען זי האט זיך ענדליך
אפגעריסען פון איהר ארט האט זיך די זון געבאדען אין יענעם
פייער.

איצט איז איהר ווייהטאג אין הארצען נאך שארפער געווא־
רען... איצט האט זי נאך שטארקער דערפיהלט, אז איהר פעהלט
עפּעס... אז מאטע־מאמע האבען איהר ניט פערשאפט דאס גאנצע
גליק, וואס א מענש קען האבען...

זי איז געגאנגען איבער דער לאנקע און איז געהענטער צוגע־
קומען צו די בוימער. וואס זיינען דארטען געשטאנען. זי איז אין
גאנצען געווען פערזונקען אין א טיעפען קומער און האט קיין זאך

געהערט און קיין זאך געזעהן. פלוצים איז זי געבליבען שטעהן צו־שראָקען. א פּאָר טריט פון איהר האָט זיך געהערט א געשפּרעך און איידער זי האָט נאָך צייט געהאט ארומצוקוקען זיך, האָט זי זיך פּנים אל פּנים געטראָפען מיט איהר דיענסט, וועלכע איז געגאנגען ארומגענומען מיט א יונגען בחור.

— פע, מאוס אייך! — האָט די דיענסט גלייך ווי זי איז גע־קומען צו זיך פון דעם קאנפוז געזאגט בייז צו איהר: — וואָס היט איהר מיינע טריט און געהט מיר נאָך? דאָס איז מיין חתן. איך האָב זיך מיט איהם ניט וואָס צו שעמען.

די בעליידיגונג איז געווען צופיעל פאר איהר. זי האָט עפּעס ווי דערפיהלט אויף זיך די פּאָדעשווע פון א גראָבען טראָט. זי האָט זיך גלייך צוריקגעקעהרט אין הויז.

פון איהר פריהיגען שפּאציר האָט זי געכאַפּט א צוקיהלונג. א פּאָר טעג איז זי ניט ארויס פון בעט. דערוויילע איז די שאַרפע ביינקענים אריבער און איצט איז זי עטוואָס בלייכער און אומעדי־גער געוואָרען.

וועלען זיך נאָך אזעלכע נעכט איהר צוריקקעהרען?
קיינער ווייס ניט...

# מיין מאַמעסטענת.

איך בין שוין געשטאַנען אין שידוכים. שדכנים האָבען די שוועלען אָפּגעשלאָגען.

בראַנפען, לעקאַך איז פון טיש כמעט ניט אראָפּגענומען געוואָרען. די מאַמע האָט געגאַרט דערלעבען די גליקליכע שעה, ווען זי וועט זוכה זיין צו פיהרען איהר „בן־יקיר' צו דער חופּה, און מיט יעדען שדכן האָט זי זיך אזוי געפּרעהט, אז זי האָט פּשוט ניט געוואוסט, וואס מיט איהם צו טהאָן, וואס פאַר א כבוד איהם צו געבען. איהר האָט געדוכט, אז אלע שדכנים לעבען נאָר מיט איהר זוהן און ארבייטען און זוכען נאָר פון איהר'ט וועגען.

פערנאָרען האָט די מאַמע מיך ניט געוואָלט. און אזוי ווי זי האָט געקוקט אויף מיר מיט די אויגען פון א הייס־ליבענדע מוטער, האָט איהר אלץ געדוכט, אז מען וויל ביי איהר אויס־כאַפּען די מציאה און דעריבער איז איהר קיין כלה ניט געפעלען געוועז. אין יעדער איינציגער האָט זי געפונען א חסרון, און קיין נדן האָט איהר ניט געקענט בעפרידיגען: אלץ צו קאַרג.

געהערט מיט די שדכנים האָט די מאַמע: גע־טענה'ט, זיך געדונגען, געזאָרגט וועגען כבוד: און דער טאַטע האָט געמאַכט לחיים און פון יוצא וועגען אמאָל אריינגעשטעלט א וואָרט.

ביי מיר, ווי עס פיהרט זיך, האָט זי ניט געפרעגט, נאָר מחשבות'ן דערווייל פרעגען איז טאַקי געוועז גאַנץ איבעריג.

איך האָב זיך געשטויסען, וואס דאָ קומט פאָר, נאָר איך האָב זיך געמאַכט נים וויסענדיג. א געשפרעך מכח דעם ענין מיט דער מאַמען, האָב איך געוואוסט, וועט איהר קיין פערגניגען ניט פער־

שאפען, און געַנוג וועט זיין צו ריידען איבער דעם, ווען די הייסע שעה וועט קומען.

די מאַמע אליין, ווייזט אויס, האָט זיך פאר דעם אויך גע־שראָקען און דעריבער, קען זיין, האָט זי אזוי שטארק געקליבען.

אין שטעדטעל איז גאָר קיין סוד ניט געווען, אז איך „שפיעל א ליעבע" מיט בעריל דעם ציגעלניק'ס טאָכטער. די מאַמע, פער־שטעהט זיך, האָט דערפון געוואוסט ניט ווינציגער, ווי אלע אנ־דערע שטעדטעלדיגע, נאָר זי האָט איבער דעם מיט מיר קיינמאָל קיין וואָרט ניט גערעדט און האָט אויף דעם געקוקט ווי אויף א קינדער־שפיעל.

קעגען בעריל דעם ציגעלניק'ס טאָכטער, קען זיין, וואָלט זי גאָר ניט געהאַט, נאָר שיינקען וואָלט זי קיין מאָל ניט געקענט איהר פאָטער, וואָס ער איז א ציגעלניק, און קיין נדן וואָלט ניט געקענט העלפען אפצואוואַשען דעם פלעק.

„זי" האָט אויך געוואוסט פון די שדוכים, וואָס מען רעדט מיר, און מיר האָבען זיך ביידע איבער דעם לוסטיג געמאַכט.

ענדליך איז איין שדכן געלונגען אויסצוזוכען ערגעץ פאַר מיר א כלה, וואָס איז געפעלען געוואָרען דער מאַמען: דער יחוס, נדן, די כלה אליין, ווערליג דער שדכן האָט בעשריעבען — אלץ איז געווען ווי די מאַמע האָט געוואונשען און די מאַמע האָט איצט געמוזט פאַרברייטען מיר צו דער נייעס, ווייל עמיצער האָט גע־דאַרפט קומען מיך זעהן.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען, ווען איך בין געקומען פון קלויז מיט'ן אויסגענעהטען זיידענעם תפילין־זעקעל, אויפגעהאַנגען מיט'ן זיידענעם שנירעל אויפ'ן רעכטען צייג־פינגער, האָט מיר די מאַמע בעגעגענט פריינדליכער ווי געוועהנליך.

זי האָט מיר דערלאַנגט עסען און אנידערגעזעצט זיך אנטקעג־גען מיר מיט פערלייגטע הענד אויפ'ן שויס און גענומען מיר נאָכ־קוקען יעדען ביסען אין מויל, פונקט ווי זי וואָלט גאָר קיין אנדער ארבייט ניט געהאַט. מיט יעדען ביסען מיינעם האָב איך איהר געטהאָן א גרויסע טובה און געשיינקט איהר הויפענס געזונד.

— פאַר וואָס בענשטו ניט, מיין זוהן? האָט זי מיך גע־

שטראָפּט מיט אַ ווייכען קול, זעהענדיג, אַז גלייך מיט׳ן לעצטען ביסען, האָב איך זיך אויפגעהויבען פון טיש.

איך בין דעמאָלט געווען אין דער השכלה׳שער פּעריאָדע, און רעליגיעזע זאַכען איז ביי אונז איך געווען זעהר אַ קראַנקער פּונקט. אַהן וועהטאָג פון ביידענס זייטען האָט מען איהם נים נעקענט בעריהרען.

ווען איך האָב זיך אַ צווייטען מאָל געוואָלט אויפהויבען פון טיש, דאָס הייסט נאָכ׳ן בענשען, האָט די מאַמע מיך אָפּגעהאַלטען:

— וואַרט, וואָס איילסטו זיך אַזוי?

איך בין געבליבען זיצען אויף מיין אָרט, אויבעןאָן מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען ווי אַ חתן, אויספּויקענדיג מיט די פינגער אויפ׳ן טיש עפּעס אַ נגונ׳דעל.

— איך האָב געוואָלט מיט דיר עפּעס ריידען.

איך האָב עטוואָס אויפגעהויבען דעם קאָפּ האַלטענדיג די אויגען אַלץ אַרונטערגעלאָזען.

זי איז אַ ווײלע געבליבען שטיל. זי האָט געזוכט ווערטער. באַלד אָבער האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ טרויערינגען קול:

— מיין קינד, דו ווייסט דאָך דעם פערגנינגען וואָס איך האָב געהאַט מיט דיין טאַטען. אָפּגעלעבט אַ לעבען און פרעג וואָס? די גאַנצע שטוב איז אויף מיין קאָפּ, וועמעס מוח דאַרט אויף דער הוצאה, ענטפערן אַ בעל חוב? דער טאַטע וויים נאָר די קלייזעל, איהם אַרט הפנים, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם? פון זיינעט וועגען מעג זיך די שטוב איבערקעהרען קאַפּויר... יע, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? יע, מיין איינציגער טרייסט אין לעבען. מיין נחת ביזטו געווען... נים צו פערזינדיגען, קיין טענות צו דעם אויבערשטען האָב איך נים... ווען נאָט וואָלט דיר אביסעל גע־שטאַרקט דאָס האַרץ און דו וואָלסט געווען עטוואָס פרומער — אוּדאַי וואָלט זיך אַ מאַמעס האַרץ געפרעהט מיט דעם. נאָר אַזוי האָב איך אויך קיין טענות נים. איך פערהאָף צו דעם העגט־ניט־געוואַשענעם, אַז ווען דו וועסט חתונה האָבען, דו וועסט האָבען אַ ווייב און דו וועסט ווערען אַ שטיקעל בעל־הבית, וועסטו אוועק־וואַרפען די אַלע נאַרישקייטען...

די מאַמע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ וואָרף געטהאָן אויף מיר אַ פאַרשעגדען בליק.

מיין השכלה האָט זיך געפונען בעליידיגט, וואָס די מאַמע רופט מיינע אידעען נאַרישקייטען. איך האָב איהר געוואָלט ענט־פערען עפּעס אַ שאַרפען וואָרט, עפּעס אַ טיעפען שטאָך, נאָר מיין כעס האָט מיר מבלבל געווען און דאָס געזוכטע וואָרט האָט זיך ניט געפונען ביי מיר.

—...יע, וואָס האָב געוואָלט זאָגען? האָט די מאַמע ווייטער אָנגעהויבען נאָכדעם, ווי זי האָט אַ פּרוב געטהאָן איהר מערכה. איך האָב זיך מיט דיר ניט צו שעמען אַ דאַנק און אַ לויב דעם הענד־ניט־געוואַשענעם, ניט ערגער חלילה פאַר לייטישע קינדער... מילא, היינט איז אַ נייע וועלט... גאָר ניט... נאָר אומשטיינס גע־זאָגט, וואָס איז דעם מענשענס לעבען? ווער וויים, וואָס עס טהוט זיך אונטער די פּלייצעס? (די מאַמע האָט ביי די לעצטע ווער־טער אַ זיפץ געטהאָן) ווער וויים, וואָס מיט אַ מענשען קען זיך מאַכען מאָרגען? דערווייל, כל זמן מען לעבט און מיר זיינען שטיקלאַך בעלי בתים מיט אַ פיינעם שם, לאָמיר פון דיר אביסעל נחת האָבען...

— ווער לאָזט אייך ניט? האָט נחת פיעל איהר ווילט, האָב איך געענטפערט ברוגז'דיג.

ווער לאָזט ניט! האָט נחת! — האָט זי ווידערהאָלט מיט אַ זיפץ, — מהיכא תיתי, אז דיין עלטערער ברודער, עליו השלום, וואָלט געלעבט, וואָלט איך שוין אודאי אביסעל נחת געהאַט, נאָר אַזוי האָב איך אויך קיין טענות ניט צו גאָט... איך זינדיג ניט מיט מיינע ליפּען. ביז איצט האָסטו דער מאַמען די אויגען ניט פער־שוואַרצט און איך פערהאָף, אז ווייטער וועסטו אויך ניט פער־שוואַרצען... אומשטיינס געזאָגט, וואָס איז אַ מאַמעס נחת? מען האָט אַ קינד — וויל מען האָבען אַ'ן אייניקעל, אפשר וועט דער אויבערשטער מאריך שנים זיין און וועט לאָזען דערלעבען ביז אַן אוראייניקעל...

— בכן? האָב איך איבער אונגעדולדיג.

בכן? ווידערהאָלט זי מיין פראַגע און ווערט עטוואָס אונ־

רוהיג פון מיין אומגערודער, — בכן וואלט איך זעהר וועלען דו זאלסט אמאל פאלגען א מאמען אויך... און חתונה האבען...

— חתונה האבען? פרעג איך מיט א געלעכטער און הויב די אויגען אליץ ניט אויף: — חתונה האבען? וואס האב איך דא קיין צייט נים? ביי די לעצטע ווערטער פיהל איך ווי א פער־גנינענדער פיבער נעהמט מיר דורך מיין לייב.

— זאג דאס נים, מיין קינד, פערשאף נים דער מאמען יסורים. זיי איהר נים מקצר די יאהרען, א אידיש קינד מוז חתונה האבען, און לאמיר האבען דעם נחת צו פיהרען דיך צו דער חופה, כל זמן די אויגען זיינען מיר נאך אפען...

איהר גאנצע געזיכט איז געווען אפגעטונקט מיט אזא מין בעטריבטקייט, אז ביי א בליק פו זאונטער׳ן שטערן אויף איהר, האט מיר דאס הארץ פערקוועטשט פון רחמנות.

איך האב געשווינען און געווארט. זי האט באלד ווייטער אנגעהויבען:

—...כל זמן שערבעלאך לינען נאך מיר נים אויף די אויגען, וועל איך זעהן, אויף פיעל א מענש קען זעהן, אז דו זאלסט חתונה האבען מיט א שטיקעל תכלית. מען האט מיר פאר דיר פארגעליינט א שלל שרוכים, נאט צו דאנקען, חן האסטו ביי לייטען, זאל ער דיר נאך שיינקען דאס שטיקעלע מזל, דערווייל נים צו פערזינדי־גען, א כלה האב איך דיר אויסגעקליבען א רויז...

— דו אויסגעקליבען א כלה? פרעג איך ווי נשתומם. — פאר מיר א כלה אויסגעקליבען? און וואו בין איך אין דער וועלט?

— זי וועט אבער דיר געפעלען ווערען, דו וועסט איהר ממש קושען די טריט.

— מיר וועט קיין כלה נים געפעלען ווערען. ענטפער איך טרוקען.

— וואס הייסט נים געפעלען ווערען?

— פשוט נים געפעלען ווערען, ווייל איך האב שוין א כלה...

— וואס רעדסטו? גאט איז מיט דיר! וואו האסטו א כלה?

— בעריל דעם ציגעלניק׳ס טאכטער איז מיין כלה, ענטפער

איך און קוק דער מאַמען גלייך אין די אויגען און ווייס ניט ער היום, ווי האָט זיך ביי מיר גענומען מוטה אַזוי צו טהאָן.

— דעם ציגעלניק'ס טאָכטער דיין כלה! דעם ציגע־עלניק'ס טאָכטער!

— וואָס געהט מיר אָן דער ציגעלניק, אַבי די טאָכטער געפעלט מיר!

— געפעלט דיר! אַזוי רעדסטו דאָס צו אַ מאַמען, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבען געשוואַרצט, געהאָרעוועט, קריעה געריסען, ניט געוואוסט פון קיין טאָג און פון קיין נאַכט און פאַר וועמען? פאַר וואָס? אויב ניט צוליעב דיר! — איצטער ווילסטו איהר בעצאָהלען דערפאַר! דו ווילסט איהר טרייבען פאַר דער צייט אין גרוב אריין! מילא איך וועל דיר גאָר ניט זאָגען... טהו ווי דו פערשטעהסט... בעצאָהל דער אַלטער נאַר, ווי זי איז ווערט... מסתמא האָב איך אַזוי פערדיענט ביי גאָט...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך איהר דער קול איבערגעריסען, און טרעהרען האָבען איהר גענומען פאַלען פון די אויגען.

אין דעם טאָג האָט די מאַמע מעהר ניט גערעדט מיט מיר וועגען דעם. אויף מאָרגען האָט זי ווייטער ווידערהאָלט די זעלביגע טענות און עס האָט זיך ווייטער געענדיגט מיט טרערען. נאָר אין עטליכע טעג אַרום האָט זי מיט מיר אָנגעהויבען ריידען גאָר מיט אַן אַנדער לשון.

—...מיינסט וואָס? — האָט זיך די מאַמע צו מיר געווענדעט, — מיינסט וואָס? איך בין אַמאָל אויך געווען אַ יונג קינד, נאַריש ווי אַלע מיידלעך... יונגע בלוט — ניט צו בעשולדיגען... איך האָב געהאַט אַ לעהרער און, זאָגען דיר דעם אמת? איך האָב איהם אַזוי ליעב געהאַט ווי דו דעם ציגעלניקס טאָכטער און נאָך אפשר שטאַרקער. נאָר וואָס זאָג איך „אפשר"? ס'איז גאָר קיין אפשר ניט: לאַנגע שוואַרצע האָר, אַ גרויסער שטערן מיט טיעפע ווינקלען, אויגען — אויגען האָבען געברענט, דאָס געזיכט בלייך, אויגעהאָרעוועט...

די מאַמע איז געבליבען שטעהן אַ ווייל. איהר פערזאָרגטע געזיכט האָט זיך עטוואָס בעפאַרבט, איהרע האַלב־אויסגעלאָשענע

אויגן, נים קוקנדיג אויף איהרע אכטזאָן־דרייסיג יאהר, האָבען זיך אָנגעצינדען מים אַזאַ פייער. וואס איך האָב קיין מאָל נים בעמערקט אין זיי. עס איז געווען אַזוי ליכט צו זעהן, אַז דער בילד, וואס מ׳יכט איצט אויף פאר איהרע אויגען, בלאַזט אין איהר אריין אַ נייעם לעבען.

די מאַמע האט ווייטער גענומען ריידען, אַנפאַנגס שטיל, אַזוי ווי טראַכטענדיג אוים׳ן קול און דערנאָך אַלץ העכער, העכער:

— אַנפאַנגס פלעגט זיין געזיכט אין מיר דערוועקען עפעס אַ מין רחמנות. וואס פאר אַ געשעפטען האָב איך מיט איהם געהאט? גאָר נים. ער פלעגט מיר קומען געבען די שטונדע און פטור. פאר וואס האָב איך אויף איהם געליינט אַ רחמנות — ווייס איך עד היום נים, נאָר זיין בלייכע געזיכט האט מיר געשניטען ביים הארצען. שעה׳נוויין פלעג איך אָפשטעהן ביים פענסטער פאר דער שטונדע, און אויב עס פלעגט גיסען אַ רעגען אָדער פאַלען אַ שניי אָדער דער פראָסט אָדער די היץ פלעגען זיין גרוים, פלעג איך אויסגעהן מיט די כחות, וואס ער מוז ארומלויפען איבער די שטונדען...

אַמאָל, דאָס איז געווען אַ שעהנער זומערדיגער פאַרנאַכט, איך געדענק דעם טאָג ווי איצטער, אַט זעה איך אונזער צימער פאר די אויגען, די זון האָט שוין געהאַלטען ביים אונטערגעהן און די לעצטע שטראַהלען האָבען זיך צושפּיעלט, געשפּרונגען אויף דער וואַנד געבען סופים, וואס אַנטקעגען איבער דעם פענסטער. איך בין געזעסען אויף אַ שטוהל און ער איז געשטאַנען איבער מיר, אונזער לערנען האט זיך עפעס נים געקלעפּט, איך בין געזעסען און פער׳חלומ׳ט זיך, אונטערוויילעכס, האָב איך אַ וואָרף געטהאָן אַ בליק אויף איהם און האָב בעגעגענט אין זיינע אויגען עפעס אַ מאָדנע מין ליכט. ביז אַהער האָב איך אַזאַ ליכט נים געזעהן אין זיינע אויגען און מיר איז געווען עפעס אַזוי גוט, אַזוי פערגעניגענד, אַזוי וואויל! נאָר צו דערזעלבער צייט איז מיר ווי אַ ציטער אַריבער געגאַנגען איבער׳ן גאַנצען לייב. איך האָב געקוקט אין בוך און געליינט און נים געהערט וואס, און, אַז ער האט מיר פאַפ־

ראַוועט, האָב איך ניט געהערט זיין קול און מיר איז געווען אַזוי זיס, אַזוי אַנגענעם!

— ווי אַזוי דאָס האָט געטראָפּען? אַסור אויב איך ווייס. נאָר ווען איך האָב ווי ערוואַכט פון מיין חלום'ען האָב איך דער־פּיהלט זיינע הענד אַרום מיין האַלז און זיינע ליפּען אויף מיינע ברענענדיגע באַקען. איך האָב דערפּיהלט ווי מיין הויט פון שפּיץ קאָפּ ביז די שפּיץ פינגער פון די פיס ציטערט אויף מיר און איך האָב זיך אַ ריס געטהאָן פון זיינע הענד, אַ הויב געטהאָן געשווינד פון שטוהל און אַהויסגעלאָפען פון צימער. איך בין אין צווייטען צימער געזעסען, צו געשטאַנען — דאָס געדענק איך ניט ריכטיג — צומישט, צוטומעלט און וועגען קיין זאַך ניט געקלערט. דערנאָך — וויפיעל דאָס האָט געדויערט געדענק איך ווייטער ניט — האָב איך דערהערט זיינע טריט. דאָס האַרץ איז מיר פערשטאַר־בען אינעווענינ און גלייך זיך גענומען צאַפּלען אַזוי האַסטיג, אַזוי האַסטיג, אַז איך האָב געמיינט עס פאַלט מיר אַרויס. דערנאָך האָב איך דערהערט ווי די טהיר צו דער גאַס האָט זיך געעפענט און ווי ער איז אַרויס. איך האָב אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. וואָס האָב איך געוויינט? געדענק איך ניט קלאָר, נאָר דאָס גע־דענק איך, אַז ווען געטהאָן האָט מיר פאַר איהם...

די מאַמע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איהר גאַנצע געזיכט האָט איצט געפלאַמט און איהרע ברענענדיגע אויגען האָבען אויסגע־דריקט אַ טהייער, אַ טיעפען קומער. — עס קען זיין פאַר דעם וועהטאָג, וואָס זי האָט איהם דעמאָלט פערשאַפט און עס קען זיין פאַר דעם גליק, וואָס זי האָט געהאַלטען אין די הענד און אַליין אַרויסגעלאָזט, און אפשר פאַר ביידע צוזאַמען.

איך האָב איהר די גאַנצע צייט געהערט מיט גרויס נייגירדע און האָב געוואַרט מיט גרויס אונגעדולד, זי זאָל ווייטער פאַרט־זעצען. די מאַמע האָט מיך זעהר פעראינטערעסירט. אייביג אַזאַ שטילע, אַן אָפּגעשטאַרבענע אין אַלע זאַכען, וואָס געהערט ניט צו דער אמונה, צו מיר און צום געשעפט. און פּלוצים האָט זי זיך אַזוי צורעדט און נאָך מכח אַזאַ ענין. איך האָב געוואַרט מיט גרויס אונגעדולד. נאָר זי האָט זיך וואַרשיינליך געכאַפּט, אַז זי

האט זיך פערדערט און זי איז א לאנגע צייט געבליבען שטיל.
—יע, נאר וואס האב איך געוואלט זאגען—האט זי ווייטער גענומען רעדען: אבער שוין א סך קיהלער און שוין גאר מיט אן אנדער קול. — יע, וואס האב איך דיר געוואלט זאגען. ס'איז הבל הבלים, ליעבע־שמיבע, ס'איז פוסטע זאכען. איך האב מיין לעהרער זעהר ליעב געהאט און ער מיר אודאי ניט וועניגער. ער האט מיר צוגעזאגט הרים וגבעות: נאר איך בין געווען טויב ווי די וואנט. וואס, טאקע, פרעג איך דיר, וואס? וואס? וואס פאר א גוטס קען ארויסקומען דערפון? הייסט דאס דען ניט נאכגעבען דעם יוצר הרע? הא? איז דאס ניט געזינדיגט קעגען דעם רבונו של עולם? הא?

זי איז אווילע געבליבען שטיל. איך זאל איהר פאטאקעווען. איך האב געווארט און געקוקט אויף איהר, געקוקט אויף איהר געזיכט, וואס האט זיך ווייטער פערצויגען מיט א וואלקען, געקוקט אויף איהר צונויפגעקניימשטען שטערן און ארויסגעזעהן קלאר, אז כאטשע זי רעדט וועגען יצר הרע מיט אזא געסטען קול, איז דאך ביי איהר אין הארצען די זאך ניט אזוי גלאט און זי ווארט אויף מיין פאטאקעווען. ניט אזוי פון מיינעט וועגען. נאר מעהר פון איהרט וועגען, צו בערוהיגען די בורע, וואס האט זיך איצט אויפגעהויבען ביי איהר אין הארצען.

איך האב אויף איהר רחמנות געהאט און דאך ווי וועלענדיג ציהען איהר פאר דער צונג האב איך איהר א זאג געטהאן:

— מסתמא האט ער דיך ניט געליעבט, ווי געהעריג איז.

זי האט א ביטערען שמייכעל געטהאן:

— ניט געליעבט? ער האט מיך ניט געקענט פערגעסען אפילו שפעטער, ווען איך האב שוין חתונה געהאט פאר דיין טאטען. האט זי געזאגט און די אויגען האבען זיך איהר ווייטער אנגעצונדען. אמאל, דאס איז געווען שוין צוויי יאהר נאך מיין חתונה. און, דיר צו לאנגע יאהר, דיין ברודער עליו השלום איז דעמאלט נאך געווען א זיינעריג קינד. איך געדענק דאס ווי איצט, דאס קינד איז אקארשט איינגעשלאפען אין וויגעלע און איך בין געווען אנגעטהאן ווי מען געהט אין א שטוב, פלוצים עמיצער קלינגט.

קיין נאָווינע איז דאָס ניט און איך קוק זיך אַפילו ניט אום. די דיענסט האָט דאָרטען געעפּענט און איך הער, עמיצער עפּענט מיין טהיר, איך קעהר אַפּ דעם קאָפּ פון די ברודינגע־ווינדעלאַך, וואס איך האָב צוזאַמען־געקליבען און איך דערזעה „איהם“: מיר איז אַזש פינסטער געוואָרען אין די אויגען פאַר שאַנדע. אַ היבשע צייט האָב איך דעם לשון ניט געקענט געפינען און בין געשטאַנען ווי אַן אַנגעמאַלטער גולם. ער איז אויך אַ ווייַלע געשטאַנען אָהן ווערטער; נאָר באַלד האָט ער זיך צורעדט. האָט מיר דערצעהלט, אז ער איז אומישנע געקומען צופאָהרען מיך זעהען. כאַטש גע־הערט האָט ער שוין פון מיין חתונה און געבעטען מיר איך זאָל אַז איהם קיין מאָל ניט פערגעסען... אייביג, אייביג, האָט ער גע־שוואָרען, וועט ער טראָגען מיין בילד אין זיין הארצען... איהם זיינען געשטאַנען טרערען אין די אויגען... איך האָב ניט געקענט צו־זעהן זיינע טרערען און אויף איהם קוקענדיג אויך געוויינט... ענד־ליך האָב איך זיך געכאַפּט, אז איך שטעה מיט אַ פרעמדען מאַנס־ביל און וויין... מיר איז געוואָרען עפּעס אַזוי אומבעקוועם, ער האָט דאָס פערשטאַנען און געזאָגט, ער געהט שוין אוועק, נאָר פאַר זיין אוועקגעהן, האָט ער געבעטען, זאָל איך איהם ווייזען דאָס קינד... איך האָב עס ארויסגענומען פון ווינעלע און געוויזען איהם און ער האָט דאָס קינד בעדעקט מיט קושען... דיין טאַטע האָט דאָס קינד קיין מאָל ניט געקושט מיט אַזאַ וואַרעמקייט. ער האָט מיר נאָך אַמאָל געבעטען מיט אַ שטילען הייזעריגלאַכען קול פון אַראָפּגע־שלונגענע טרערען, איך זאָל איהם צו שלעכטען קיין מאָל ניט דער־מאָנען און זאָל כאָטש אַמאָל וועגען איהם דענקען און איז אוועק...

דער מאַמעס געזיכט האָט זיך ווייטער בעצויגען מיט אַ וואָל־קען, עס איז געווען קענטיג, אַז אין געדאַנקען לעבט זי איצט איבער די לעצטע צושיידעניש זייערע.

— נאָר, יע, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? האָט זי זיך באַלד ווייטער געכאַפּט. — אידישע קינדער און מען טאָר דעם יצר הרע ניט נאָכגעבען. ליעבע־שמיבע דאָס איז פּוסטע זאַכען. איך האָב בעסער געפאָלגט טאַטען־מאַמען און האָב קיין חרטה ניט...

* * *

נאָר — אַ גאָט׳ס וואונדער! — די ערצעהלונג האָט ניט נאָר אויף מיר ניט געווירקט, אַז איך זאָל אַרויסשלאָגען ברוך דעם צינעלניק׳ס טאָכטער פֿון קאָפּ. נאָר פֿערקערט, מיר האָט נאָך שטאַרק, זעהר שטאַרק אויך צו טרערען וועה געטהאָן. פֿאַר וואָס די מאַמע האָט ניט חתונה געהאַט פֿאַר איהר געוועזענעם לעהרער.

# אַרקע דער שוסטער.

שוין אַ גוטע שעה, ווי אַרקע מאַטערט זיך איינצושלאָפען און קען ניט. ער האַלט פערמאַכט די אויגען, פּרובירט צו ליגען וווילע אונבעוועגט — נאָר דער שלאָף קריכט ניט אין קאָפּ. דער וואַנט־זייגער גיט עפּעס אַ מין סלוקערץ, אַ סימן אַז באַלד וועט ער שלאָגען. אַרקען פערגלוסט זיך צו וויסען פיעל עס געדויערט פון סלוקערץ ביז'ן שלאָגען. ער הויבט אָן צו צעהלען די טיק־טאַקס. זעכציג טיק־טאַקס אין אַ מינוט, צוויי מינוטען האָט ער אָנגע־חשבונ'ט נאָר אויף דער דריטער האָט ער זיך פערפּלאָנטערט און גע־וואָרפען דאָס צייהלען. דער זייגער האָט באַלד גענומען שלאָגען אין איינער איילענים, כמעט ווי אין איין אטהעם. אַרקע האָט אָפּגע־צייהלט זיבען.

— צום שוואַרץ־יאָהר! נאָך ערסט זיבען אַזייגער! וואָס טהוט מען אַזוי פריה? אין שוהל געהט ער ניט און דאַוונען דאַ־וועגט ער אין שטוב אויך ניט. היינט איז שבת און ביי איהם איז אַ טאָג פון רוה. ער גיט זיך אַ קעהר אַזוי אַז ער בלייבט ליגען אויפן רוקען, לייגט אונטער די הענט, מיט צונויפגעקליאַמערטע פינגער איינע אין די אַנדערע אונטערן קאָפּ און הויבט אָן בהרחבה צו גענעצען.

ער ליגט אַזוי אַ קורצע וויילע און קלייבט נחת פון זיין טאָג רוה, נאָר באַלד ווערט עס איהם דערעסען. ער גיט זיך אַ קעהר אויף דער זייט און טראַכט אַ וויילע.

ער פאַלט אויף אַ פּלאַן: ער רוקט אַרונטער זיי האַנט אונטער דער פּערענע, ציהט אַרויס אַ שטרוי, פערבראַקירט איהם און ציהט אַרויס אַ צווייטען, אַ דריטען און קלייבט אויס אַזעלכען וואָס

האט א הארינג קעפעל: ער שטרעקט אוים די האנט צום צווייטען בעט, וואו עס שלאפט זיין ווייב און פיהרט מיט'ן שטרוי איבער'ן האלז. אבער די ווייב שלאפט געשמאק און פיהלט ניט דעם שטרוי. ער נעהמט פיהרען מיט'ן שטרוי ארום אויער און באלד טאקע אין אויער גופא.

— פ־פ־פ־פ־ע־ע! מורמעלט די ווייב ארוים פון שלאף און כאפט זיך שלאפעריגערהייד מיט דער האנט פאר'ן אויער.

ער ווארט אפ א ווייילע און בענייעט ווידער דאס קיצלען מיטן שטרוי. זי דרעהט פון שלאף מיט'ן קאפ, טרייבט מיט דער האנט די בייסיגע פליג און ער קייכט זיך פאר געלעכטער.

ארקע לאכט אין זיך און האלט זיך קוים איין ניט ארויסצו־שיסען מיט א געלעכטער.

די ווייב עפענט די אויגען און הויבט אן צו זוכען די בייסיגע פליג, דאס שפיעל מיט'ן שטרוי איז געענדיגט.

זי קריכט ארוים פון בעט, עפענט פערנאנדער די לאדענס און ער בלייבט נאך אלץ ליגען אין בעט.

עס ווילט זיך ניט שלאפען, אבער נאך וועניגער גלוסט זיך איהם אויפצוהויבען זיך פון בעט. וואס וועט ער טהאן? ער ליגט און גענעצט ווייטער. אבער אהן אפעטיט, עפעס סתם פוילע געניי־צען. ער האט שוין באלד בדעה אנצוטאהן זיך — פארט געוואוינט אויפצושטעהן טאג־טעגליך פינף אזייגער — ערשט דאס קינד, א פיער יעהריג איננעלע כאפט זיך אויף.

דאס קינד איז א קיילעכדינס, מיט א גרויסען בויך, ווי דאס רוב ביי ארימע קינדער, וועלכע דערוויסען דעם טעם פון ברויט גלייך ווי ביי זיי נעהמען זיך אויסשניידען צייהנדלאך און ביי וועלכע דער בויך וואקסט אויפן חשבון פון גאנצען קערפער. ארקע שמייכעלט צו איהם א וויילע, דערנאך ניט ער איהם א פורקע מיט'ן פינגער אין נאלען בייכעל און ווארפט איהם אויף:

— בוזע!

— דו פוזע!

— ניין, דו פוזע.

— ניין, מאַמע! האָט זיך דאָס קינד אַנגעהויבן צו בריקען און וואַרפן זיך מיט די פיסלאַך: — דו, דו פוזע.

דאָס שפּיעל געפעלט אַרקען זעהר, אָבער די מוטער נעהמט באַלד אַרויס דאָס אינגעלע פון בעט און ער בלייבט ווייטער אַליין.

ער ליגט איצט פערקלערט. דאָס שפּיעל מיט'ן קינד האָט איהם דערמאָנט זיינע אייגענע קינדערשע יאָהרען. ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסען בויך און געריפען האָט מען איהם „קאַרדופּ“.

ניט איין מאָל האָט ער זיך געשלאָגען מיט די קינדער פון חדר און מיט די קינדער פון שקאָלע פאַר דעם צונעמענים. יאָ, דער צונעמענים האָט איהם פערשאַפט אַ סך קריינקונג און איינציגווייז שווימען אַרויס ביי איהם אין מאָרך די חברים מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגעשלאָגען, די ערטער, וואו די געשלעגען זיינען פאָרגעקומען און פּלוצים גיט איהם אָפּ מיט אַזאַ מין ליעבליכער וואַרעמקייט, עס גיט זיך אַ צאַפּעל עפּעס אַ פערבאָרגענע סטרונע אין זיין האַרצען און אַ נייע ליעד — אַ ליעד וועגען זיינע עלענדע, אָרימע, אונשולדיגע אָבער פריילינכע קינדערשע יאָהרען הויבט איהם צו שפּיעלען די סטרונע. ער הערט זיך צו צום שפּיעלען און קוועלט פון זיינע קינדערשע יאָהרען.

און זכרונות וועגען חדר, וועגען דער שקאָלע שווימען אַרויף ביי איהם אין מאָרך; און די זכרונות זיינען פערוויקעלט מיט אַ דונקעלען דעקטוך, און וואָס דונקעלער, וואָס פערשטעלטער זיי זיינען, אַלץ בעליבטער, אַלץ טייערער זיינען זיי איהם, אַלץ וואַרעמער, אַלץ פריילינכער ווערט איהם אויפ'ן האַרצען.

און זכרונות אויסער דעם רבי'ס קלעפּ, אויף וועלכע דער רבי איז געווען אַ גרויסער נדבן, אויסער דער רבי'צענס גרעטשענע לאַטקעס, דער טעם פון וועלכע ליגען נאָך איהם עד היום אין מאָגען, אויסער דעם ראָבען האָהן, מיט'ן רויטען קאַם, וואָס פלעגט אָפט אין מיטען לערנען אַרויפשפּרינגען אויפ'ן טיש און אויף אַ מינוט שטערען דאָס לערנען צום גרעסטען נחת פון אַלע קינדער, — אויסער די דאָזיגע אַלע זכרונות זיינען איהם נאָך פערבליבען נאָך פיעל אַנדערע פון חדר, ווי אַ שטיינגער, וועגען גן עדן, וואו אדם און חוה זיינען אַרומגעגאַנגען מוטער־נאַקעט, ולא

יתבוששו, און זיי האָבן זיך ניט געשעמט און ווענען נאָט וואָס האָט ביי קיין געפּרענט „איכה", וואָס גראַמט זיך זעהר מיט קר קורעקו... ווייטער זומערדינע הייסע טעג און מיט זיי איז עפּעס פערקניפּט „בראַנדראַפּער", „נאַנצאַפּער", „פריערזאַפּער"... און ווייטער קומט עפּעס „המניח את הכד ברשות הרבים", אז איינער ליינט אוועק א קרוג אין רשות הרבים... און דאַ לאָזט זיך אַראָפּ דער פאַרהאַנג. אבער דער קרוג איז ניט קיין ליימענער, ניט קיין פּשוט'ער און ער ווינקט צו איהם און וויל איהם מסתמא, דער צעהלען פיעל מעשיות פון זייער פריתינער יונגער בעקאַנטשאַפט. נאָר דער פאַרהאַנג שטערט דערין.

און די זכרונות פון שקאָלע זיינען אויך ניט ווענינער וואָרעם. אויך ניט ווענינער פריילין, כאָטש זיי זיינען פערבונדען מיט קאָלטע קולקעס שניי, מיט וועלכע ער און די חברים פלעגען זיך וואַרפען אין דער צייט פון די „פערעמענעס" אין זערטעל פאר דער שקאָלע, און מיט הארטע ליניקעס, וואָס ער פלעגט אָפט כאַפּען פון „סמאָטריטעל", און מיט ניט זעהר קיין אנגענעהמען פלאַץ אין „וואַגזאַל", לעבען אויוועז, וואו ער פלעגט אַמאָל שטעהן פאר ניט אויסלערנען דעם אוראָק. און ווייטער געדענקט ער עפּעס א שעהנע מעשה מיט „סאָל אי גובקאַ" און עטליכע שורות פון „משיז אי גאָלוב" וועלכע ער געדענקט נאָך ער היום אויף אויסווענינג.

— דער טהיי ווערט קאַלט ווערען, שטעה שוין אויף! טרייבט איהם די ווייב, און ארקע כאַפּט זיך איצט גיך אנטהאָן, גראַד ווי אין די קינדערשע יאָהרען, ווען א שטיינער די עלטערע שוועסטער פלעגט איהם וועקען נעהן אין חדר אדער אין שקאָלע און ער פער־געסט אין גאַנצען אז דאָ וועקט זיין ווייב און ער האָט ניט וואָס צו איילען.

נאָכ'ן טהיי נעהמט ארקע ארויס אנגעטהאָן אין זיינע שבת'־דיגע בגדים, נעהט צו צום פלעצעל וואו די סאָלדאַטען מושטירען זיך, קיקט אוויילע, נאָר פערלאָזט באַלד דעם פּלאַץ, ווייל די זון ברענט זעהר און אונטער זיין שטייף אנגעקראָכמאַלעטע, אויסגע־פּרעסטע העמד פיהלט ער זיך ווי אונטער א הייסען אויווען.

א רגע טראַכט ער, וואוהין נעהט מען, נאָר צו קיין הויז ציהט

איהם ניט זיין הארץ. מיט זיינע אלע בעקאַנטע פון זיין פאַך האָט ער גאַר אַ קנאַפּע מגע ומשא; ער געפינט ניט וואָס צו רעדען מיט זיי: ווייטער לעדער, שטיוועל, קאַמאַשען און אָבער קאַמאַשען, שטיוועל, לעדער. ער רעכענט זיי גאַר פאַר פּראָסטע מענשען. זיי ווייסען אפילו ניט די עטליכע שורות פון „טשיז אי גאַלוב". ער וואָלט וועלען האָבען בעקאַנטע צווישען די קענערס, קלוגע רייד האָט ער זעהר ליעב צו הערען, נאָר ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

ער קויפט אַ לאָקאַלע רוסישע צייטונג און קעהרט זיך צוריק אהיים.

אמאָל פלעגט ער אויף שבת נעהמען אַ אידיש מעשה ביכעל און האָט געקליבען פיעל נחת פון די העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען. דער שבת'דיגער טאָג פלעגט איהם אריבערלויפען אזוי גיך, אז ער האָט איהם קוים בעמערקט. מעשיות האָט ער זעהר ליעב געהאַט. נאָר צייט עס האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען די אידישע ליטעראַטור און ער האָט איבערגעלייענט עטליכע שטיקלאך קריטיקען איבער די העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען, האָט ער זיי מעהר אין האַנט ניט גענומען. מען קען ניט זאָגען, אז ער האָט פיינט געקראָגען די דאָזיגע ראָמאַנען און ער האָט אפילו ניט פערשטאַנען, וואָס אייגענטליך האָט מען אויסצוברעכען געגען זיי, נאָר זיין ווילען צו שטעהן העכער פון די אַנדערע פּראָסטע מענשען, וואָס בעשמאַקעווען זיך מיט יענע ראָמאַנען, איז געווען אזוי גרויס, און אז געבילדעטע מענשען זאָגען, מען טאָר זיי ניט לייענען, האָט ער זיי געגלויבט און האָט איבער זיך אַ כח אָנגעטהאָן ניט צו לייענען די ביכלאך צו וועלכע זיין הארץ האָט איהם געצויגען.

אויפ'ן טיש שטעהט שוין צוגעגרייט בראַנפען, פערבייסען. ער טרינקט פּאַמעלאַך דעם ערשטען כוס און לייענט די רוסישע לאָקאַלע צייטונג שעפּטשענדיג. ער לייענט דעם לייט אַרטיקעל, פון צעהן ווערטער כאַפּט ער קוים פערשטעהן איינס. און נאָך אַ גוטע שעה לייענים בלייבט איהם אין קאָפּ פּוסט און אויפ'ן פּנים טונקט זיך אָפּ אַ קראַנקליך געפיהל. ער פערטרינקט זיינע יסורים

מיט א גלעזעל, צוויי און לייענט ווייטער. ער שטויסט זיך אן אויף א שטיקעל נייעס און פערשטעהט די בעדייטונגען דערפון און ער פיחלט זיך גליקליך איבער גליקליך.

— רבקה! דו ווילסט הערען נייעס? רופט ער זיין ווייב מיט א פרייליכען און גליקליכען קול.

עס קומען אריין זייערע געזעלען.א פאר יונגע בחורים'לאך, מיט ביכלאך אין די הענט. ער גיט אויף זיי א קוק מיט אויגען האלב פערלאשענע פון בראנפען און האלב אנגעצונדענע פון קנאה. ער ווייסט פון וואנען זיי קומען איצט, דאס הייסט ער ווייס, וואס זיי האבען געטהאן און איז זיי שטארק מקנא. ביז דא נים לאנג צוריק האט ער אויף זיי געקוקט, ווי ער האט געקוקט אויף אלע זיינע בעקאנטע פון דראמטווע, דאס הייסט ווי אויף פינסטערע גראבע יונגען. נאר צייט זיי האבען זיך אנגעהויבען צו לערנען, האט ער פאר זיי דרך ארץ געקריגען... און עפעס איז זייער לערנען מאקע נאר א מארגער, א סארט לערנען, קאטארי וועלכער איז מאיא פאטשטעניע... זיי פערמאגען ניט זיין „פאדמיאטקע" אין רוסיש. ביז א קורצער צייט צוריק האבען זיי אפילו דעם אזבוק נים געוואוסט און איצט לייענען זיי שוין א נאטורוויסענשאפטלי־כען בוך. ער פערשטעהט אין דעם ביכעל קיין איינציג ווארט ניט. אמת, זיי קענען איהם אייך ניט ראסטאלקעווע.. וואס דארטען שטעהט, נאר די מעשה מוז זיין, וואס דער ענין איז דא אזא שווע־רער... ער גלויבט שטארק אין זייער לעהרער. און ווי זאל מען נים גלויבען אין אזא לעהרער, ווענעס נאמען מען טאר נים וויסען? מען זאגט, אז ער איז פון „ווערזיטעט"... ארקע האט גרויס חשק געהאט ארייננצוטרעטען אין זייער קאמפאניע איז האט אפילו געוואלט צאהלען. זיינע געזעלען האבען מכח דעם גערערט מיט'ן לעהרער, נאר מען נעהמט איהם נים אריין... א חסרון ער איז א בעווייבטער... ווייס ער? זיין רבקה, דוכט זיך, וואלט איהם ניט געשטערט אין לערנען. אדרבא, זי וואלט נאך געווען דערפון זעהר צופריעדען.

— געלערענט? — פרעגט ער זיינע געזעלען.

— ווי זשע! ענטפערן זיי ביידע אויף אמאל.

— וואָס ?

— ווענגען „לונאַ" (לבנה).

אַרקע ווערט שטאַרק פּעראַינטערעסירט. דער גאַנצער בראַנ־פען ווערט אויף אַווײַלע אויסגעוועפּט און ער שטעלט אוים נאָז און אויערען צו הערען וואָס זיי האָבען צו דערצעהלען.

ביידע בחורים'לאַך הויבען אָן צו דערצעהלען, איבערשלאָ־גענדיג איינער דעם צווייטען, פאַר וואָס איז די לבנה אמאָל אַ סערפּ, אמאָל אַ האַלבע און אמאָל אַ גאַנצע. אַרקע הערט אויפ־מערקזאַם און פּערשטעהט לחלוטין גאָר ניט.

— ע־ע־ע, איהר באַלבעט ; — בעמערקט אַרקע און די אויגען ווערען ווייטער האַלב פּערלאָשען.

— אַזוי שטעהט אין ביכעל, — רופט זיך אָן איינער בעליי־דיגט.

— אַזוי האָט דער לעהרער געזאָגט, — בעמערקט דער צווייטער.

— לאָמיר מאַכען לחיים, — זאָגט אַרקע און טרינקט אוים נאָך אַ גלעזעל בראַנפען.

ער ווערט פרעהליך, הויבט זיך אָן צו רויצען, שפּיעלען מיט'ן קינד, מיט'ן ווייב, די געזעלען קוקען אין זייערע ביכלאַך ביז מען טראָגט אַריין דעם טשאָלענט.

נאָכ'ן עסען ליגט שוין ווידער אַרקע אין בעט און עס ענבערט איהם אַ געדאַנק דעם מוח : ווען ער וואָלט ניט געוואָרען קיין שוסטער, וואָלט ער געווים אַליין געקענט פּערשטעהן אַ ביכעל. זיינע עלטערע ברידער קענען פאַרט האַלטען אַ ספר. זיי זיינען אפילו פאַנאַטיקער... ער האַלט ניט פון זיי... אָבער וואָס איז די פּעולה, זיי זיינען פאַרט ניט קיין פינסטערע מענשען. זיי, די ברי־דער, זיינען טאַקע געווען מיט הענט און פים געגען זיין שוס־טעריי.

אַרקע שיסט פלוצים אוים אין אַ געלעכטער.

ער דערמאָנט זיך, ווי ער איז אמאָל אַראָפּגעפּאָהרען צו זיין ברודער דעם חזן אין שטעדטעל צוגאַסט. דער ברודער האָט ניט געהאַט קיין האַרץ צו פּערלייקענען, אַז אַרקע איז אַן אַרבייטער.

נאר ער האט געוואלט פערפיינען זיין אומנות און האט איהם פארגעשטעלט פאר א שטעפער. ארקע געדענקט אליין, ניט פאר וואס, נאר ווען דער ברודער האט איהם אזוי פארגעשטעלט, האט ער זיך אנגערופען:

— ניין, איך בין א פשוט'ער שוסטער!

עס איז דעמאלט געווען א פאטעבע מיט'ן ברודער! חא־חא־חא!...

— נאר ראר זיינען זיי געווען געדעכט, וואס זיי זיינען נע־ווען נענען שוסטעריי. אזא יאהר אויף מיר, ווי זיי זיינען געווען געדעכט... געדעכט, ווי איך בין א איד. געדעכט! !... גע־דע־כט! !...

# ער האָט געזעהן.

דער בכור פון דער גרויסער פאמיליע אין דעם קליינעם שטע־בעל אנטקעגען אונזער הויז האָט געהייסען לייבע. ער איז געווען א טאטע פון עטליכע קינדער און ווייל ער איז געווען א גרויסער קבצן האָט ער מיט זיין ווייב דאָבע און די קינדער געוואוינט ביי טאטע־מאמען, הגם דאָס גאנצע שטיבעל איז בעשטאַנען פון איין זעהר שמאָלען און לאַנגען צימער.

לייבע איז געווען א ליבאוויטשער חסיד און האָט זיך אויפ'ן ערשטען בליק ניט אונטערשיידט פון די אנדערע חסידים וואָס האָ־בען געוואוינט אין שכנות מיט אונז. ווי זיי איז ער אין מקוה גע־גאַנגען, ווי זיי איז ער ביים דאַווענען ארומגעשפרונגען און גע־רבק'עט זיך, נאָר עפּעס אַזוינס האָט פון איהם ארויסגעשטראַלט, וואָס מען האָט אין אנדערע ניט בעמערקט.

זיין היטעל איז כמעט שטענדיג געזעסען אויף איהם קרומליך און ווען ער האָט גערעדט האָט ער דעם קאָפּ געהאַלטען עטוואָס אויסגעבויגען אָן א זייט און די אויגען האָבען געקוקט צו א ווינ־קעל, ווי ער וואָלט אין דערזעלביגער צייט געזעהן עפּעס אַזוינס, וואָס מיר האָבען ניט געקענט זעהן.

איך בין נאָך געווען גאָר א איינגעל, ווען איך האָב זיך מיט איהם בעקאַנט. איך האָב דעמאָלט געכאַפּט דעם ערשטען נאַש פון השכלה און האָב ניט לאַנג אַנגעהויבען צו לייענען די ביכער, וואָס האָבען די ציפּער געהאַט אין מיטען.

איינס פון אונזערע פענסטער איז ארויסגעקומען פונקט אנט־קעגען דער טהיר פון דעם שטיבעל, וואו ער האָט געוואוינט, און ווען איך בין אמאָל זומער צייט געזעסען מיט אַזאַ ביכעל אין האַנט

פאר'ן אפענעם פענסטער איז ער צוגעקומען און געפרעגט, וואס איך לייען.

פאר א חסיד פאר זיין שנים איז דאס געווען גאר אונגע־וועהנליך.

איך האב איהם עמוואס איבערראשט געגעבען דעם ביכעל און ער האט אויסגעבויגען דעם קאפ אן א זייט און מיט די אויגען געריכט צו א ווינקעל האט ער א קוק געטהאן אויפ'ן שער.

— יע, — האט ער געזאגט און אפגעגעבען צוריק דאס ביכעל.

דער „יע" האט געקענט בעדייטען א סך זאכען. עס האט גע־קענט בעדייטען, אז די קליפה, רחמנא לצלן, האט זיך שוין אריינ־געכאפט צו אונז אין שטוב און האט מיך אויסגעקליבען פאר איהר קרבן; עס האט אויך געקענט בעדייטען: „הבל הבלים, מיר האבען עס שוין אלץ געזעהן!" און וואס נים. ער האט געהאט א טבע צ' ריידען, אזוי צו זאגען, מיט פינטעלאך, מיט רמזים, אזוי ווי ער וואלט ערווארט, אז א מתורגמן זאל ערשט זיינע פיעל בעדייטענדע ווערטער צוגליעדערען און אויסגעפינען זייער ריכטיגען מיין, די אמת'ע כונה.

דאס השכלה ביכעל האט איהם פון מיר נים פערטריבען, און ער, א טאטע פון קינדער, וואס זיינען שוין געווען אין מיין עלטער, האט אנגעהויבען אפט צוצוקומען צו מיין פענסטער און שמועסען.

און ווי זיין שמיינער איז געווען, האט ער גערעדט מעהר אויפ'ן וואונק, ווי מיט ווערטער: מעהר נים דערזאגט, ווי געזאגט, און געשטעלט שווער דעם טראפ אויף דעם אפגעהאקטען זאץ.

ער האט מיט מיר נים גערעדט נים וועגען חסידות און נים וועגען השכלה, נים וועגען פאליטיק און נים וועגען וועלטליכע זאכען. איך ווייס אפילו נים, צי מען האט עס געקענט רופען שמו־עס. ער פלעגט זיך שטעלען פון יענער זייט פענסטער, קוקען מיט'ן קאפ אויסגעבויגען אן זייט און מיט די אויגען געריכט צו א וויג־קעל און מיט א קוים בעמערקבארען שמייכעל ארום מויל דרעהען א פאפיראס און פון צייט צו צייט ארויסכאפען זיך מיט עפעס א בעמערקונג, וואס האט געהאט א שייכות מיט א מאמר חז"ל אדער מיט'ן תנ"ך. מיר האבען זיך אמאל צורעדט וועגען שיר השירים,

דאָס הייסט געקערדט האָב איך און ער האָט לאַנגזאַם געדרייכערט אַ פּאַפּיראָס, מיט'ן קאָפּ אויסגעבויגען אַן אַ זייט און מיט די אויגען געריכט צו אַ ווינקעל, און פּלוצים האָט ער זיך אָנגערופען:

— גיעט פּזמון בלא דיעווקא.

און דער קוים בעמערקבארער שמייכעל ארום די ווינקלען פון זיין מויל איז אויסגעוואקסען און פערשפּרייט זיך איבער זיין גאַנ־צען געזיכט.

און איך האָב ווידער ניט געוואוסט, ווי ריכטיג אויסצוטייטשען אזא מין ארויספאָהר. איך בין אפילו ניט געווען אין גאַנצען זיכער צי דער דאָזיגער שפּרוך האָט עפּעס א שייכות מיט שיר השירים.

איינמאָל איז ער צוגעקומען צום פענסטער, ווען איך בין דאָר־טען געזעסען און געלייענט דעם „התועה בדרכי החיים". איך האָב איהם בעמערקט און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, גע־נומען דאָס ביכעל, אויפגעמישט דעם שער, א קוק געטהאָן און אויסגעמורמעלט:

— המ...

ער האָט דעם קאָפּ טיעפער אנגעבויגען אַן א זייט און מיט די אויגען נאָך טיעפער געריכט צו א ווינקעל, האָט ער א צווייטען מאָל א קוק געטהאָן און דער קוים בעמערקבארער שמייכעל איז בולט'ער געוואָרען.

ער איז א ווייל געשטאַנען און האָט קיין זאך ניט געזאָגט און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען, ווי זיין שטייגער איז גע־ווען, מעהר ניט דערזאָגט ווי געזאָגט, מיט'ן שווערען טראָפּ אויף יעדע עטליכע ווערטער און פיעל בעדייטענדע הפסקות צווישען די ווערטער.

— בדידי הוא עובדא... דאָס איז געווען נאָך פאַר מיין חתונה... דעמאָלט זיינען גאָר ניט געווען בנמצא די דאָזיגע טריף־פּסול'ען... איך בין געזעסען אין שטיבעל און געלערענט... און פּלוצים האָב איך אָנגעהויבען פרעגען קשיות... פערשטעהסט? פ ר ע ג ע ן.

ער האָט אזוי א קוועטש געטהאָן דאָס וואָרט פרעגען, אז איך האָב זיך אנגעשטויסען אז טיעפע סודות שטעקען דעריין.

— און א גבורה שטעקט אין זיי! זיי שלעפן... און ביזטו מרחה איינע, קומען צען נייע... און איך בין שוין ניט מרחה... אדרבה, איך וויל וויסען און איך פרעג...

און ער האט ווידער א קוועטש געטהאן דעם שווערען טראפ אויפ'ן לעצטען ווארט.

— ז י י  זיינען דאך בהמות... ז י י  פרעגען קיין זאך ניט... ז י י  פאהרען צים רבי'ן ווי בלינדע... און איך האב געפרעגט. איך בין געווען איינער אליין און זיי אלע אנטקעגען מיר, נאר איך האב געזאגט, איך וויל ניט זיין בלינד... איך מוז  ז ע ה ן.

ער האט איצט אזוי טיעף א קעהר געטהאן די אויגען צום ווינקעל, אז עס האט אויסגעוויזען, ער וויל מיט זיי זעהן הינטער זיין פאמיליציע.

— און איך בין אוועק... איך בין געגאנגען ניט ווי קיין בלינ־דער. איך האב געוואלט זעהן מיט מיינע אויגען. ניט שפּרינגען קדוש, נאר מאקע זעהן בחוש.

ער האט געמאכט א לאנגע הפסקה און מיט'ן קאפ עטוואס אויסגעבויגען אז א זייט האט ער ג'קוקט אויף מיר. איצט איז זיין געזיכט געווען ערנסט, און ווען ער האט איצט אנגעהויבען צו רייד־דען ווייטער, האט ער געמאכט גרעסערע הפסקות ווי געוועהנליך.

— א גרויסער עולם איז געווען ביים טיש...  ז י י  האבען אויסגעקוקט די אויגען אויפ'ן שיריים און איך האב געהאלטען מייד־נע אויגען אפען... און ער, זאל לעבען, האט מיך דערזעהן... פון דעם גאנצען עולם מיך איינעם דערזעהן... פערשטעהסט? דערזעהן... נאך דער סעודה געשיקט מיך רופען... איך בין אריין אהן הכנעה... אט ווי איך געה צו דיר... און געשטאנען ניט ווי עבד לפני ארונו, נאר איך האב חשבון געפאדערט...

ער האט איצט ווידער געמאכט נאר א לאנגע הפסקה און, ווי זיין שטייגער, פון דער זייט געקוקט אויף מיר און עפעס שטרא־לענדעס האט זיך אנגעהויבען צו פערשפרייטען איבער זיין גע־זיכט.

— און דעמאלט האב איך דערזעהן... ער האט קיין תרעומות ניט געהאט אויף מיר... אדרבה האט תיכף צוגעגעבען, מען דארף

ניט זיין בלינד... נאָר די אויגען האָט ער מיר געעפענט... איך בין געווען בלינדער פון די בלינדע און ער האָט מיך געמאַכט זעהן... און איך האָב דערזעהן...

מיר איז קיינמאָל ניט געוואָרען קלאָר וואָס אַזוינס ער האָט דערזעהן און וואָס איז געווען זיין פריהערדיגע בלינדקייט, נאָר איך האָב בעגריפען די פרייד, וואָס האָט שטענדיג ארויסגעשטראַלט פון זיין נשמה.

# די געשמיסענע.

.1

איך בין נאך דעמאלט, ווען מיין ערשטע בעקאנטשאפט האט זיך אנגעהויבען מיט איהר, געווען א קינד. איך בין יענעם אבענד געזעסען ביים פערפרווירענעם פענסטער און פערגניגט זיך אויף די פראסטינע קווייטען, וואס האבען זיך פאנטאסטיש אויסגעלענט אי־בער די שויבען און דערנאך האב איך גענומען שמירען קאפיקעס אויף זיי. איך געדענק נים, צו האב איך מיט מיין לעצטער ארביים געוואלט צוגעבען מעהר חן די קווייטען, אזוי צו זאגען, רייכער מאכען זיי אדער די יאנענים פון די גרויסע נאך געלט האט מיר אריינגעגעבען א חשק צו מאכען ביי אזא גוטע געלעגענהייט, כאטש צופלייסינע מטבעות. ווי דאס איז, נאר די ארביים האט מיר גע־קאסט צוויי זאכען. ערשטענס האב איך בעקומען שפילקעס אין די פינגער און צווייטענס האב איך געכאפט א געשריי פון דער מא־מען:

— אוועק פון פענסטער, די שויבען וועלען פלאצען!

דאס, וואס די שויבען וועלען פלאצען, איז פאר מיר געווען א קנאפער בעוויין, אז איך דארף אוועקגעהן פון פענסטער, א שטאר־קערער בעוויין איז געווען דער געשריי, און איך האב געפאלגט, בין אפגעטראטען פון פענסטער און צוגעגאנגען צום אייוועך.

דער פאטער האט געדארפט קומען פון וועג, און מען האט אויף איהם יעדע מינוט געווארט. די מאמע פלעגט אלע ווײלע זיך אפ־שטעלען אין מיטען שטוב, אנבויגען עטוואס דעם קאפ צום זייט פון פענסטער און הארכען און יעדעס מאל בעמערקען:

— אַזאַ פּראָסט, אַזאַ פּראָסט! ער וועט אַ דערפרוירענער ווערען!

דער סאַמאָוואַר האָט געהאַלטען אין איין קאָכען און די מאַמע — אין איין צוגיסען, איך האָב זיך צוגעהערט, ווי די בוימער אין גאָרטען האָבען געקנאַקט פון פראָסט און איך האָב זיך געוואָלט פאָרשטעלען, ווי דער טאַטע ווערט אַ דערפרוירענער פון קעלט און האָב דאָס בשום אופן ניט געקענט. נאָהענט פון דעם וואָרעמען אייוועןן און אפילו מיט שפּילקעס אין די פינגער פון שמידען געלט ביים פענסטער, האָב איך זיך ניט געקענט פאָרשטעלען ווי אַזוי קען די קעלט אַריינ׳גנב׳ענען זיך צום טאַטען דורך זיין גרויסען שאָפּענ־פוטער און אין דעם ספק בין איך געווען גאַנץ רוהיג, כאָטש וואָרטען האָב איך אויף איהם געוואָרט אונגעדולדיג.

שפּעט אין אָבענד האָט זיך דערהערט אַ קלינגען פון אַ גלעקעל, דאָס קלינגען האָט זיך געהערט פון גאַנץ ווייט, נאָר איך און די מאַמע און די שטוביגע האָבען געוואוסט, אַז דאָס קומט דער טאַטע, און לאַנג טאָקע האָבען מיר ניט געדאַרפט וואַרטען. באַלד האָט זיך דערהערט, ווי דער שניי האָט געכרוסטשעט אונטער אַ שליטען, און דער טאַטע מיט פערפרוירענע וואַנסען און אַ שטיקעל באָרד איבער׳ן קינ־באָק, וואָס האָט זיך אַרויסגעזעהן פון פוטער, איז אַריין אין שטוב, פערשפּרייטענדיג אַ קעלט אַרום זיך.

— אַ פראָסט אַ ברענענדיגער! ער האָט מיר שיער די נאָז ניט אָפּגעשמאַלעט.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף זיין נאָז: זי האָט געהאַט דעם קאָליר פון אַן אָפּגעשאָבענעם מערעלע.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש טרינקען טהיי, איך האָב געמאַכט דעם סדר פאַר זיך בעזונדער אויף אַ פּוס ביינקעלע ניט ווייט פון אייוועןן.

דער פאָטער האָט געהאַלטען אין רעדען וועגען זיין נסיעה, און אין אַזעלכע מינוטען האָב איך געוואוסט, קען מען ביי איהם אַלץ פּועל׳ן. איך האָב זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און צוגעטראָגען צו איהם אַלע ווייַלע מיין גלאָז טהיי און געבעטען דערגיסען מיט ראָם. ער האָט געטהאָן מיין פערלאַנג, ניט בעד־

כראַכמעראַחיים, אַזוי לאַנג, ביז די מאַמע האָט אויף איהם אַ גע־
שריי געטהאָן:

— וואָס טהוסטו? דו ווילסט איהם, איינשכור'ען צו וואָס?

— נענוג! האָט זיך דער פאָטער אויף מיר אַ בייזער געטהאָן
דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב איהם צונעטראָגען מיין גלאָז.

און עס איז טאַקע געווען נענוג. און נאָך אפשר מעהר ווי נענוג.
פון דעם פאָטערס אַפטען צוגיסען, האָט זיך דער גאַנצער טחיי
אויסגעוועבט אין מיין גלאָז און די משקה איז געוואָרען זעהר אַ
שאַרפע. איך האָב זיך ווייטער געזעצט אויף מיין פוס־ביינקעלע
און גענומען טרינקען מיט קליינע זופּעלאַך די שיריים, אַנבוי־
גענדיג פאַר יעדען זופּ דעם קאָפּ אין אַ זייט און אַ קוקטהוענדיג,
וואו האַלט דאָס אין גלאָז. און וואָס ווייטער האָב איך אַלץ שווע־
רער נעזועהען. צווישען מיינע אויגען און דעם גלאָז האָט זיך פער־
שפּריים אַ לייכטער טומאַן, און איך האָב נעמויזט מיט די פינגער
אַרונטערציהען אַביסעל די ברעמען, כדי קלערער צו זעהן: נאָר דאָס
האָט ניט געהאָלפען. דער טומאַן האָט זיך אַלץ געלעגט געדיכטער
און גענומען פערוויקלען ניט נאָר דאָס גלאָז אליין, נאָר אַלץ וואָס
אין שטוב האָט זיך געפונען. אַ רגע האָט זיך דער טומאַן אַפּגע־
סייקעלט און יעדע זאַך איז געוואָרען קלאָר, ווי פריהער, נאָר באַלד
האָט דער טומאַן ווייטער אַרויסגעפּלייצט און גענומען ווינען אַלץ
אין שטוב. מיין ביינקעלע האָט זיך געווינט צוזאַמען מיט מיר און
עס האָט זיך מיר פערגלוסט זיננען עפּעס אַ לידעלע. דאָס גע־
שפּרעך ביים טיש האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ שטילען שושקען
און דאָס פייער איז געוואָרען נאָך טונקלער און...

און איך האָב פּלוצים דערהערט אַן אויסטיש פון קולות: די
קולות זיינען געקומען ווי פון אַ פערבאָרגענעם אָרט. איך בין
געלעגען שטיל און מורא געהאַט צו עפענען די אויגען. אַ פּאָר
מינוט בין איך אַזוי געלעגען מיט אַ שטאַרקע האַרצקלאַפּענעס, און
די מינוטען זיינען מיר אויסגעקומען זעהר, זעהר לאַנג, דערנאָך
האָב איך געמאַכט האַרץ און געעפענט די אויגען: אַרום איז שטאָק־
פינסטער. איך ווייס, אַז איך ליג אין בעט, אָבער איך דערקען
ניט מיין אָרט, עפּעס ליג איך מיט'ן קאָפּ צום צופוסענס און איך

זוך אין דער פינסטער מיט די אויגען דאָס פענסטער, וואָס דאַרף מיר אויסקומען אנטקעגען, נאָר איך געפין עס ניט. עס שיינט, אַז אַדער דאָס פענסטער איז אנטלאָפען אָדער איך געפין זיך אין אַן אומבעקאַנטען אָרט. די פראַגעס: וואו בין איך? און וואָס פאַר אַ פערבאָרגענע קולות הערען זיך? האָבען פערטריבען מיין נשמה אויפ׳ן שפּיץ נאָז.

איך בין געלעגען אין איינע ציטערנים און געאָטהעמט זעהר גיך פאַר שרעק. איך האָב אויסגעשפּיצט די אויערען און צוגע־הערט זיך צו די קולות. אנפאַנגס זיינען זיי מיר אויסגעקומען ווילד, משונה׳דיג, באַלד אָבער האָב איך איין קול דערקענט, דאָס איז געווען דער מאַמעס: מיר האָט זיך אָראָפּגעקייקעלט אַ שטיין פון הארצען און איך האָב גענומען אָטהעמען פרייער. דער צווייטער קול איז מיר געווען פרעמד, נאָר ער האָט מיר שוין מעהר ניט געשראָקען. איצט בין איך געוואָרען דרייסטער, האָב זיך אַ דרעה געטהאָן אין בעט און גענומען קוקען אין אַלע זייטען. איך האָב באַלד אויסגעפונען אַז איך ליג אין מיין בעט, ווי געהעריג איז, און דאָס פענסטער האָט גאָר ניט געדאַרפט זיין דאָרטען, וואו איך האָב עס געזוכט, ווייל איך בין געלעגען מיט׳ן געזיכט צום דער וואַנט, וואָס איך האָב על פּי טעות ניט דערקענט. טראַכטענדיג אַ ווייל פון וואַנען די קולות הערען זיך, האָב איך בעשלאָסען, אַז דאָס רעדט מען אין דעם צימער, וואָס איז שטענדיג געשטאַנען פאַר געסט. דער צימער האָט געהאַט אַ שותפ׳ישע וואַנט מיט מיין שלאָף־צימער און כאָטש די וואַנט איז געווען אַ דיקע, האָב איך געקענט הערען דעם שמועס.

— אַזוי ביזטו אין אַזאַ ברענענדיגען פראָסט געגאַנגען צו־פוס? הער איך מיין מוטערס קול.

— נו, און אַז צופוס איז וואָס? האָט געענטפערט דער אומבעקאַנטער קול רוהיג, — פאַר מיר איז דאָס ניט אַזאַ שווערע זאַך, מיר מאַכט זיך שטענדיג אַ פוהר אויפ׳ן וועג. מען קען מיר שוין אויפ׳ן טראַקט... איצט אויך פון ראַשיבאַלע ביז קער־מישאָוו, דאָס איז אַ קיימאַ לן פון אַ ווערסט גיין, האָט מען מיר אונטערגעפיהרט.

— אראה! האט זיך דערהערט דער מוטער'ס א לאנגער און שטילער קרעכץ און איך, ליגענדיג אין בעט, האב נאכ'ן טאן לייכט זיך פארגעשטעלט, ווי די מאמע שאקעלט מיט'ן קאפ מיט אן אונ־צופרידענע מינע, וואס האט געראפט בעדייטען, אז איהר גע־פעלט ניט דעם אונבעקאנטעם פיהרונג.

אז דער אונבעקאנטער קול געהערט צו א מאנסביל, האב איך ניט געצווייפעלט, כאטש געוועזן איז ער צו דין און צו איידעל פאר אזעלכען.

— יע־ע־ע! האט זיך געהערט דעם אונבעקאנטענס קול מיט א זיפץ אלס ענטפער אויף דער מאמעס „א־א־ה“. און דער זיפץ האט אויסגעדריקט אי א פערענטפערונג פאר א שלעכטע אויפפיה־רונג אי א נאכגעבענים א געוויסער שוואכקיים, ווי איינער זאגט, מען איז מעהר ניט ווי א זינדיגער מענש און מען מוז אמאל טהאן א זאך וואס איז ניט גוט.

א ווײלע איז געוועזן שטיל, ענדליך האט זיך די מאמע אנ־גערופען:

— ע־ער, עס וואלט שוין כ'לעבען צייט געוועזען אוועקווארפען די לארענים! זעה, וואס פון דיר איז געווארען!...

— יע, איך האב דאס אויך געטראכט פיעל מאל, האט געענט־פערט דער אונבעקאנטער פערצווייפעלט. — נאר איך קען ניט... איך קען ניט בלייבען זיצען רוהיג... איך פיהל, ווי עפעס זיצט אין מיר און טרייבט מיך: זיץ ניט, שווייג ניט, געה!

— אבער די קינדער? מילא לעאן קען שוין זיין וועלטעל אליין בעשטעהן, איז אויך, האט ער שוין זיין מאס געכאפט, אבער די מיידלאך? רבקה'ן איז שוין באלד צייט חתונה צו מא־כען, און דו האסט זיי געלאזט אהן א גראשען געלט...

— איך ווייס, האט זיך געהערט דעם אונבעקאנטענס קול מיט א ביטערקייט, איך ווייס, נאר וואס קען איך זיי העלפען? ווייטער האבען מיר א גאט און איך קען גאר ניט טהאן.

עס איז ווייטער א קורצע ווײלע שטיל געווארען.

— און וואס זאגט מען דיר? האט דער מאמעס קול איבער־געריסען די שטילקייט

— וואָס זאָגט מען? איך גייע איצט פון נ... איך בין דאָר־
טען געשטאַנען דריי טעג און האָב זיך צוגעשלאָגן... צושלאָגן
זיך דאָרטען איז זעהר שווער און בפרט נאָך פאַר אַזאַ ווי איך
בין: אָהן געלט, אָהן א צונג און אָהן פּראָטעקציע. און דאָך האָב
איך זיך צוגעשלאָגן און געזעהן דעם „גייען" און גערעדט מיט
איהם, אַט אַזוי ווי איך שטעה איצט מיט דיר און רייד... ער האָט
שוין פון אַלץ געוואוסט, דער „אַלטער" מסתמא האָט איהם דער־
צעהלט, ער האָט אָנגערופען די נומערען פון מיינע פּאַפּירען... ער
ער האָט מיר צוגענומען זעהר פריינדליך (דאָ איז דעם אונבעקאַנ־
טענס קול געוואָרען לעבעדיגער), ער האָט מיר געבעטען זיצען,
האָט מיר געוויזען אויף א שטוהל און געבעטען זיצען, ער האָט
מיר אויסגעהערט פון אלף ביז תיו...

— און וואָס האָט ער געזאָגט? האָט די מוטער געפרעגט
נאָכדעם ווי דעם אונבעקאַנטענס קול איז שטיל געוואָרען.

— וואָס האָט ער געזאָגט? האָט דער אונבעקאַנטער ווידער־
האָלט די פראַגע און געטראַכט א ווײַלע; — ער האָט מיר געזאָגט,
אַז ער וואָלט מיר געראָטען אויפצוהערען אויסצוגראָבען נאָך אַל־
טע קלאַגעס און ניט פערלירען די כחות אין געהענים פון איין
שטאָדט אין דער צווייטער. די אַלטע קלאַגעס, וואָס זיינען שוין
אויסגעגראָבען, זיינען איבער גענוג, ער וועט זעהן, אַז עס זאָל
וואָס גיכער קומען צו א סוף און ער וועט טהאָן וואָס נאָר מעגליך
איז; אָבער „פּוט סודאַ דלינען", (דער וועג פון געריכט איז א
לאַנגער), אַזוי האָט ער געזאָגט, איך גיב דיר איבער מיט זיינע
ווערטער, נאָר ער וועט טהאָן וואָס ער וועט קענען. אַזוי האָט דער
גייער געזאָגט מיט זיין מויל.

— זעהסטו? אפילו דער גובערנאַטאָר אליין האָט דיר גע־
ראָטען אויפצוהערען די לאָדענים. דאָ זיינען ניט קיין גלייכע
כחות. ער איז אַן אדיר, קען אומעדום שיטען מיט געלט, קען אבי
ווען פערמאַכען דאָס מויל, און וואָס ביזטו? דו קענסט אפילו
א פּראָסטע פּוהרל ניט דינגען און מוזט זיך שלעפּען צופוס פון
איין שטאָדט אין דער צווייטער... וואָס? וואָס קען זיין דער פּועל
יוצא דערפון?

— פונרעסטווענען, נישקשה, שמעה איך איהם ווי א גוטער
ביין אין האלז. האט זיך דערהערט דעם אונבעקאנטענס קול מיט
שמאלץ און האט א לייכטען ציטער געטהאן פאר כעס. — ער וועט
מיר נים אראפשלינגען, ער וועט זיך ניכער דערווערגען... איך וועל
איהם דערוויזען, אז מיט זיינע טויזענדער וועט ער גאר נים
קענען מאכען. איך וועל איהם נאך ברענגען צום בעטעל־ברויט און
דערנאך פערזעצען... איך וועל זיך אומעדום דערשלאגען. איך וועל
צום קיסר אליין דערגרייכען, אז מען וועט דארפען. איך האב איהם
שוין בעוויזען מיט וועמען ער האט צו טהאן, איך האב איהם שוין
נעקאסט שווערע טויזענדער רובעלס און איך בין נאך מיט איהם
נים פארטיג.

מיין קאפ איז אין דעם פערלויף פון דעם אונטערגעהערטען
געשפרעך אלץ מעהר פערזונקען אין קישען און ווי אינטערעסאנט
עס איז פאר מיר געווען צו הערען וואס מעהר דעם שמועס, וואס
האט מיר פערשאפט אזוי פיעל שרעק ביי מיין אויסכאפען זיך,
און אין וועלכען עס נעהמט אנטהייל א פערזאן, וואס האט אן
אמת פרויענצימערשען קול און איז דאך א מאנסביל, ווייל די
פערזאן, פיהרט עפעס געשעפטען און לארעט זיך, א פערזאן וואס
זאגט דער מאמען דו און איז אזוי ארים אז זי קען אפילו נים דינ־
גען א פוהר, — ווי אינטערעסאנט דער שמועס איז געווען פאר
מיר, האבען זיך דאך מיינע אויגען גענומען קלעפען און איך בין
אין סאמע מיטען איינגעשלאפען מיט א רוהיגען קינדערשען
שלאף.

2

ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, איז אין צימער געווען פינס־
טערלאך, אבער די עטליכע שטראהלען וואס האבען זיך פער־
גנב'עט אהער דורך די פערמאכטע לאדענס האבען געזאגט, אז
דרויסען איז שוין גרויסער טאג. די אייוועגס, וואס האבען
זיך נאך נים פערטאנדערגעברענט, האבען געהאלטען דעם צימער
האלב אין קעלט. איך האב זיך שטייפער איינגעדרעהט אין דער
כאלדרע און געבארעט זיך מיט'ן זיסען, פריהמארגענדיגען שלאף.

מיינע געדאַנקען זיינען געווען אין אַ האַלב קלאָרען צושטאַנד, אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר אַ קורצע ווײַלע און באַלד איז מיר אַרויף אויפ׳ן זינען דער גאַנצער שמועס, וואָס איך האָב אונטער־געהערט ביינאַכט.

— האָב איך דאָס געהערט אין חלום אָדער אין וואָר? איז מיר איבערגעלאָפען דער ערשטער געדאַנק. און איך האָב זיך אי־בער איהם פערטראַכט. די גאַנצע סצענע פון מיין ערוואַכען ביי־נאַכט איז מיר געשטאַנען אַזוי פריש אין מאָרך, דער אונטערגע־הערטער שמועס האָט מיר אַזוי געקלונגען אין די אויערען, אַז איך האָב עס בשום אופן ניט געקענט אָננעהמען פאַר אַ חלום. נאָר ווער קען דאָס זיין אַזוי נאָהענט בעקאַנט מיט דער מאַמען, אַז ער זאָל איהר זאָגען: „דו“ און ניט האָבען אויף אַ פּוהר? דאָס קען אין וואָר בשום אופן ניט זיין; און ווידער קען אַ מאַנסביל האָבען אַזאַ זיסען ווייבערישען קול?

אַ קורצע ווײַלע בין איך אַזוי געלעגען און געטראַכט און האָב בע־שלאָסען, אַז דאָס איז ניט קיין חלום. איך האָב די קאָלדרע אונ־געדולדיג אַראָפּגעוואָרפען און גענומען זוכען מיט די אויגען מיינע קליידער. זיי זיינען לעבען מיר ניט געווען.

איך האָב מיט די פיס גענומען פּויקען איבער דער ווייכער פערענע און שרייען אויפ׳ן קול, אַז עמיצער זאָל אַריינקומען, אָבער קיינער האָט מיר ניט געהערט.

מיין געדולד האָט געפּלאַצט, און איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט אַ באָרוועסער, אַ נאַקעטער און גענומען קלאַפּען אין טהיר און רופען די דיענסט.

— איך גען, איך גען! וואָס ברענט דאַרטען אַזוי? אַ בייזע אייל׳ענים! האָט די דיענסט געשריען פון יענער זייט טהיר.

— וואָס קענסטו ניט שלאָפען נאָך אַ שעה? אַזוי פריה! האָט זי געדעדט צו מיר בייז, אַריינקומענדיג אין מיין צימער. גע־הערט? ניט קיין נאַכט און ניט קיין טאָג! קיין מינוט מנוחה לאָזט מען ניט.

פון איהרע לעצטע ווערטער האָב איך שוין פערשטאַנען, אַז מיר האָבען אַ גאַסט און טאָקע אַזאַ, וואָס געהט אין אַזעלכע פרעסט

צ״פוס, ווארום נעוואוינליך איז זי געווען צופריערען פון געסט, און וואס דער גאסט איז געווען רייכער, אלץ גרעסער איז געווען איהר צופריערענהייט.

אונזער ריענסט איז געווען א ווייבעל פון א יאהר פינף און דרייסיג און איז צו אונז איבערגעגאנגען גלייך נאך איהר מאנ'ס טויט. זיי האבען געהאלטען די קרעטשמע ניט ווייט פון אונזער הויף און איז נאכ'ן טויט געבליבען עלענר ווי א שטיין, אהן קינדער, אהן רינדער, אהן א קרוב, אהן א גואל, אהן א גראשען געלט ביים לייב און זעעל, מיט איין ווייסע ציג נאך ירושה. אויסגעהאר־רעוועט אויפ'ן דארף, האט זי זיך פאר דער שטארט זעהר געשראקען און האט געבעטען דער מאמען, זי זאל איהר צונעהמען צו זיך, נאר מיט דער ציג האט זי זיך בשום אינו אופן ניט געוואלט שיידען און איז צו אונז איבערגעגאנגען צוזאמען מיט איהר, פאר וואס זי האט בעקומען דעם נאמען „יאכנע מיט די ציג“. איהר לשון איז געווען זעהר גראב, דעם ריש האט זי ארויסגערערט זעהר הארט און איהר אידיש האט געקלונגען מעהר גויש. דעם איינדרוק האט זי געמאכט פון א אידישע פויערטע אדער פון א גויע, וואס קען רעדען אידיש.

יאכנע האט זיך גערעכענט פאר א שטובינגע, האט געזאגט דער מאמען דו און געזאגט איהר דעה אומעטום. פון רייכע געסט איז זי געווען צופריערען ניט צוליעב דעם, וואס פון אזעלכע פאלט ארייין א רייכע „דושעסנע“ — פאר איהר האט געלט געהאט א קנאפע ווערדע, זי האט מיט דעם ניט געוואוסט וואס צו טהאן, נאר אלץ א שטובינגע האט זי גערעכענט, אז דער כבוד פון רייכע געסט פאלט אויף איהר חלק אויך, און אזוי ווי זי איז געווען צופריערען מיט רייכע געסט, אזוי אונצופריערען איז זי געווען מיט ארימע. נאר מחשבות'ן היינטיגס מאל האט איהר אונצופריערענהייט מיט'ן נייען גאסט געהאט א טיפערען ווארצעל, נאר דאס האב איך ערפאהרען שפעטער.

יאכנעס אונצופריערענהייט איז געווען זעהר שטארק, צו שטארק פאר אן ארימען גאסט. אזא אונצופריערענהייט האט זי ניט ארויסגעוויזען צייט איך האב איהר געקענט. אפילו דעמאלט

ווען דער פאַטער האָט אָנגענומען אַ פּאַדראַד צושטעלען שטיינער צום שאָסע, און די מוטער האָט נביאות געזאָגט, אַז ער וועט דער־ביי צולעגען דעם קאָפּ, ווייל דאָס איז אַ בלינדע זאַך פאַר איהם. און יאַכנע האָט געהאַלטען דעם פאַטערס צד און האָט ניט אויפ־געהערט צו מוסר'ן די מאַמען, פאַר וואָס זי מישט זיך אין מאַנס־בילשע עסקים און די קליגסטע ווייבעל איז מעהר ניט ווי אַ וויי־בעל און אַז דער פאַטער טהוט, מסתמא ווייס ער, וואָס ער טהוט. און זי דאַרף ניט אויסלעגען צום שלעכטען; און אַז דער פאַטער האָט זיך, ווען דער פּאַדראַד האָט זיך געענדיגט, אומגעקעהרט אהיים און בעוויזען אַ קלאָרען רעכנונג, אַז ער האָט ביי דעם פּאַד־ראַד געקענט פערדיענען פיינע עטליכע טויזענד, נאָר דער פּונקט איז געווען זעהר אַ שלעכטער און ארבייטער האָבען געקאָסט אַ סך טייערער, ווי מען האָט געקענט רעכענען און... און ער האָט „בע־שטאַט" אַ פּאָר טויזענד; — דעמאָלט איז יאַכנע געווען אונצו־פריעדען. טענות האָט זי געהאַט און דוקא צו דער מאַמען. עס איז אויסגעקומען, אַז די מאַמע מיט איהר אויסלעגען צום שלעכ־טען האָט דאָס אָנגעמאַכט. זי האָט זיך אין אַזאַ בייזע שעה אויסגערעדט און ווידער איז דאָס גאָר ניט אַזאַ געוואַלד, אַ מאַנס־ביל איז אויף דעם אַ מאַנסביל, אַז ער זאָל מאַכען געשעפטען און אמאָל צולעגען אויך, פאַר וואָס ניט? און קיין גוטס קען קיין מאָל ניט אַרויסקומען, אַז ווייבער זאָגען אַ דעה...

די מאַמע האָט פון איהר אַלץ אויסגעהערט געדולדיג און איז ניט בייז געוואָרען און קיין וואָרט ניט געענטפערט. איברי־גענס, יאַכנע האָט אין אַזעלכע פעלע קיין מאָל ניט גערעדט גלייך צו איהר. זי פלעגט זיך שטעלען ניט ווייט פון טהיר, קוקען אויף דער וואַנט און רעדען, און עס איז גיכער אויסגעקומען, אַז זי רעדט צו דער וואַנט, איידער צו אַ לעבעדיגער פּערזאָן.

אויב ביי מיר איז נאָך פערבליבען אַ צווייפעל מכח דעם גאַסט איז ער מיר קלאָר געוואָרען, ווען יאַכנע האָט מיר גענומען אַנטהאָן די זאָקען. געוואוינליך פלעגט זי די זאָקען איבערקעהרען אויפ'ן לינקען זייט, איבערלאָזען נאָר אַן אָרט פאַר די פינגער פון פוס און דערנאָך אַרויפציהען גרינג, איצט האָט זי גלייך גענומען

שפארען מיינע פיסלאך אין די זאמען און שטופען זיי מיט גוואלד אהין, און אזוי ווי איך בין גלייך פערפאהרען מיט די פינגער אין פיאטע אריין, האט זי מיר גענומען דרעהען די פיס און רייסען די זאמען אזוי שטארק, אז ביי אן אנדער צייט וואלט איך פון צו־להכעיס פערטריבען ערגעץ איהר צינג און געזעצט זיך אויף איהר רייטען — קיין ערגערער צו־להכעיס האט פאר יאכנען ניט געקענט געבען. ווארים נאך מיר האט זי מעהר פאר אלץ ליעב געהאט איהר צינג — איצט אבער בין איך געווען ווייט פון אזעלכע געדאנקען. איך האב זיך אפילו ניט געבריקעט און געפרעגט איהר ווייך:

— ווער איז געבטען צו אונז געקומען?

— ווערד? זי! האב איך בעקומען אן ענטפער.

— ווער „זי“ — א פרויענצימער? האב איך געפרעגט פערוואונדערט.

— וואס זשע איז זי — א מאנסביל? האט יאכנע געענטפערט מיט כעס.

— ווער איז זי? האב איך געפרעגט אונגעדולדיג.

—ווער איז זי? געהערדט? זי די יאבערניצע.

און איצט אז איך האב שוין געוואוסט, אז זי איז די יאבערניצע האב איך אלץ ניט געוואוסט, ווער זי איז. איך האב קיין לאנגע שהיות ניט געמאכט ביים אנטהאן, האב זיך גיך אבגעפארטיגט מיט'ן וואשען און געלאזט זיך לויפען צום עס־צימער.

אין עס־צימער זיינען די פענסטער געווען דיק פערפרוירען און דאס ליכט, וואס האט אריינגעשיינט פון דער פריהמארגענדינער זון, איז געווען אן אומעדינע. פאר'ן קיילעכדינען טיש זיינען געזעסען דער פאטער און די מוטער און אן אונבעקאנטע פערזאן. די פערזאן איז געווען א פרויענצימער. איך בין געבליבען שטעהן ביים שוועל און ניט געקענט א ריהר טהאן זיך ווייטער. דער ערשטער איינדרוק, וואס זי האט אויף מיר געמאכט איז געווען א שרעקענדינער. זי איז געזעסען צום טיש מיט א זייט און געהאלטען א גלאז טהיי אין איין האנט און א לעדינע שעלכעל אין דער צווייטער. א לאנגער שטעקען איז געלעגען אנגעשפארט אויף איהר

שוים און עס קען זיין אז דעם ערשטען איינדרוק האט אויף מיר געמאכט ניכער דער שטעקען איידער זי אליין.

זי איז געזעסען ביים טיש מיט'ן גלאז טהיי אין דער האנט און געקוקט עפעס אויף א פינטעל אין דער לופט. נאר דער קוק איז געווען א גלעזערנער, דאס הייסט זי האט פאר זיך קיין זאך געזעהען. ביי מיין אריינטרעטען אין צימער, האט זי לאנגזאם אב־געקעהרט דעם קאפ אין מיין זייט, געשענקט מיר א שמייכעל און צוגערופען צו זיך.

— דאס איז א מוהמע! האט די מאמע מיר פארגעשטעלט דעם גאסט. געה צו!

די לעצטע בעמערקונג האט די מוטער געפונען פאר נויטיג צו צוגעבען, זעהענדיג, ווארשיינליך, מיין בלייבען שטעהן ביי דער טהיר אין א צושראקענער פאזע. איך האב געפאלגט, בין צוגע־גאנגען צו איהר, און זי האט ארויסגעלאזט דאס גלאז און שעלכעל פון די הענט און האט מיר א קוש געטהאן אין שטערן. דערביי האבען איהרע אויגען, שווארצע ווי קייהלען און ברענענדיגע א קוק געטהאן אויף מיר ווי מיט רחמנות, און זי האט א זיפץ גע־טהאן.

איך בין געבליבען א ווייליע שטעהן לעבען איהר. די טויטע שטילקייט אין צימער האט נאך פערשטארקט מיין פערלעגענהייט. קיינער האט א היבשע ווייליע קיין ווארט ניט גערעדט און עס האט זיך געהערט יעדער שלונג טהיי, וואס יעדער האט געטהאן. איך האב אויף איהר א גע'גנב'עטען קוק געטהאן: איהר געזיכט איז געווען בלייך אהן א שפרינקעל בלוט און דורכזיכטיג, נאר די ווייסקייט האט פערטראגען צו א מאטקייט. דאס שווארצע זייד־דענע טיכעל אויפ'ן קאפ, וואס איז איהר געווען פערבונדען אונ־טערן קינ־באק מיט צוויי שפיצען צו די אקסעל, האט נאך מעהר פערשטארקט איהר בלייכקייט. איהרע הענט זיינען געווען שמאלע מיט לאנגע פינגער און די בלויע אדערן האבען זיך אויסגעלעגט אין לאנגע ליניעס.

ווען איך בין איצט לעבען איהר געשטאנען, איז איהר געזיכט געווען גלאט אהן א מינדסטען קנייטש, און זי האט אויסגעזעהען

פֿון א יאָהר זעקס — זיבעו און דרייסיג. די מוטער האָט מיר אַנגעגאָסען טהיי און בעוויזען אויף א שטוהל און איך האָב זיך שטיל אַנידערגעזעצט און געהאַלטען זיך מיט'ן טהיי, ווייל טרינקען האָב איך ניט געקענט, אזוי שטיקענד האָט געשיינט צו זיין די לופט אין צימער. א זופּ פֿלעג איך נאָר טהאָן דעמאָלט, ווען דער מוהמעס בליק פֿלעגט זיך ווענדען אויף מיר. די מאַמע האָט די גאַנצע צייט אויף מיר קיין קוק ניט געטהאָן, און דאָס האָט מיר שטאַרק געוואונדערט, ווייל אויף מיין עסען פֿלעגט די מאַמע אליין השגחה געבען און ניט פֿערלאָזען זיך מיט דעם אויף קיינעם. די מאַמע האָט זיך עפּעס איינגערעדט אז פֿון עסען וויל איך זיך שטענדיג ארויסמאַכען. פּונקט ווי איך וואָלט געקענט לעבען אָהן דעם, און מען מוז שטעהן איבער מיר און רוקען מיר יערען ביסען אין מויל.

— נעהמט היינט פֿון אונז א פּוהר ערנעץ ? האָט די מאַמע ענדליך איבערגעריסען די שטילקייט.

— אין זאַסמינקע, האָט דער פֿאָטער געענטפֿערט קורץ.

דער פֿאָטער האָט זיך עפּעס געפֿיהלט זעהר ניט גוט. ער האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען די אויגען פֿון זיין גלאָז טהיי און איז געזעסען ביים טיש ווי פֿון דרדך ארץ ווענען. ער האָט א וואָרט ניט ארויסגעבראַכט פֿון מויל, נאָר עטליכע מאָל האָט ער א לייכטען הוסט געטהאָן, ניט עפּענענדיג דערביי דאָס מויל, אזוי ווי חזנים אדער זינגער טהוען דאָס רוב, איידער זיי פּרובען דעם קול. דער הוסט האָט געהאַט אזוי פֿיעל צו זאָגען, ווי : איך בין דאָ, איך זיץ ביים טיש און אויב איך נעהם ניט אַנטהייל אין געשפּרעך, איז דאָס נאָר דערפֿאַר וואָס דער קול דיענט מיר ניט.

און דער קול האָט איהם מאַקע ווי עפּעס ניט געדיענט. זיין קורצער ענטפֿער איז געוועזען אזוי טרוקען, אז איך האָב, ניט וויסענדיג, א וואָרף געטהאָן א בליק אויפֿ'ן גאַסט : מיר האָט עפּעס געדוכט, אז דער קול דאַרף איהר בעלעדיגען. נאָר זי איז געזעסען רוהיג, פּונקט ווי ניט איהר מיינט מען.

די מוטער, אַזוי ווי וועלענדיג פערענטפערן דעם פאַטערס טרוקענקייט, האָט בעמערקט מיט זעהר אַ ווייכען קול:

— נו, עס וועט קיין בייז ניט זיין צו טרייבען די פוהר אַ פּאָר מייל ווייטער. און ווי וועסטו דערנאָך טהאָן? האָט די מו־טער בעמערקט און געווענדט זיך צו דער מוהמען.

— ווי וועל איך דערנאָך טהאָן? האָט די מוהמע געענטפערט. ציהענדיג יעדען וואָרט און דערביי האָט זיך ווי אַ ביטערער שמייכעל, קוים קוים צו מערקען געלעגט אַרום איהר מויל, און אַ פּאָר קליינע קנייטשען האָבען זיך בעוויזען אויף איהר שטערען. — ווי וועל איך דערנאָך טהאָן? אַ גאָווינע דעם אידען קוגעל צו עסען? אָדער איך וועל געהן ווייטער צופוס, אָדער איך וועל אָנ־טרעפען אַ פוהר.

די מאַמע האָט אַרויסגעלאָזט אַ שטילען זיפץ, און אויפ'ן פאַטערס שטערען האָט זיך אויסגעשפּרייט אַזאַ געדיכטער וואָל־קען, אַז איך האָב געמיינט, ער וועט אונז אַלעמען איינשלינגען מיט'ן טיש צוזאַמען.

— ווען ווילסטו פאָהרען? האָט די מאַמע געפרעגט.

— איך וויל טאַקע גלייך, האָט די מוהמע געענטפערט. — איך בין שוין דריי וואָכען פון דערהיים.

— געה, הייס שפּאַנען די פערד, האָט די מאַמע געזאָגט צום פאַטער.

דער פאַטער האָט זיך שטיל אויפגעהויבען פון אָרט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— און וואָס דענקסטו צו טהאָן ווייטער? האָט די מוטער געפרעגט.

— איך וועל ווייטער געהן „אהין". שלאָפען וועל איך ניט.

— וואָס האָסטו צו טהאָן ווייטער? ער האָט דאָך דיר געזאָגט, אַז עס איז גאַנץ איבריג צו ברעכען דיינע ביינער און מאַטערען דיינע פיס.

— אַה, איהם איז דאָס גרינג צו זאָגען, איהם טהוט ניט וויה, מיר אָבער טהוט דאָס זעהר וויה.

איך האָב איצט אויף איהר אַ קוק געטהאָן פון אונטערן

שטערן: אין דער מינוט איז זי עלטער געווארן אויף עטליכע יאהר. איבער'ן שטערן האבען זיך צולעגט לאנגע קנייטשען. פון איהרע אויגען האבען געשפריצט פונקען.

— די פערד זיינען שוין לאנג געשפאנט, האט דער פאטער, אריינקומענדיג געזאגט מיט א טויבען קול.

די מוהמע האט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל. זי איז געווען הויך געוואקסען מיט א שענע פאסטאציע. זי האט דעם שטעקען אנגעשפארט אן טיש, צונויפגעלעגט די הענט אין קולאקעס און א קנאק געטהאן זיי אזוי, אז אכט פינגער האבען זיך אויסגע־קנאקט פאר איין מאל, האט אבגעטרעסעלט די קלייד פון פארענט. בערדאנקט פאר גאסטפריינדליכקייט און איז מיט'ן שטעקען אין האנט ארויס אין קארידאר. די מאמע איז איהר נאכגעגאנגען ביז'ן גאנעק און איך האב פון פענסטער געזעהן, ווי זי איז אריינ־געגאנגען אין שליטען אין אן אבגעטראגענעם פוטער, וועלכער, ווי עס האט געשיינט, האט געזעהן אמאל גוטע טעג. נאר די צייט האט אויף איהם ארויפגעלעגט איהר האנט און דא א ריב געטהאן, דארטען א פלעק געמאכט, דא א ריס געטהאן און פערלעגט מיט א לאטקע און דארטען אויסגעמוליעט. זי האט זיך פון וואגען פערניינט צו דער מוטער, און די לעצטע האט איהר געהייסען גע־ריסען די קינדער. און דער שליטען האט א שניט געטהאן דעם איינגעפרוירענעם שניי. די גלעקלאך האבען אנגעהויבען צו קלינ־גען, באלד האט איין הונט, א צווייטער א ביל געטהאן און אנ־שווינגען געווארען.

די מוטער איז באלד אריין אין שטוב און האט אנגעהויבען בעל־הבתי'שען. איך האב געזעהן, אז זי זוכט ארבייט פון אונטער דער ערד: דער פאטער האט זיך אויך געפארעט און פאר וואס עפעס געריסען א נאגעל פון וואנט. קיינער האט אווארט ניט גערעדט: אין שטוב האט זיך געפיהלט די זעלבינע דריקענדע לופט, וואס פריהער. דעם גאסט'ס אוועקפאהרען האט קיינעם ניט גרינגער געמאכט. אלע זיינען ארומגעגאנגען ווי — תשעה באב — אויף א בית הקברות. און דאס האט אין מיינע אויגען צוגעגעבען נאך מעהר שרעק דעם בילד פון דער פערשווונדענעם גאסט.

— ווער איז זי? פאַר וואָס זיינען אַלע אַזוי צורודערט? פאַר וואָס גיט ניט די מאַמע אַפילו אַ קוק אויף מיר? די פראַגעס האָבען זיך געפּלאָנטערט איינע נאָך דער צווייטער אין מיין קעפּעל און איך האָב ניט געפונען קיין תירוץ. אַ היבשע ווײַלע האָב איך מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל און אַ ריהר צו טהאָן זיך, ענד־ליך האָב איך ניט אויסגעהאַלטען און אויף די שפּיץ פינגער צו־געגאַנגען צו דער מאַמען און געפרעגט איהר שטיל:

— ווער איז זי?

— אַ מוהמע, האָט זי געענטפערט קורץ און שאַרף, און איך האָב פון איהר טאָן פערשטאַנען, אַז עס איז בעסער ניט צו רעדען לאַנג.

איך האָב איבערגעלאָזט מיין גלאָז טהיי מיט'ן פרישטאַק אויפ'ן טיש און אַרויסגערוקט זיך פון עס־צימער. איך האָב זיך מיט אַ פרייערען מוטה געלאָזט גלייך אין קיך. יאַכנע האָט גע־בראָזגעט מיט די כלים, אַ סימן אַז זי איז גוט אין כעס.

— זאָג מיר, ווער איז די יאַבעדניצע? האָב איך איהר גע־פרעגט, ווי מיר האָט געדוכט, אויף איהר לשון, כדי צו מאַכען איהר ווייכער.

— דיין שעהנע קרובה!... די מאַמע דאַרף זיך טאַקע מיט איהר פרעהען!... עסען וואָלט איך איהר געגעבען!... אַ פערד פאַר איהר געטריבען!... איך וואָלט זיך טאַקע צויאָגט!... אין דער וועלט פאַרלויפט ניט אַזאַ אַקציע!... האַרעווען אַ דם שונא אויף מיין אייגען בלוט, אויף מיין איינציג קינד... אונשולדיג עופ'עלע מיינע! האָט זי זיך געווענדעט צו מיר און געשאַקעלט אויף מיר מיט'ן קאָפּ. — דיין מאַמע וואַרעמט מיט איהרע הענט דעם שלאַנג, וואָס וועט דיר אַ בים טהאָן...

—וואָס באַלבעסטו? האָב איך אַ געשריי געטהאָן און אַ טאַפּע געטהאָן מיט'ן פוס אונגעדולדיג. — זאָג מיר ווער איז זי?

— איך באַלבע, אודאי באַלבע איך! שטעהענדיג געזאָגט געוואָרען, וואָס איך פערשטעה שוין, אַלטער נאַר! אַז דער הענט־ניט־געוואַשענער האָט ביי מיר צוגענומען מיין מאַן, אַלע־שאַלעם, און האָט מיך געמאַכט פאַר אַ וויסטע אַלמנה, און האָט מיך גע־

כאכט אויס בעל הבית'טע, האט ער ביי מיר דעם שכל אויך צונע־נומען. פריהער, נישקשה, איז יאכנע געווען א קלוגע ווייבעל און...

און דא האט יאכנע אנגעהויבען אויסצולעגען א לאנגען צע־מעל, אויסרעכענען צום טויזענסטען מאל איהרע זכות אבות, דער־צעהלען די גליקען פון איהר פערשטארבענעם מאן. און איך האב אויסגעצייכענט געוואוסט, אז איהר לייענים וועט קיין סוף ניט נעהמען און וועט קיין ענטפער ניט געבען אויף מיין פראגע. און איך בין באלד ארויס פון קיך, איבערלאזענדיג איהר טענהן צו זיך אליין, און וואס זי האט טאקע געטהאן מיט גרויס התמדה, ווייל לאנג, לאנג האב איך געהערט איהר ווארטשעדיגען קול.

איך האב זיך, ווי דער שטיינער איז פון קליינע קינדער, באלד בערוהיגט, האב ארויסגענומען מיין שליטעל פון שטוב און בין אוועק צום בארג זיך גליטשען.

נור דער מוהמעס בילד איז מיר פון זכרון ניט ארויס.

.3

עטליכע טעג נאכ'ן נאסט'ס בעזוך איז מען אין שטוב ארומ־געגאנגען ווי שאטענס. קיינער האט א ווארט ניט גערעדט, אויסער יאכנע וואס האט ניט אויפגעהערט צו ווארטשען און צו שליידערן זיך. דעם ערשטען טאג איז דער מיטאג געווען אזוי פערברענט, אז צום טיש איז כמעט ניט געווען וואס צו דערלאנגען. נור אויס־געקומען איז, ווי געוועהנליך, אז מען דארף איהר אויסצאהלען א רעסטע. איהר גאנצע בלאזענים איז געווען נאר אויף דער מאמען, צום פאטער האט זי גאר ניט געהאט.

דאס שטילע ארומגעהען פון די שטובינגע האט אויף מיר געמאכט אזא שטארקען איינדרוק, אז איך האב מורא געקראגען צו מאכען א צופעסטען טריט און איך האב גענומען גערן אין שטוב, ווי איך וואלט אויפגעשטאנען פון א קראנקהייט.

יאכנעס ווערטער, אז די מאמע ווארעמט א שלאנג, וואס וועט מיר א ביס טהאן, זיינען מיר אריין טיעף אין זינען. כאטש לכתחילה האבען זיי אויף מיר קיין רושם ניט געמאכט. איך האב איהר פיעל מאל דעריבער געפרעגט. נאר שטענדיג האט זיך געענדיגט דערמיט.

וואָס זי האָט מיר גענומען אויסרעכענען איהרע זכות אבות און איך פלעג פון איהר אוועקגעהן מיט גאָר ניט. און אויסער יאַכנען האָב איך ביי קיינעם ניט געהאַט צו פרעגען.

אין עטליכע וואָכען אַרום איז אין שטוב געוואָרען ווי פריהער. די שרעקעדיגע שטילקייט איז פערשוואונדען געוואָרען. יאַכנע האָט אויפגעהערט צו וואָרטשען און פון גאַסט'ס וויזיט איז קיין זכר ניט געבליבען. נאָר איך האָב איהר ניט פערגעסען און גע־טראַכט פון איהר ביי טאָג און געזעהן איהר עטליכע מאָל אין חלום ביי נאַכט.

ענדליך האָט זיך געמאַכט אַ געלעגענהייט, ווען אויסצו־פרעגען וועגען דער מוהמען. אין אַ שעהנעם, קאַלטען פריהמאָרגען האָט מיר די מוטער געזאָגט, אַז זי פאָהרט אין שטאָדט און, אויב איך וויל, וועט זי מיך מיטנעהמען. נאָר איך זאָל קיין שהיות ניט מאַכען.

אַז איך האָב געוואָלט, איז קיין פראַגע ניט. דאָס פאָהרען אין שטאָדט איז שטענדיג געווען אַ יום־טוב פאַר מיר, איבערהויפּט נאָך צו דער באַבען. יאַכנע האָט מיר גענומען אויסריכטען אין וועג, נאָר מיר האָט געדוכט, אַז זי טהוט איהר אַרבייט זעהר לאַנג־זאַם און די מוטער וועט זיך אויף מיר ניט דערוואַרטען און וועט אַליין אַוועקפאָהרען. און איך בין אַלע ווײַלע צוגעלאָפען צום פענסטער צו זעהן, אויב דאָס שליטעל שטעהט נאָך פאַר'ן גאַנעק. כאָטש געוואוסט האָב איך זיכער, אַז די מוטער דרעהט זיך איצט אַרום די שאַפעס און איז נאָך ניט פאַרטיג מיט איהר טואַלעט.

די שטאָדט איז געווען ניט ווייט. דאָס שליטעל האָט זיך געטראָגען איבער'ן אויסגעפאָהרענעם שניי־וועג, ווי איבער אַ גלאָ־טען אייז, צייטענווייס, ווען דער וועג איז געווען זעהר ברייט און גלאַט, האָט עס זיך אַ גליטש געטהאָן איבער'ן גאַנצען ברייט, ביז עס האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן דער האַרטער שנייאיגער זייט וועג און אַ דרעה געטהאָן זיך צוריק. אין אַזעלכע פעלע פלעגט די מוטער מיך אָנכאַפּען און צוהאַלטען פעסט, ביז דאָס שליטעל פלעגט צוריק אַריין אין קאָליי, און איך פלעג אויסשיסען אין אַ געלעכטער פון גערענק, אַז איך מיט דער מאַמען קענען מאַכען אַ

„קעו" אין שניי. ארום איז געווען שטיל, דער גערויש פון דעם געטראמפעגעם שניי איז פערשטארבען אונטער'ן שליטעל און די לופט אויבען איז געווען ווי פערגליווערט, און זעלטען האט איהר א דורכגעשניטענע דאס הירזשען פון פערד און דאס קרעכצען פון א ווארענע, וועלכע, רערזעהענדיג אונז פון א בוים, האט זיך אויפ־געהויבען פון די צווייגען און ביי איהר אוועקפליהען פערשאטען אונז די אויגען מיט א שטויביגען שניי. דאס שליטעל האט זיך אפגעשטעלט נעבען דער באבען.

איך האב געהאט צוויי באבעס. די, צו וועלכע מיר זיינען איצט צוגעפאהרען, איז געווען דער מאמעס מוטער. זי איז געווען א הויכע, שלאנקע פרוי און זעהר יונג פאר א באבען. זי האט אויסגעזעהן נים פיעל עלטער פון דער מאמען און מען האט זיי ניכער געקענט אנגעהמען פאר צוויי שוועסטער. איידער פאר א מוטער מיט א טאכטער. די דאזיגע באבע האב איך ליעב געהאט און צו איהר בין איך געפאהרען מיט פערגניגען. און, פערקעהרט, די צווייטע באבע, דעם פאטער'ס מוטער, האב איך פיינט געהאט און געווייכט פון איהר ווי פון פעסט און פאר איהר מאן, דאס הייסט מיין זיידען, האב איך מורא געהאט ווי פאר פייער. די לעצטע האבען געוואוינט ווייט פון אונז, און איך בין ביי זיי געווען נאר איין מאל, און דאס איז געווען איבער געגנוג. דער איינדרוק פון יענער רייזע לעבט נאך עד היום אין מיין זכרון און וועט ווארשיינליך קיין מאל נים אויסגעווישט ווערען. איך געדיינק, אז א לאנגע צייט פריהער האט מען געשמועסט וועגען דער רייזע, דער פאטער האט אלץ גע'טענה'ט אז מען דארף נים „פערדארבען" און די מוטער מוז כאטש איין מאל פאהרען, און זי האט אלץ נים געוואלט. וואס מיינט דער פאטער מיט'ן פערדארבען און פאר וואס וויל די מאמע נים פאהרען, האב איך נים פערשטאנען, נאר מיר האט דאס נים אינטערעסירט. ענדליך האט זיך די מאמע גענומען קלייבען אין וועג און האט געמאכט גרויסע הכנות דערביי. עס האט געדויערט א לאנגע צייט. אהין זיינען מיר געקומען אויף א יום טוב און אזוי ווי דאס איז געווען זומער־צייט און מען האט

דעמאָלט געגעסען בלינצעס פּערשטעה איך, אז דאָס איז אויסגע־קומען שבועות.

יענע באָבע איז אונז ארויסגעלאָפען אנטקעגען און פון איהר ערשטען קוש האָב איך דערפיהלט א האַס צו איהר: איהר געזיכט איז געווען צוקנייטשט און ביים קושען האָט זי איהר באַק צוגע־לעגט צו מיינע, און אויף מיין יונגע ווייכע הויט האָב איך דער־פיהלט עפּעס א שטעכעדיגע בעריהרונג. אבער דאָס האָט ארויס־גערופען ביי מיר ניט מעהר ווי אן אונאנגענעהם געפיהל. מיין שנאה אבער האָט זיך אנגעהויבען אביסעל שפּעטער, ווען זי איז געווען ביי אונז צו גאַסט און האָט גענומען ארויסווייזען אויף מיר געוויסע רעכטע. זי האָט מיר אמאָל שבת דערזעהן, ווי איך האָב זיך געוויגט אויף א הוידע און זי האָט מיך אהן צערעמאָניעס פּון דאָרטען ארונטערגעשלעפּט. אזא גראָבע בעהאַנדלונג און נאָך פון א פּערזאָן, וואָס טראָגט א שייטעל, פאר די אויגען פון אונזערן א שכנ׳ס קינדער, וועלכע האָבען אויף איהר געקוקט ווי אויף א „זשידאָווקע" (איך בין זיך מודה, איך האָב אויף איהר אויך גע־קוקט מיט אזעלכע אויגען, ווייל אונזער הויז איז געווען מעהר אָדער ווייניגער א פרייע) האָט אין מיר ארייגעזעצט א טיעפע שנאה צו איהר. מיין שנאה איז געוואַקסען, ווען איך האָב איהר געהערט שטראָפענדיג דער מאַמען, פאר וואָס זי האַלט די טעצלאַך לעבען די פליישיגע געפעס, פאר וואָס זי לערנט מיך ניט אידישקייט און נאָך ד. גל.

יענע באָבע האָט אונז מיט שמחה אריינגעפיהרט אין שטוב צבער ביים עפענען די טהיר פון זאַל, וואו זי האָט אונז גלייך אריינגעבראַכט, איז זי פּלוצים שטיל געוואָרען. פון זאָפע אין זאַל האָט זיך אויפגעהויבען א בעיאהרענטער מאַן אין א שלאַפּראָק, אין א דרייקאַנטיגער יאַרמולקע מיט א פרענזיל. איך האָב געדאַרפט פערדרייסען ניט נאָר די אויגען נאָר אויך דאָס קעפּעל, כדי א קוק טהאָן אויף איהם, אזוי הויך איז ער געווען. געטראָגען האָט ער א פּאָר ברילען, נור ביי אונזער אריינקומען האָט ער זיי ארויפ־גערוקט אויפ׳ן שטערן און מיר האָט געדאַכט, אז ער קוקט אויף אונז מיט צוויי פּאָר אויגען. געקוקט האָט ער מיט א שמייכעל.

און דאס האט אביסעל ווייכער געמאכט זיין בליק. ער האט שוין געהאט אויף די פלייצעס א פעקעל מיט יאהרען. נאר עס האט געשיינט, אז די יאהרען האבען פאר איהם מורא געהאט און האבען איהם מיט א לייכטער האנט א פיהר געטהאן מעהר פון יוצא ווע־גען איבער זיין שטערן. האבען אריינגעשטעקט עטליכע שיווע האר איז זיין שווארצער בארד און פון אונטער די אויגען עטוואס ארויס־געכאפט. זיינע ברעמען איבער די אויגען זיינען געווען זעהר גע־דיכטע און ווען ער האט א רונצעל געטאן דעם שטערן האבען זיי זיך ווי צונויפגעגאסען אין איין ליניע. זיין פאסטאציע, זיין בליק, זיין פיהר מיט דער האנט האבען ווי געזאגט: פאלג און טהו וואס מען הייסט.

— דאס איז אונזער אייניקעל, האט מיך די באבע פארגע־שטעלט פאר'ן זיידען.

ער האט געשטעלט דער מאמען עטליכע פראגען אין זעהר א ווייכען קול און געצעהלט די ווערטער ווי מען צעהלט געלט. נאר דאס שמייכעל איז איהם פון געזיכט, אדער ריכטיגער געזאגט, פון די אויגען ניט אראפגעגאנגען. דערווייל האט זיך די טהיר געעפענט און די דיענסט האט געזאגט, אז צוויי ווייבער ווילען איהם זעהן.

— קען איך שוין קיין פאר רוהיגע מינוט ניט האבען ביי מיר אין שטוב ? האט פון ערגעץ א דונער געטהאן און די ווענט האבען גענומען זיך טרייסלען. אזוי לכל הפחות האט מיר דעמאלט געדוכט.

מיר האט זיך בשום אופן ניט געגלויבט, אז דער, וואס האט אזא בנעימות'דיג שטילען קול זאל קענען אזוי דונערן. נאר אזוי ווי קיין אנדערער, אויסער איהם, וואס זאל קענען אזוי שרייען, איז אין זאל ניט געווען, האב איך אויף איהם א קוק געטהאן.

ער איז געזעסען אזוי רוהיג מיט'ן זעלבען שמייכעל אין די אויגען ווי פריהער. דאס געשפרעך מיט אונז האט לאנג ניט גע־דויערט, איבערינגענס. איז דאס געווען מעהר א פערהער אלס א געשפרעך. די באבע האט לכבוד די געסט געהאט חשק צו פער־פיהרען א לענגערן שמועס. נאר אזוי ווי צו יעדען ווארט פלעגט זי

א קוק טהאָן אויפ'ן ווידעו, איז ווי נאָר זי פלעגט בעמערקען, אז ער עפענט דאָס מויל, האָט זי דעם זאַץ אפּגעהאַקט ביי יענעם וואָרט, עס מאַכט ניט אויס, צו מיט דעם וואָרט האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען א זאַץ און צו דער זיידע האָט נאָר געעפענט דאָס מויל א גענעץ צו טהאָן. איך האָב געזעהן, אז דער זיידע איז א קעניג אין שטוב און אויף זיין צייכען רעדט מען, אויף זיין צייכען שווייגט מען, אויף זיין צייכען געהט מען, אויף זיין צייכען שטעהט מען. איך האָב געזעהן, אז ער האָט אפילו א רעכט צו שרייען אויף פרעמדע וואָס קומען צו איהם. באַלד נאָך אונזער קומען האָבען איהם איינינע בעזוכט, צווישען די בעזוכער איז געווען א פוילישער פריץ, און ער האָט אויף איהם זיך געבייזערט מעהר ווי אויף די אַנדערע.

צו אונז איז ער געווען גאַנץ פריינדליך, ער האָט מיר גע־לאָזט דרעהען די קוטאַסען פון זיין גאַרטעל, האָט מיר א פּאָר מאָל א קניפּ געטהאָן אין בעקעל, ביים עסען האָט ער א פּאָר מאָל אָנ־געוויזען אויף א נאַשעריי און אַרויסגעזייט צווישען די ציינער: דעם קינד". און כל זמן דאָס שמייכעל האָט זיך געזעהן אין זיינע אויגען, איז ער געווען גאַנץ ליעבליך און איך האָב זיך פאַר איהם ניט זעהר געשראָקען. ווי ער האָט אָבער אפּגעקעהרט די אויגען אַז א זייט און גענומען קוקען פערטראַכט, האָט ער אויף מיר אָנגעוואָרפען א שרעק: דעמאָלט האָבען זיך איהם ביי די שלייפען אַרום די אויגען אויסגעלעגט קליינע פאַלדעלאַך. די פאַל־דעלאַך זיינען געווען אַזוי גלייך און אפּגעשטאַנען אויפ'ן זעלבען שמח איינער פון צווייטען, אז זיי האָבען אויסגעזעהן ווי א פּראָל־ניק, מיט וועלכען מען וואָלגערט גרעטע. ווען ער האָט נאָך אַזאַ פערטראַכטען בליק אויסגעשטעלט זיינע אויגען אויף עמיצען האָט געדאַכט אז ער דרינגט מיט זיי אריין אין דער סאַמע טיפענים פון הערצען, נאָר דאָס איז נאָך וועניג, עס האָט געדאַכט, אז ער גע־פינט אויס אין הערצען עפּעס שלעכטס און מען דאַרף ערוואַרטען פון זיהם א פּסק.

ביים טיש צום עסען זיינען אַלע געזעסען ווי שטומע. די די־ענסט פלעגט אריינגעהן אין צימער דערלאַנגען צום טיש ווי א

בארויעסע, וואס נעהט איבער גלאז. די באבע איז אויך אזוי נע־גאנגנען. אונטער דער גאנצער צייט פון עסען האט ער עטליכע מאל ארויסגעזיים: „דעם קינד", און נים קוקענדיג אויף זיין פריינד־ליכקייט צו מיר, האב איך נים געוואנט צו עסענען דאס מויל. איך האב מורא געהאט ער זאל אויף מיר נים א קוק טהאן מיט זיינע קאלטע דורכדרינגענדע אויגען. ווארים דעמאלט וואלט ער געוואוסט, אז איך וויל פון איהם אנטלויפען וואס גיכער.

איך האב קיינמאל אזוי נים געקלעפט צו דער מאמען און קיינמאל אזוי נים געהיט איהר טריט, ווי אין די פאר טעג, וואס כיר האבען דארטען פערבראכט, איבערהויפט, נאך זיינעם א בייי־זער. דעמאלט האב איך זיך צו דער מאמען געטוליעט און געררעהט זיך אין איהר פארטוך.

ארויסגעריסען זיך פון דארטען האבען מיר ווי פון א תפיסה. ווי נאר דער יום טוב איז אוועק, האט די מאמע געזאגט דעם זיידען, אז מיר דארפען פאהרען אהיים. ער האט איהר נים פרובירט פער־האלטען ווייטער, האט נים געפרעגט, פאר וואס זי איילט זיך אזוי; ער האט נאר געענטפערט „גוט" און געהייסען שיקען נאך א בעל העגלה.

— אפשר וועט איהר אונז אמאל בעהרען מיט אייערן א בעזוך? — —האט די מוטער געפרעגט, און איך האב נים פער־שטאנען, אז דאס איז פון יוצא ווענען און געוואונדערט זיך. פאר וואס וויל זי די תפיסה אריינברענגען צו זיך אין שטוב.

— איך? האט ער געענטפערט מיט'ן שמייכעל אין די אויי־גען. — איך? מיך לאזט צורוה, איך בין נאך קיין מאל פון שטעד־טעל נים ארויסגעפאהרען.

עס האט לאנג נים געדויערט און די דיענסט האט געגעבען צו וויסען, אז דער בעל העגלה איז שוין דא.

—‚—און איך האב נאך נים פערפאקט אלץ, האט די באבע אויסגעשריען פערצווייפעלט. די באבע האט אונז געגעבען מיט זיך מתנות און בעל הבתישקייט.

— נישקשה, הייס איהם ווארטען, דעם שיינעץ, האט דער זיידע געזאגט שארף.

— אַלץ איז פאַרטיג! האָט די דיענסט געמעלדעט פון הינ־טער דער טהיר.

דער ווײַדע איז מיט אונז צוגעגאַנגען ביז צום שוועל און גע־בליבען שטעהן ביי דער אָפענער טהיר, אַנגעשפּאַרט מיט ביידע גראָבע פינגער פון ביידע הענט אָן גאַרטעל פון שלאַפראָק.

— הער, שייגעץ, האָט ער זיך געווענדעט צום בעל העגלה. דו זאָלסט זיי אויפן אָפּהיטען וועג אָפּהיטען ווי דעם שוואַרצאַפּעל פון דיין אויג און אויב זיי וועט חלילה עפּעס טרעפען אויפ׳ן וועג — זיי ווי־כען, אַז איך וועל פון דיר שינדען פאַסענווייז!

ביי די לעצטע ווערטער האָט ער אַראָפּגענומען די רעכטע האַנט פון גאַרטעל און גענומען לאַנגזאַם פיהרען מיט׳ן צייג־פינ־גער אין דער לופט. איך האָב אַהן א נשמה א קוק געטהאָן אויפ׳ן שייגעץ: ער איז געווען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי א שיווער אידעל, געווים א פופציגער.

— איך וועל זיי, מירצעשעם, בשלום ברענגען, האָט דער בעל העגלה געענטפערט מיט שרעק.

— געדענק, וואָס איך האָב דיר געזאָגט! פאַ—א—סענווייז וועל איך שינדען.

דאָס איז געווען דאָס ערסטע און לעצטע מאָל, וואָס איך האָב איהם געזעהן. און אַזוי מאָלט ער זיך פאַר מיינע אויגען: הויך ווי א ריעז, מיט שאַרפע דורכשניידענדע אויגען, מיט׳ן גראָבען פינגער פון דער לינקער האַנט אין גאַרטעל פון שלאַפראָק און מיט׳ן רעכ־טען צייג־פינגער פערריסען און אַרום אין דער לופט איז ווי אָנ־געשריבען מיט גרויסע אותיות: „איך וועל פון דיר שינדען פאַ־סענווייס.“

ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָהרען איז דער וועטער געווען זעהר א שעהנער. די האַלבע לבנה האָט מיט א בלאַסע ליכט בעלויכ־טען דעם וועג, דער הימעל איז געווען קלאָר נאָר זעלטען זיינען געווען צושפּריים ווייסע שטיקלאַך וואָלקען. וואָס האָבען אפילו ניט געקענט דונקעל מאַכען א שטערן. דאָס יונגע גראָז אויף די פעלדער האָט זיס געשמעקט און די לופט איז געווען וואַרעם און לאַסטשעגדיג. א זיסע פוילקייט האָט זיך באַלד גענומען פער־

גאנגערט׳יסען איבער מיין גאנצען קערפער און איך האב איינגערעמאלט. אז איך האב אויפגעעפענט די אויגען האב איך שוין ־עם הימעל נים דערקענט: א שווארצע כמארע האט זיך געשווינד געצוינגען אויבען און פערדעקט די לבנה און די שטערן. א שטארקער ווינט האט גענומען בלאזען אונז אנטקעגען און פערשיטען די אויגען מיט זאמד.

— א שטורם, האט די מאמע געזאגט מיט א צושראקען קול. און תיכף האבען גענומען פאלען איינצעלנע גרויסע טראפען רעגען.

דער ערשטער געדאנק, וואס מיר איז איבערגעלאפען, איז געווען, וואס וועט זיין מיט׳ן בעל העגלה? דער זיידע וועט פון איהם שינדען פאסענוויין. נאר לאנג טראכטען וועגען דעם האב איך נים געקענט, ווייל באלד האט זיך דער הימעל געעפענט און א שלאקס רעגען האט א גאס געטהאן. פערבלענדענדיגע בליצען האבען בעלויכטען די גאנצע געגענד ארום און קורצע טרוקענע דונערען האבען פערהאלושעט די אויערען. עס האט געדוכט אז די דונערען מיט די בליצען בעגעגענען זיך נעבען אונז. דאס פערדעל האט זיך א פאר מאל פערגאנדערגעטראגען און איך האב געמיינט, אז קיינער פון אונז וועט לעבעדיג נים בלייבען.

דער שטורם האט געדויערט נים לאנג און דער בעל העגלה האט אונז צוגעפיהרט צו א האלב־פוסטע קרעטשמע. אהן פענסטער. נאר א קרעטשמער האט דארט געוואוינט. ער האט זיך נים לאנג אהין אריינגעצוינגען און האט נאך נים אוסגעפייעט ארומצוגעהן די הויז. פון אונז האט געגאסען ווי פון אן עמער. די ערשטע ווערטער וואס דער בעל העגלה האט געזאגט, זיינען געווען, אז מען זאל מיר געבען א ליילעך אדער א קאלדרע אין וואס איינצואוויקלען זיך, איך קען זיך נאך חס ושלום פערקיהלען, אויב איך וועל זיך נים אויסטהאן. דערנאך האט ער א קוק געטהאן אויף דער מאמען און א קראץ געטהאן די פאטיליצע. רעמאלט האב איך דעם קוק נים פערשטאנען. נאר איצט ווייס איך, אז ער האט געמיינט צו זאגען דער מאמען: דו האסט דאס אויך געדארפט טהאן. נאר דא איז א שטוב אהן פענסטער און דו ביזט א ווייבעל. — איך ווייס, טהו ווי דו פערשטעהסט.

ווען דער בעל העגלה האָט אונז געבראַכט אַהיים, האָב איך איהם געהייסען ער זאָל דעם זיידען ניט דערצעהלען פון שטורם. ער פון זיין זייט האָט געבעטען דער מאַמען, אַז זי זאָל שרייבען, אַז זי איז געקומען בשלום.

— וואָס בין איך שולדיג ? האָט ער זיך פערענטפערט. — איך האָב ניט געקענט וויסען, אַז אַ שטורם וועט אונז אָנכאַפּען.

און אַפילו היינט לויפט מיר איבער אַ קעלט איבער'ן לייב, ווען דעם זיידענס בילד שטעלט זיך מיר פאַר די אויגען. זיין ווייב האָב איך ממש פיינט געהאַט. נאָר די באָבע צו וועלכער איך בין איצט געפאָהרען, האָב איך זעהר, זעהר ליעב געהאַט.

אונזער שליטעל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער באָבעס הויז. איך האָב זיך אַריינגעקייקעלט אין שטוב ווי אַ גאַר און בין גלייך צוגעלאָפען צו איהר. זי האָט זיך שטאַרק דערפרעהט מיט אונזער קומען און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן מיט מיר. די מוטער איז לאַנג דאָ ניט געזעסען, זי איז באַלד אוועקגעפאָהרען איינקויפען אין די מאַגאַזינען.

די באָבע האָט מיך גענומען אויפ'ן שויס און האָט מיט מיר פערצויגען אַ קינדערשען שמועס און געסטאַרעט זיך פיעל ווערטער אַרויסרעדען מיט אַן אויסגעבויגענער צונג, כדי נאָכצומאַכען מיין אויסשפּראַך.

— ווייסט ניט, באָבע, ווער שרה'לע איז ?

— שרה'לע ? נאַרעלע, איין שרה'לע איז פאַראַן אויף דער וועלט ?

— זי איז אָנומעלט געווען ביי אונז צו־גאַסט און יאַכנע האָט געזאָגט, אַז זי הייסט שרה'לע.

— אַ־אַ־אַ, שרה'לע ! האָט די באָבע געענטפערט מיט אַ זיפץ. און איהר געזיכט האָט זיך פערצויגען מיט אַ וואָלקען. — זי איז ריינע אַ גליך־שוועסטער קינד, מיינע אַ פּלימעניצע.

— פאַר וואָס רופט איהר יאַכנע יאַבערניצע ?

— פאַר וואָס זי לאַדעט זיך, זי פיהרט שוין יאָהרען־יאָהרען לאַנג משפטים.

— מיט וועמען ?

— דאס דארפסטו ניט וויסן.

— פאר וואס?

— אזוי; דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו וויסן.

— פאר וואס אבער לארעט זי זיך?

— פאר וואס? דאס איז א גאנץ טרויעריגע געשיכטע. האט די באבע געענטפערט, ציהענדיג די ווערטער, און פון איהרע אויגען, וואס האבען אנגענומען א פערטראכטע מינע און פון דעם וואלקען, וואס האט זיך געריכטער אויסגעלענט אויף איהר געזיכט, האב איך פערשטאנען, אז אין איהר מארך טויכט אויף א טרויעריגע עראינערונג פון לאנג פערשוואונדענע יאהרען.

איך האב א ווײלע געווארט און געלאזט איהר אויפקלייבען איהרע זכרונות. ענדליך האב איך איהר ווייטער א פרעג געטהאן.

— פאר וואס?

די באבע האט לאנגזאם אפגעקעהרט איהרע פערטראכטע אויגען צו מיר, און אין דער מאגער האב איך דערזעהן א עהנליכקייט צו דער מוהמע שרה'לע, און צו דער מוטער.

— יע, דערפאר וואס דיין... האט די באבע אנגעהויבען צו ענטפערן און האט זיך באלד אפגעהאקט. — אח, איך ווייס שוין גאר ניט וואס איך רייד, האט זי באלד צוגעגעבען: ניט אמת?...

און דא האט זי אויף מיר א קוק געטהאן מיט יענע רחמנות'־ינע אויגען, וואס איך האב בעגעגענט ביי דער מוהמען און די שטובינע.

איך בין געווארען צורייצט, דער בליק האט מיך שטארק געּרייצט: ער האט מיר געזאגט, אז אלע וייסען פון עפעס א סוד, וואס איז נוגע צו מיר און איך טאר דערפון ניט וויסען. איך האב דער באבען א צופ געטהאן פאר'ן ארבעל און געזאגט אונגעדולדיג.

— דערצעהל!

די באבע האט בעמערקט מיין צורייצטקייט און זי האט ארויפגעלעגט איהר צארטע האנט צו מיר אויפ'ן קאפ און גענומען מיך גלעטען, וואס האט מיך אביסעל בערוהיגט.

— וואס איז דא פארהאן צו דערצעהלען?... דו ווילסט נאר אז אפעלסין?

— ניין, דערצעהל בעסער.

— גוט, איך וועל דיר דערצעהלען. ס'איז געווען אמאָל...

— ניט אזוי, איך וויל ניט אזוי, האָב איך זיך אנגעהויבען צו וואַרפען. מיר האָט עפּעס געדוכט, אז זי וויל מיר פּעררערען און הויבט אָן איהר ערצעהלונג ניט ווי מען דאַרף.

— שאַ, שאַ! האָט זי מיר ווייטער גענומען בערוהיגען און גלעטען איבער'ן קאָפּ, איך וועל דיר דערצעהלען אנדערס:

— שרה'לע איז אמאָל געווען צוגאַסט אין א שטעדטעל ביי א שוועגעריןֿ, די שוועגערין איז געווען אין א גוטען מעמד, שרה'לע האָט דעמאָלט אויך געהאַט א פיינעם קאַפּיטאַל. ס'איז געווען ניט לאַנג נאָך איהר מאַנ'ס טויטט. דער מאַן איז איהר געשטאָרבען 4 יאָהר נאָך דער חתונה און האָט איהר איבערגעלאָזט א פיינעם געשעפט. ער האָט געהאַנדעלט מיט פּרייסען, ער איז געווען א סוחר פון תבואה. און זי האָט דאָס געשעפט גאַנץ פיין געטריבען נאָך זיין טויטט. זי איז א בריה א ווייבעל און ווען ניט דאָס אונ־גליק....

די באָבע איז א ווייל־ע געבליבען שטעהן, נאָר באַלד האָט זי פאָרטגעזעצט:

— אז עס איז בעשערט אן אונגליק, וועסטו עס ניט אויס־מיידען. האָט שרה'לע געראַפּט פאָהרען אין א פינסטערע, האַלב פערוויילדעטע שטעדטעל, פרעג פאַר וואָס? פאַר ווען? אַ פיינעם פערגניגען איז זי געפאָהרען זוכען אין אזעלכע ערטער! מען וואָלט מיר אָפּגעשאַטען מיט גאָלד, וואָלט איך אהין ניט פער־שמעקט! נו, איז זי געפאָהרען צו איהרע א שוועגערין צו גאַסט. די שוועגערין האָט געהאַט א געשעפט, דאַכט זיך, מיט... נאָר וואָס איז די נפקא מינה איך געדענק ניט ריכטיג. איבריגענס, מיר האָט דאָס וועניג אינטערעסירט, דער עיקר איז אז דעם זעלביגען גע־שעפט האָט דאָרט אויך געהאַט דער ראש הקהל.

— ווער? האָב איך איבערגעפרעגט.

— דער ראש הקהל.

— וואָס איז דאָס אזוינער?

— ראש הקהל — דאָס איז, ראש הקהל — דאָס איז, ווי זאָל

איך דיר זאגען, אזוי ווי א איספראווניק, למשל, אין א שטעדטעל, נאר ער איז דער רעה זאגער מעהר ניט ווי צווישען אידען.

דער ענטפער איז פאר מיר געווען גענוג און איך האב זיך פארגעשטעלט אז א ראש הקהל דארף האבען א רויטע נאז מיט א רויטען אקאלישאק ארום היטעל.

— אזוי ווי זיי האבען געהאט איין געשעפט זיינען זיי געווען שונאים. אין א גרויסער שטאדט, האט מיר די באבע ערקלערט, איז גאר ניט, עטליכע קענען האבען די זעלבינע געשעפטען און אפילו איינעם דעם צווייטען ניט קענען; אין א קליין שטעדטעל אבער איז גאר אנדערש.ביידע פאמיליעס זיינען געווען ווי אויף מעסערס. שרה'לעס שווענגערין האט געהאט א בן יחיד, דאס הייסט געהאט האט זי צוויי זיהן, נאר איינער איז ערגעץ פערפאלען גע־ווארען אין אויסלאנד און דער צווייטער, וואס איז געבליבען אין שטוב, איז דערוועיל געווען א בן יחיד. נאר אז מען וויל זיך טשעפען איז דא א פריטשעפקע פארהאן. אויף מארגען נאך שרה'לעס קומען האט מען אויף איהר שווענגערינס שטוב געמאכט אן אב־לאווע. ס'איז געווען אין מיטען העלען טאג, אין שטוב האבען זיך אריינגעריסען די כאפערס.

— ווער זיינען זיי אזעלכע? האב איך געפרעגט.

— זאלסטו בעסער פון זיי ניט וויסען, מיין קינד, האט די באבע געענטפערט און פארטגעזעצט ווייטער. — האבען זיך אין שטוב אריינגעריסען די כאפערס. דאס איז געווען ניט דאס ערשטע מאל, שטענדיג זיינען זיי אוועק מיט לעדיגען. נאר הייגטינס מאל האבען זיי געפונען דעם זוהן ביים טיש. נאכ'ן אוננליק בין איך מיט שרה'לעס מוטער געפאהרען אהין און מען האט אונז דערצעהלט אלע איינצעלהייטען. זיי האבען דעם זוהן גלייך א נעהם געטהאן. די מוטער האט נאר ארויסגעלאזט א ווילדען גע־שריי און איז געבליבען זיצען ווי א פערשטיינערטע, מיט אפגע־נומענע הענט און פיס. שרה'לע האט אפילו קיין צייט געהאט צו כאפען זיך קלאר, וואס דארטען איז פארגעקומען, די דיענסט האט אויסגעשריען און מיט'ן פינגער בעוויזען צום דרויסען:

— אט שטעהט ער, דער גזלן!

ניט ווייט פון שטוב איז געשטאַנען דער ראש הקהל אַליין. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך אויף די כאַפּערס ניט פאַרלאָזט און האָט השגחה געגעבען פון דערווייטענס, אַז די אַבלאַווע זאָל צוגעהן ראַיעל. שרה'לע האָט אויף דער דיענסט'ס טייטלען מיט'ן פינגער אַרויסגעקוקט פון פענסטער און דערזעהן אַ הויכען מאַן מיט אַ שטעקען אין האַנט.

די באָבע האָט אָנגעהויבען איהר ערצעהלונג אָהן חשק, זי האָט נאָר נאָכגעגעבען מיינעם אַ קאַפּריז, נאָר וואָס ווייטער האָט זי זיך אַלץ מעהר אַליין אַריינגעצויגען אין דעם און גענומען איבערגעבען מיט מעהר דעטאַלען.

— עס איז געווען אַן אַרכייט פון איין הרף עין. אין איין הרף עין האָבען די כאַפּערס אַרויסגעשלעפּט דעם זוהן פון שטוב און געהאַלטען איהם אין זייערע אייזערנע לאַפּעס.

שרה'לע איז די ערשטע געקומען צו זיך און האָט בעגריפען דאָס גרויס אונגליק, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. זי האָט אַ שפּרונג געטהאָן פון איהר אָרט און געלאָזט זיך יאָגען נאָך די כאַפּערס. דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ איז ביי איהר געווען לויז פאַרבונדען און פון לויפען האָט זיך דאָס טיכעל אַראָפּגערוקט און די האָר זיינען איהר צופאַלען איבער'ן געזיכט, איבער די אַקסלען, איבער'ן רוקען. אין יענעם פינסטערען שטעדטעל איז געהן מיט אייגענע האָר אַ גרויסע עבירה, דאַרטען גאַלען אַפּ ווייבלאַך די קעפּ גלייך נאָך דער חתונה און מען קען פאַר אַזאַ זאַך פאַרשטיינען. זי האָט די כאַפּערס אָנגעיאָגט און גענומען פון זיי רייסען דער שוועגערינס זוהן. נאָר וואָס האָט געקענט טהאָן אַ שוואַכע פרויענצימער געגען אַ באַנדע כאַפּערס? זי האָט געזעהן, אַז זי קען מיט זיי גאָר ניט מאַכען, איז זי פון זיי אָפּגעטראָטען און האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויפ'ן הויכען אידען מיט'ן שטעקען, אויף דעם וואָס די דיענסט האָט אָנגעוויזען אַלס אויפ'ן גזלן.

זי איז איהם נאָכגעגאַנגען און געריסען ביי זיין קאַפּאָטע און געזידעלט איהם און געשאָלטען איהם, און געטענה'ט צו איהם, נאָר ער איז געווען טויב ווי די וואַנט און האָט זיך אַפילו ניט אומ־געקוקט. ער האָט זיך נאָר געסטאַרעט אַרויסרייסען זיך פון איהר.

ווי עס ווייזט אויס, איז איהם געווען מיאוס, וואס א ווייבעל רייסט איהם אין גאס. ער איז צו אזא זאך ניט געווען געוואוינט. די גאנצע שטערטעל פאלט פאר איהם כורעים און ציטערט פאר זיין רוד. ענדליך האט ער זיך ווי דערמאנט, איז אויף א רגע געבליבען שטעהן, האט זיך אומגעקוקט א הינטער צו די כאפערס און א קאַ־כאנרע געטהאן:

— נעהמט איהר צו, די חצופה אין די איינענע האר!

און איירער ווער פון זיי האט זיך א ריהר געטהאן, איז זי אויף איהם א שפרונג געטהאן און מיט בײדע הענט ארייננעפאלען אין זיין בארד.

דאס גאנצע שטערטעל איז זיך צונויפגעלאפען און צוגעקוקט זיך צום געשלעג פון אן אונבעקאנטער פרויענצימער מיט'ן ראש הקהל און די גאנצע באנדע כאפערס. און עס האט גענומען א היב־שע צייט, ביז מען האט איהרע הענט מיט הויפענס האר אפגערי־סען פון זיין בארד.

— וואס קוקט איהר, באלוואנעס? האט ער א געשריי געטהאן צו די כאפערס — שמייסט!

דער באבעס געזיכט האט זיך אנגעגאסען מיט בלוט. איהרע אויגען האבען געשפריצט מיט פונקען און זי האט דעמאלט אויס־געזעהן ניט עלטער פאר מיין מאמען. איך האב זיך צוואויינט.

ש־שא! ש־שא! האט די באבע מיך צוגעטוליעט צום בוזים און גענומען מיך איינשטילען און אויסווישען די טרערען פון מיינע אויגען. איהרע אויגען זיינען געווארען רוהיגער.

איך האב א לאנגע צייט ביטער געוויינט און מורא געהאט צו פרעגען ווייטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס איך בין געווען א קינד, האב איך פערשטאנען, זואס דער סוף איז געווען, נאר כל זמן די באבע האט ניט ארויסגערעדט האט נאך אין מיר גע־קלאפט א פונק פון האפנונג, אז דער בעפעהל איז ניט ערפילט געווארען.

— נו! האב איך ענדליך געפרעגט, און מיין קול האט א ציטער געטהאן.

— און זיי האבען איהר געשמיסען...

ביז איצט איז מיין האַרץ געווען פול מיט רחמנות צו דער אומגליקליכער מוהמען, נאָר ווי די באָבע האָט אַרויסגערעדט דאָס לעצטע וואָרט, האָבען זיך מיינע טרערען אויסגעשעפּט, און מיין האַרץ איז פול געוואָרען מיט האַס צו יענעם הויכען מאַן, וואָס האָט געגעבען דאָס בעפעהל.

— זיי האָבען איהר געשמיסען, געשמיסען פאַר'ן גאַנצען שטעדטעל אין די אויגען... מען האָט איהר קוים אַ לעבעדיגע אויפ־געהויבען פון דער ערד... זעקס וואָכען איז זי אָפּגעלעגען... זי איז משוגע געוואָרען פאַר חרפּה... זי איז אויף די ווענט געקראָכען... זי האָט די שטוב אויפגעריסען מיט איהרע קולות... איך האָב איהר געטראָפען אין בעט... זי האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדען... איהרע איינציגע ווערטער זיינען געווען: „מען האָט מיר געשמי־סען!“ „איך דאַרף ניט לעבען!“ „לאָזט מיר מאַכען אַ סוף מיט זיך!“... מען האָט פון איהר קיין אויג ניט אַראָפּגענומען... מען האָט איהר געהיט סיי טאָג און סיי נאַכט... נעבאַך! וואָס פון איהר איז געוואָרען?...

די באָבע האָט איצט געהערט אָהן חשק. די ווערטער זיינען אַרויס געקומען אָפּגעריסען.

מיר זיינען געזעסען ביידע שטיל אַ היבשע ווײַלע.

— זי האָט אָוועקגעוואָרפען דאָס געשעפט, האָט געמאַכט פון אַלץ אַ תל, אַ קײלעכדיג יאָהר איז זי פון שטוב ניט אַרויסגע־גאַנגען. זי האָט זיך געשעמט צו ווייזען אויף דער גאַס. דערנאָך איז זי ביסלעכווייז געוואוינט געוואָרען צו דער שאַנד און האָט גענומען זוכען פּלענער, ווי נוקם צו זיין זיך אָן דעם... אָן דעם מענשען, וואָס האָט איהר שלעכטס געטהאָן, און עד היום איז זי מיט די פּלענער נאָך ניט פאַרטיג. עס געהט ניט אַוועק אַ יאָהר צייט, אַז זי זאָל ניט אויסגראָבען עטליכע דיעלעס געגען איהם. זי גראָבט זיי אויס פון אונטער דער ערד און געפינט זיי. איהר איז ניט שווער צו געהן צעהנדליגע מיילען צופוס און אויסזוכען אַלע יענע, וועמען ער האָט אַמאָל געטהאָן שלעכטס, דערגעהן אין וואָס איז בעשטאַנען דאָס שלעכטס און פערציהען וועגען דעם אַ דיעלע. עס געהט ניט אַוועק אַ חדש אָדער צוויי חדשים צייט, וואָס אַ

נייער טשינאווניס זאָל ניט אראָפּקומען מאַכען אַ סלעדסטווע. נאַר וואָס ווערט דערפון? נאַר ניט. ער פערשיט אומעטום מיט געלט... אַ ליבע דאָס וואָס זי לאָזט איהם דערווייל ניט רוהען...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך די באָבע פערכאַפּט. עס איז געוועזן סענטיג, אַז זי קלערט, אויב ניט לאָזען רוהען איז אַ גענו־גענדע נקמה פאַר די אַלע צרות וואָס יענער מענש האָט אנגעטהאַן איהר פלימעניצע. זי איז פון דער נקמה געוועזן אונצופריעדען, און איך בין איהר געוועזן דאַנקבאַר דערפאַר.

— וואָס איז די מעשה? האָט די מאַמע געפרעגט, אומ־סעהרענדיג זיך פון די מאַגאַזינען און דערזעהענדיג מיינע פער־וויינטע אויגען. וואָס איז ער עפּעס פערוויינט?

— נאַר ניט, נאַר ניט, האָט די באָבע געענטפערט אונצו־פריעדען.

— נאַ — איך ווערל דיך שוין ווייטער אין געסט ניט פיהרען...

— ער איז ניט שולדיג, איך בין שולדיג האָט די באָבע איהר איבערגעריסען אין מיטען.

עס האָט אנגעהויבען צו ווערען פינסטערלאַך און מיר זיינען באַלד געפאָהרען אהיים.

4.

אַ פּאָר יאָהר זיינען פערשוואונדען. פון צייט צו צייט האָבען צו אונז דערגרייכט ידיעות פון אַ נייע ריעלע, אַ נייע סלעדסטווע און זי אליין האָט זיך די גאַנצע צייט ניט געוויזען. איינמאָל האָב איך דערהערט, עפּענענדיג די טהיר פון עס־צימער, ווי דער טאַטע האָט געזאָגט צו דער מאַמען: „היינטיגס מאָל שמעקט מיט טור־מע" און גלייך ביי מיין בעוויזען זיך דאָס געשפּרעך איבערגע־האַקט.

איך האָב ניט געוואוסט ווענען וועמען דאָס רעדט זיך, און מיר האָט פעראינטערעסירט דאָס, וואָס מען היט זיך פאַר מיר: געוועהנליך, איז אין שטוב ניט געוועזן קיין סודות פאַר מיר. פון נאָך אַ פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב געכאַפּט אַ צווייטען מאָל האָב איך פערשטאַנען אַז דאָס רעדט זיך ווענען דער מוהמען. אויך

האָב איך פאַרשטאַנען, אַז הײַנטיקס מאָל איז די זאַך זעהר ערנסט, גאָר פאַר וואָס איז דער פאָטער געווען אַזוי צוטראָגען און יאָכנע אַזוי בײַז האָב איך ניט געקענט בעגרײַפען.

אין עטליכע טעג אַרום, ווי דאָס סוד'ען זיך האָט זיך אָנגע־הויבען אין שטוב, איז צו אונז צוגעפאָהרען אַ פוהר, און אונבע־קאַנטער אידעל איז אַרויסגעקראָכען פון פוהר און האָט אַרײַנגע־טראָגען אַ בריעף. דער אינהאַלט פון בריעף איז גלײַך בעקאַנט געוואָרען איבער'ן גאַנצען הויף. דער שליח איז געקומען אָנזאָ־גען, אַז דער זיידע איז געשטאָרבען.

— איז ער קראַנק געווען ? האָט די מוטער געפרעגט דעם שליח.

נעכטען איז ער געווען פריש און געזונט. מעריב האָט ער נאָך נעכטען געדאַווענט אין בית המדרש. די רופאים זאָגען, אַז ער איז געשטאָרבען פון אַ פּאַפּלעקציע, רחמנא יצילנו, האָט דער שליח געענטפערט.

און כאָטשע קיינער אין אונזער הויז האָט דעם זיידען ניט געליעבט, האָט זיך איבער'ן גאַנצען הויז פערשפּרייט אַ טרויער. דער פאָטער האָט זיך געזעצט שבעה.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז צו אונזער הויז צוגעפאָהרען אַ צווייטע פוהרל און פון דאָרט איז אַרויסגעשפּרונגען די מוהמע.

אַלע האָבען געעפענט די מײַלער בײַ איהר ערשײַנען. זי האָט גלײַך אָנגעהויבען צו רעדען.

— איהר האָט שוין געהערט די בשורה ? האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ ווילדען געלעכטערל. ער איז געשטאָרבען. ווי געפעלט אײַך אַזאַ מעשה ! אַ לעבען נאָכגעיאָגט זיך נאָך איהם, אַ לעבען געזוכט איהם צו כאַפּען און ניט געקענט אַ פינגער אַרויפלעגען אויף איהם — ערשט ווען ער פאַלט מיר אַרײַן אין די הענט און איך קען זיך אָנזעטיגען מיט נקמה פון איהם — נעמט ער און שטאַרבט גאָר. זאָגט, וואו איז דאָ יושר און וואו איז דאָ משפּט ? ע־ער שטאַרבט אָהן כאַלאַנעס, אָהן קרײַנקען, אָהן יסורים, פּראָסט גענומען און געשטאָרבען ! איז דאָס אַ באַצאָהלונג פאַר איהם ? און פון מײַנע הענט אַרויסרײַסען ! האָב איך זיך אַליין מיט איהם

ניט געקענט רעכענען? צו וואס האט זיך דא גאט אריינגעמישט? הא־חא־חא! א טויט האט ער אויף איהם געשיקט איצטער! איצ־טער ווען איך האב איהם שוין געהאט אין מיינע הענט, איצט, יוען איך האב איהם געקענט שענקען א פאר אייזערנע בראסלע־טען!... חא, חא, חא!

— שרה, וואס איז מיט דיר? האט די מוטער איהר געפרעגט בלייך ווי לייוואנד.

דער פאטער איז גלייך ביי איהר ערשיינען אויפגעשפרונגען פון זיין ארט און צוגעשפארט זיך צו א ווינקעל. עס האט מיר דעמאלט אויסגעדוכט, אז ער האט מורא זי זאל איהם ניט איינ־שלינגען.

מיר איז דא גלייך קלאר געווארען די גאנצע מעשה. ווי א בליץ איז מיר דורכגעלאפען א געדאנק: „איז ער — מיין זיידע?" „געווים ער און דעריבער האט מען זיך פון דיר בעהאלטען".

איך האב איהר מיטגעפיהלט און א קוק געטהאן אויף איהר מיט רחמנות: איהר געזיכט האט געברענט און די אויגען זיינען געווען פייער, נאר שרעקליכער פאר אלץ איז געווען איהר שמיי־כעלע, דארטען איז געווען אזוי פיעל שנאה, נקמה אז איך צווייפעל ניט, דאס אויב דעם זיידענס קערפער וואלט זיך אין יענע ווײלע געפונען פאר איהרע אויגען וואלט זי איהם מיט די נעגעל געריסען, מיט די ציינער געביסען און מיט די פיס געטראטען.

— דו פרעגסט, וואס? האט זי געענטפערט דער מאמען מיט'ן זעלבינען שמייכעלע, כדאי געווען, ווי זאגסטו, אפצולעבען אזא פינסטערען לעבען, וואס איז? צו זעהן איהם, ווי ער שטארבט ביי זיך אין דער היים פון א פאפלעקסיע, אזא גרינגען טוידט — כדאי, הא, געווען?

— בערוהיג זיך, שרה, זעץ זיך אנידער.

— נאר זי האט זיך ניט בערוהיגט, ניט געזעצט און גערעדט פאר פייער און פאר וואסער, ביז זי איז צוריק אוועקגעפאהרען.

* * *

פון דעם זיידענס טוידט אן האב איך איהר ניט געזעהן ביי א יאהר צייט. אמאל דאס איז געווען אין א שענעם זומער־טאג

איז צו אונז צוגעפאָהרען אַ פוהר און פיל און שווער איז פון דאָרטען אַרויסגעקראָכען אַ פּרויענצימער.

ווען זי איז אריין אין שטוב, איז איהר ניט געווען צו דער־קענען, דאָס איז געווען די מוהמע שרה, נאָר ווי פערענדערט איז זי געוואָרען! איבער'ן שטערן האָבען זיך אויסגעלייגט טיעפע קנייטשען, די באַקען איינגעפאַלען און אונטער די אויגען גאַנצע קישעלאַך. אין דעם יאָהר איז זי עלטער געוואָרען אויף וועלכע צעהן, פופצעהן יאָהר. די אויגען האָבען פערלאָרען זייער פייער און שיין. עס איז געווען צו לייענען אויף איהר געזיכט, אַז זי האָט פערלאָרען אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט אין דער וועלט.

— וואו פאַהרסטו איצט? האָט די מאַמע איהר געפרעגט.

— דו האָסט שוין מסתמא געהערט פון דעם אונגליק, וואָס האָט געטראָפען מיין לעאָנען? ער איז אין פעטראָפּאַוולאָווסק און מען לאָזט קיינעם צו איהם ניט צו. איך פאָהר צו זיין ווייב, וואָס ווערט זי נעבאַך טהאָן אַליין? דאָס האָט ער נעבאַך געליטען צוליעב מיר. דאָס האָט מיך גאָט געשטראָפט, פאַר וואָס איך האָב גע־וואָלט זיך בריה'ן, נעהמען די נקמה אין מיינע הענט. אַז גאָט האָט זיך גערעכענט, האָב איך געזאָגט: ניט גוט. איצט האָב איך אַ בעצאָהלונג, איצט וועל איך שוין זיין צופריעדען...

איהר קול האָט זיך אויך געענדערט, פריהער אַ זיסער, אַ שטייפער, איצט איז ער געוואָרען אַנגעבראָכען און האָט געשניטען ביים האַרצען.

